

ירושלים　　　　די מנורה קעגן איבער דער כנסת

# JERUSHALAIMER ALMANACH
YIDDISH WRITERS GROUP
IN JERUSALEM

רעדאַקטאָר: **יוסף קערלער**

מיטרעדאַקטאָרן: **דוד ספאַרד, אפרים שעדלעצקי**

רעדאַקציע-סעקרעטאַר: **מאיר חרץ**

אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון ירושלימער שטאָט־-פאַרוואַלטונג
(קולטור־דעפּאַרטאַמענט) און משרד הקליטה.



נדפס בישראל 1978

בדפוס צור־אות, ירושלים

# אינהאַלט:

## מזמור שיר לירושלים



## חורבן און גבורה



## קיום

## פאַרקריצט אין זכרון...



## שרייבער און ווערק



**אילוסטראַציעס**: די מנורה קעגן איבער דער כנסת (פאָטאָ) ז. 2. מגדל דוד (פאָטאָ) זייט 13. מאיר אַפּלבאָום — איינזאַמקייט (צייכענונג) ז. 14. זינאָווי טאָלקאַטשאָוו — טרעבלינקע (גואַש) ז. 69. שלום (פאָטאָ) זייט 89.

# אונזער שיר לירושלים...

## ירושלים

משהן און חנה גוראַרי געווידמעט

הינטער פינקלדיקע ליכטער, הינטער גאַס-לאַמטערנס,
דו ליגסט אין טונקל פון דער נאַכט פאַרשאָטנט און פאַרשטעלט — —
איך וואַרט אויף דיר, ווו זיינען דיינע לויכטנדיקע שטערן,
וואָס האָבן אין מיין קינדהייט מיר תנכישע געהעלט?

זאָל טאַקע זיין, אַז יענע שטערן פינקלדיקע, גרויסע,
האָב איך אַ מאָל אין חדר זיי אליין גאָר אויסגעטראַכט? — —
איצט שטיי איך אויף דער גאַס, אין דיין לאַמטערנדיקן דרויסן,
נאָר דו אליין ביזט גאָר נישטאָ, באַהאַלטסט זיך אין דער נאַכט.

קאָן זיין, נישט דו, נאָר איך האָב זיי, די שטערן, גאָר פאַרלאָרן,
דאָס האָב איך זיי גאָר, קאָן זיין, אין דער פרעמדער וועלט פאַרשפּילט,
נאָר פון מיין אויג דאָס זענען זיי איצט אָפּגעטאָן געוואָרן
און אויף אַן אמת שיינען זיי פאַרשטעלט פאַר מיר, פאַרהילט.

ס׳קאָן זיין, איך האָב פאַרלאָרן זיי דורך אַלע טעג און יאָרן
אויף פרעמדע ערדן, גייענדיק מיט בלאָנדזשענדיקן בליק,
און אויך איצט אויף דעם ראָג פון גאַס איך פרווו אין מיין זכרון
דערמאָנען זיך, אַרויסברענגנדיק דיין פּנים אויף צוריק.

איז וואַרט איך דאָ, נאָר דו אין נאַכט ליגסט שאָטנדיק צעשטאָפּלט,
דו לויפסט אַרויף, אַראָפּ, מיט שורות פינקלדיקן ליכט,
און איך ביים ראָג פון גאַס, איך שטיי און וואַרט אויף דיר.
— פאַרצאָפּלט
באַוויין, ירושלים, זיך, אַנטפּלעק מיר דיין געזיכט.

כ׳האָב זיך אָפּגעפרעמדט פון דיר דורך די יאָרן פּיין און מאַטער,
נאָר ערגעץ אין מיין דמיון האָסטו פאָרט ביי מיר געוואַכט,
איך האָב געטראַכט פון דיר אין מיינע אומרו-נעכט צעפלאַטערט,
געזען דיך אין עלעקטרע-בלענד פון אַ בראָדווייער נאַכט.

איצט שטיי איך דאָ, אַ ייד וואָס איז געקומען אויף אַ ווײַלע,
אַ ייד וואָס איז געקומען פון מרחקים ווי אַ גאַסט,
וואָס טראָגט דיך אין זיין זעונג אום אַן אַנדערע — של מעלה,
און זעט דיך אויף דער וואָר גאָר — — אַ וואָכעדיקע גאַס.

ס׳קאָן זיין, דו האָסט דיין פּנים איצט בכיוון גאָר באַהאַלטן,
ווייל איך בין נאָר אַ גאַסט, איז שטייסטו שאָטנדיק פאַרשטעלט,
נאָר דו, דו קוקסט מיר נאָך פון אַלע ווענט, פון אַלע שפּאַלטן,
דו קוקסט מיר נאָך מיט גאַסן-ליכטער וואָכעדיק צעהעלט.

איך ווייס, דו ווילסט אין גאַנצן מיך, מיין גאַנצן לייב און לעבן,
און איך בין נאָר אַ גאַסט, וואָס קומט און גייט דאָ באַלד אַוועק,
איז מיידסטו אויס מיך, גייסט פאַרביי מיר נישט אַנטפּלעקט, דערנעבן,
און לאָזט מיך שטיין דאָ אויפן ראָג, פאַרבלאָנדזשעט אויף מיין וועג.

און איך, איך שטיי און וואַרט מיט שטומען בענקנדיקן טרויער,
אַז דורך דעם רויש פון אָוונט-גאַס מיט פינקלדיקן סוד
וועסטו צו מיר אַרויסגיין פאָרט פון שאָטנדיקן לויער
אַריבער וואָר, דו אייביקע של-מעלהדיקע שטאָט.

פאַרטאָג ביסטו אַרויס צו מיר, כאָטש אַלץ נאָך נישט די זעלבע,
דו האָסט פון נאַכט זיך אויסגעשיילט, זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף,
אַרויסגעטויכט פון שאָטן-קנויל מיט דעכלער רויטע, געלבע,
מיט וואָלקנדלער פאַרגעסענע פון נאַכט, ווי סטאַדעס שאָף.

מיט ווענט פון שטיין געפורעמטע, מיט פענצטער שמאָל געשניטן,
מיט נייע ווענט, נאָר ווי די זיקנה וואָלט זיי שוין געהיט,
ווי ס׳וואָלטן אַלטע דורות שוין זיך איבער זיי געמיטן,
ווי ס׳וואָלטן טויזנטיעריקייטן אויף די ווענט געקניט.

זי שאַרט אַרויס די שטאָט זיך מיט די טורעמס און קופּאָלן,
מיט ערשטער זון, נאָר זייטיק נאָך, אין בלויקייטן פאַרהילט,
און איך דערזע זי נישט ווי איצט, נאָר ווי אַמאָל, געמאָלן
ביי מיר נאָך, אין מיין שטעטל אויף אַ גרויער וואַנט — — אַ בילד.

עס טויכט אַרויס פון געסל דאָרט די קרומע שטוב ביים שכן,
אַ קאַמער אַ פאַרטונקלטע מיט שאָטנדיקע ווענט,
נאָר יום-טובדיק האָט אויפגעשיינט אַ וואַנט דאָרט אין דער וואָכן,
דאָס גאָלד-באַרעמטע בילד פון וואַנט האָט פאַרביק-העל געבלענדט.

דאָס איז געווען "ירושלים": איבער פלאַכע דעכער
אַ נידעריקער הימל איז געהאַנגען ווי פאַרשמעלט,
נאָר מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אויף דער גאָלד-ראַם ערגעץ העכער
האָט פלוצעם זיך די וואַנט, ווי מיט אַ ציטער-שיין צעהעלט.

פון רעכטער זייט פון בילד געקוקט האָט פון דעם סאַמע ווינקל
דער כותל מיט די שטיינער דורכגעגרויטע מאָכיק-אַלט,
און מיר האָט אַלץ געדאַכט זיך, אַז פון ראַם דער העלער פינקל
האָט גאָלדיקער צעליכטיקט און אויף דער וואַנט געשטראַלט.

אַזוי בין איך ביים בילד "ירושלים" דאַן געשטאַנען,
מיט פרומע אויגן קינדערשע פאַרגאַפט צו איר געווענדט.
איצט איז די שטוב נישטאָ שוין און דאָס בילד איז נישט פאַראַנען — —
דער "כותל" ליגט אין אַש דאָרטן ווי די שטוב פאַרברענט.

און איך שטיי דאָ, עס שטייגט צו מיר פון ווייטנס דויד'ס טורעם,
ער צייכנט מיט זיין שטאָלצער הייך די אייביקייט פון שטאָט.
און איך שטיי דאָ אַ מידער ייד נאָך טעג פון בלוט און שטורעם
און זוך נאָך אַלץ דיין פנים, וואָס באַהאַלט זיך אויס מיט סוד.

אָקטאָבער 1977

**יוסף רובינשטיין** ז"ל

## דיין שירה און דיין זמר

ירושלים,
שטאָט פון אייביקער קדושה,
דיין פליסטער מאָנט:
— זון, קום אַהער!...
כ׳האָב דערהערט און גענענט —
אין יעדן טראָפּן טוי
מיינס אַ טרער.
דיין ניגונדיקער פליסטער
אין בין השמשות,
ווען גאָלדיק-רויט גליט דיין כתר,
אַ בענקשאַפט-זמר
ווי מיין טאַטנס זמירות
אין שבתדיקן בית המדרש
צווישן שאָטנס, וואָס וואַקסן גרעסער.
איך בין
פאַרווישטער טראָט פון אור-זיידעס,
די פאַסטעכער פון לעמער,
זיידעס חצותדיקער ליכטל-שיין,
דיין שירה און דיין זמר,
איך בין המשך
אין דיין צעליכטיקטן געוויין.
באַליכטיקסט מיט אַ שמייכל שטילן,
מיט מוטערס קוש
פאַר אַ זונס צוריקקער
פון אויסער דיינע גבולן.
טוליען זיך צו דעם קוש
מיינע זיידעס לשנה הבאהס,
מיין טאַטנס
קלינגנדיקע הללויהס.
איך — דער צאַפּל פון ווינטס געוויי
פון מדבר-זאַמדן אַנגעפּלויגן,
איך — מיין מאַמעס פאַרטרערט שוואַרצאַפּל

איבערן קרבן-מנחה סידור
איבערגעבויגן.
איך — עקשנותדיקער זיידע,
איך — אמונה פון מיין טאַטן,
די פשטות פון מיין מאַמען
פאַרבונדן
מיט אַ רגע הייליקייט צוזאַמען.

תל אביב סעפט. 1976

**י. מ. לעווין / מעלבורן**



ירושלים — פון אַ פאַרצייטיק בילד

## אויפן וועג . . .

די נאַכט אין היינט מיד, די נאַכט איז היינט טונקל-שוואַרץ,
זי איז היינט פאַרברענט דורך גליאיקע חמסינען.
כ׳פאָר צו דיר, ירושלים! מיט אַ ציטער אין האַרץ,
שטערן לויפן נאָך דעם קאַראַוואַן פון מאַשינען.

אַ מאָל אויף דעם וועג האָבן געוואַנדערט נביאים —
מיט שטראָפנדיקע רייד, מיט הערצער פון טרוימער,
לעגיאָנערן — אין שטאָל געקאָוועטע ברואים.
נאַכט האָט פאַרהילט — בלוטיקע טריט פון די רוימער.

עס קלאַפּט מיין האַרץ צום טאַקט פון מאַשין-מאָטאָרן,
רעיונות שפּאַנען קריק — מיילן-טריט דורך דורות.
אין לאַבירינטן פון בערג — איך זוך די שפּורן
פון גייסט — פון די העלדישע חברים בר-גיורא׳ס.

ירושלים, 6 סעפּטעמבער, 1952

* *
*

ירושלים, די שטאָט אויף בלויע בערג,
ירושלים, די שטאָט פון אייביקן זיין!
דאָ סודען זיך איבער באַרג מיט באַרג, שטיין מיט שטיין,
אַריבער זיי פּערלט זיך, פון דורות דאָס געוויין.

ירושלים: פון הר-הבית, כותל-מערבי,
פון צעקריגטע מלכים, פון אַלטע קברים,
ווו יידן וויינען — ווי קינדער — ביים זאָגן תפילות
און דער ווינט מישט זיי איבער די בלעטלעך פון ספרים.

ירושלים, שטאָט פון אייביקער עליה!
אַ שטאָט אויף קילע-בערג מיט הייסע דורשטיקע טאָלן,
איבער די טאָלן — פאַרבענקטע נאָך וואַסער —
שווייגן גרינע ביימער, ווי אויף בילדער געמאָלן . . .

ירושלים, פון דיין אייפעריק מאַמע-האַרץ,
ריזלען הייסע טרערן, וואָס שפּאַלטן קאַלטן שטיין —
פון מיין זיידנס טיפער בענקשאַפט נאָך גאולה!
שטיל, אַזוי שטיל, און ווי קוואַליק-וואַסער ריין.

ירושלים, 6.9.1952
בת-ים, פעברואַר 1959

**שמואל טאָפּ**



מגדל דוד

# שואה



מאיר אַפּלבאָום

איינזאַמקייט
מוזיי "יד ושם" ירושלים

# חורבן און גבורה

ד״ר יוסף קערמיש

## דער קאַמף פונעם געטאָ — אויף צוויי פראָנטן

מיטן אָפּגעפונען דעם צווייטן טייל פונעם אונטערערדישן אַרכיוו (רינגעל־בלום־אַרכיוו), זענען אַנטפּלעקט געוואָרן אַ ריי וויכטיקע דאָקומענטן מכוח דעם טיפן אויפטרייסל וואָס דאָס געטאָ האָט דורכגעמאַכט נאָך דער גרויסער פאַרניכ־טונגס־אַקציע זומער 1942 און וועגן דער טיפער פאַרענדערונג וואָס איז פאָרגע־קומען אין די שטימונגען פון די פאַרבליבענע יידן אין וואַרשע אין די לעצטע חדשים פונעם דאָזיקן יאָר.

אַ שאָד וואָס עד היום זענען נישט אָפּגעפונען געוואָרן די לעצטע טיילן פונעם געהיימען אַרכיוו, וועלכע זענען באַגראָבן געוואָרן ערב דעם אויסברוך פונעם אויפשטאַנד אויפן געביט פון בערשטער־שאָפּ. זיי אַנטהאַלטן מאַטעריאַל וועגן דער טעטיקייט פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1943, ביזן אויסברוך פון אַפּריל־אויפשטאַנד.

כדאי צו באַצייכענען, אַז ווען אויף דער ״אַרישער״ זייט איז באַקאַנט געוואָרן אַז די אויסגעזידלטע פון געטאָ ווערן געשיקט קיין טרעבלינקע, האָבן די פּאָליאַקן געלאָזט הערן שווערע טענות צו יידן. זיי האָבן זיי באַשולדיקט אין אחריות פאַר דעם און אין מאַנגל אין ווירדע. זיי האָבן זיך געקלאָגט: הלמאי האָט איר זיך נישט פאַרטיידיקט? פאַרוואָס זענט איר געגאַנגען ווי שאָף צו דער שחיטה? פאַרוואָס זענט איר נישט באַפאַלן די דייטשן ווען איר האָט געוווּסט, אַז איר גייט צום טויט? אַזעלכע און ענלעכע טענות [1].

בעת די פּלאָמיקע ויכוחים וואָס זענען פאָרגעקומען אויף דער אַרישער זייט זענען די טוערס פון דער יידישער אונטערערד געווען געצוווּנגען אויפצוקלערן, אַז ביי די באַדינגונגען פון רוצחישן טעראָר וואָס די נאַציס האָבן איינגעפירט אינעם געטאָ האָט קיין שום ציבור, אפילו דער צום מייסטן אויסגעאיבטער צו קאַמף, נישט געקענט אַנטפּלעקן קיין מאַסנהאַפטע אָרגאַניזירטע קעגנערשאַפט. אָט דער טעראָר, צוזאַמען מיט די כיטרע מאַנעווערן אָפּצונאַרן מצד דעם היטלערישן ״שלום־שטאַב״, האָבן געקענט גיך צעברעכן דעם רוקן פון יעדער געזעלשאַפט, מכל־שכן אַ ציבור וואָס האָט אין משך פון עטלעכע יאָר זיך געפונען אין באַדינ־גונגען פון אַ גרויסער תפיסה אָדער קאָנצענטראַציע־לאַגער. בעת די דיסקוסיעס

1 ע. רינגעלבלום — יידיש־פּוילישע באַציונגען אין דער תקופה פון צווייטן וועלטקריג, יד־ושם (ענגלישע איבערזעצונג), 1974, ז. 156—157.

פלעגן די יידישע אונטערערד־טוערס איבערגעבן די פּאַליאַקן אינפאָרמאַציע וועגן די צוגרייטונגען פון דער יידישער אונטערערד מיט דער צייט אַרויס אין קאַמף [2].

דער אמת איז, אַז אַ גרויסער טייל אחריות פאַרן מצב אין געטאָ בעת דער גרויסער אויסזידלונג אין די זומערדיקע חדשים יולי־סעפּטעמבער 1942, פאַלט אויף דער "אַרישער" זייט. אין משך פון לאַנגע חדשים האָבן די פאָרשטייער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט פאַרלאַנגט פון די פוילישע מלוכהשע פאַקטאָרן וואָפן פאַרן געטאָ. נאָך פיל לאַנגדויערנדיקע באַמיִונגען איז אָנגעקומען אַ ביסל געווער, אָבער אין אַזאַ אומבאַדייטנדיקן כמות און אין אַזאַ נישט־קוואַליטאַטיווער מאָס, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען אונטערצונעמען וועלכע נישט איז פאַר־טיידיקונגס־אַקציע. און נאָך — "אין משך פון די 44 טעג פון דער אַקציע — שטעלט פעסט ד"ר רינגעלבלום — האָט זיך נישט געהערט קיין שום שטים פון דער "אַרישער" זייט: אַ פולשטענדיק שווייגן האָט דאָרט געהערשט אין אָנגע־זיכט פון דער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר די אויגן פון הונדערטער טויזנטער פּאָליאַקן" [3].

די מלוכהשע פאַקטאָרן אין אונטערערד, וואָס האָבן אָן ספק געוווּסט וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די יידן אין לובלין, וועמענס רוב איז אַרויסגעפירט געוואָרן אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן אין מערץ 1942, און די ראָל פונעם לאַגער אין טרעב־לינקע, האָבן נישט געהאַלטן פאַר ריכטיק צו וואָרענען די יידישע באַפעלקערונג אַז דאָס וואָס הייסט "אויסזידלונג אויף מיזרח" איז נישט מער ווי מאַסן־מאָרד. מצד די אַ פאַקטאָרן איז נישט דערשינען קיין שום רוף צו פאַרטיידיקונג, האָט זיך נישט געהערט קיין שום וואָרט פון דערמוטיקונג, איז נישט געגעבן געוואָרן קיין שום צוזאָג אויף הילף, אפילו בלויז מאָראַלישע הילף.

"מיר שטעלן אַנטשלאָסן פעסט — שרייבט רינגעלבלום — אַז ווען די מאַסגיביקע פוילישע פאַקטאָרן וואָלטן געגעבן אַ מאָראַלישע דערמוטיקונג און געשטיצט מיט געווער וואָלטן די דייטשן געמוזט באַצאָלן פאַרן ים בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן אין יולי, אויגוסט און סעפּטעמבער 1942" [4].

דאָ איז כדאי צו באַמערקן, אַז בלויז די פוילישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי (פּע־פּע־עס) האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג (אין טייל פונעם געטאָ וואָס מען האָט גערופן "דאָס קליינע געטאָ"), אין וועלכן עס ווערט אויפגעקלערט דער אמתער זין פון דער "אויסזידלונג". אינעם אויפרוף ווערט געזאָגט, אַז 70 טויזנט וואַרשעווער יידן זענען שוין געטויט געוואָרן מיט גאַז אין טרעבלינקע און דעריבער דאַרף געשטעלט ווערן אַ ווידערשטאַנד [5].

ערשט נאָך דעם ווי אין געטאָ זענען צוריקגעקומען עטלעכע אַנטלאָפענע פון

2 ד"ר א. בערמאַן — מימי מחתרת, תל־אביב, המנורה 1971, ז. 99.
3 רינגעלבלום — דאָרט ז. 157–158.
4 דאָרט, ז. 161
5 דאָרט ז. 157–158.

טרעבלינקע האָבן יידן געעפנט די אויגן און האָבן פאַרשטאַנען וואָס עס באַטייטן די גירושים.

„די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע" וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן — ווי רינגעלבלום דריקט זיך אויס — אין אַ מאָמענט פון עקסטרעמער פּסיכישער צע־פאַלונג פון די וואַרשעווער יידן, האָט שוין אין אויגוסט 1942 אַרויסגעלאָזט עטלעכע אויפרופן וואָס האָבן אויפגעקלערט וואָס עס באַטייט טרעבלינקע און זיי האָבן גערופן צו ווידערשטאַנד. אָבער דער דייטשער טעראָר, די מידקייט צוליב די אומאויפהערלעכע בלאָקאַדעס, די פאַרצווייפלונג, רעזיגנאַציע און פּאַראַליז ביז משוגע ווערן ביי די ברייטע יידישע מאַסן האָט דערגרייכט אַזאַ פאַרנעם, אַז מען האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די נישט־קאָנטראָלירטע ידיעות פון טרעב־לינקע.

די אויפרופן פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע וואָס האָט גערופן צו פאַרטיידיקונג זענען דעמאָלט באַטראַכט געוואָרן ווי פּראָוואָקאַציעס מצד די דייטשן מיט דער כוונה גורם־צו־זיין פאַרטיידיקונגס־פּרוּוון וואָס זאָלן זיי געבן אַן אויס־רייד צו פאַרניכטן די פאַרבליבענע יידן אין וואַרשע. די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע וואָס האָט דעמאָלט נישט געהאַט קיין וואָפן און נישט באַוויזן צו געפונען אַן אַפּקלאַנג אויף דער יידישער גאַס, איז דעריבער געווען געענייט צו בלייבן טאַטלאָז און מיט אַ פאַרצווייפלט ווייטיקדיק האַרץ זען ווי עס ווערן אַרויסגעפירט צום טויט הונדערטער טויזנטער יידן [6].

ערשט אין דער צווייטער העלפט אויגוסט האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטפּלעקן די ערשטע סימנים פון אַ פּראַקטישער רעאַגירונג אויף אָט דער שחיטה. די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פירט דורך אַ ריי אונטערצונדונגען פון הייזער וואָס זענען אויסגעליידיקט געוואָרן פון זייערע יידישע איינוווינער (די שריפות האָבן זייער רעקאָרד דערגרייכט אין דער נאַכט פון 21טן אויגוסט 1942). אַ טאָג פריער (20סטער אויגוסט) איז געווען דער ערשטער שאָס מצד דער אָרגאַניזאַציע. ישראל קאַנאַל פון „עקיבא", איינער פון די ערשטע מיטגלידער אין דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און קאָמענדאַנט פון צענטראַלן געטאָ זינט אַפּריל 1943, האָט שווער פאַרוווּנדעט מיט צוויי שאָסן דעם קאָמענדאַנט פון דער „אָרדענונגסדינסט" יוזעף שערינסקי. דער אַטענטאַט אין אויגוסט 1942 אויפן אָפיציר פון דער אָרדענונגסדינסט שמערלינג, דער אויפזעער איבערן אומשלאַג־פּלאַץ מצד די דייטשן, איז נישט געלונגען (דער אַטענטאַט איז אויסגעפירט געוואָרן דורך דעם מיטגליד פון דער „דרור"־אָרגאַני־זאַציע חנוך גוטמאַן, אָבער ער האָט נישט געטראָפן) [7].

6 דאָרט ז. 160–161.

7 י. צוקערמאַן — די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע — איר אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג אינעם בוך פון מ. ניישטאַט, חורבן ומרד של יהודי ורשה. אַ. בערמאַן וועגן דער אונטערדישער באַוועגונג אין געטאָ וואַרשע אינעם דאָקומענטן־בוך „המרי והמרד בגיטו ורשה" באַאַרבעט פון נ. בלומענטאַל און י. קערמיש ירושלים יד ושם תשכ"ה ז. 61.

אין פיל קרייזן האָט מען מיט סאַטיספאַקציע דערציילט וועגן פאַלן פון אינדיווידועלן ווידערשטאַנד בעת די בלאָקאַדעס, ווי, למשל, דער פאַקט ווען דער געווו׳ טעאַטער־דירעקטאָר סעווערין מאודע האָט געוואָרפן אויף די דייטשן וואָס זענען געקומען אים נעמען אַ שווערן אַש־בעכער, געטראָפן איינעם פון די דייטשן אין קאָפּ און אַליין דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט [8].

די אַלגעמיינע רעאַגירונג, ווייטיק, טרויער און חשבון הנפש איז געקומען צום אויסדרוק ערשט צומאָרגנס נאָך דער "אַקציע". אַלע זענען געווען דורכגע־דרונגען מיט געפילן פון באַדויער און בושה צוליבן קאַפּיטולירן און נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד אפילו דער יידישער פּאָליציי, "פאַרוואָס איז עס אָנגעקומען אַזוי לייכט, אַזוי גלאַטיק דעם שונא. פאַרוואָס איז נישט געפאַלן קיין איין קרבן מצד די תלינים ?

אויף אָט דער פראַגע איז דער ענטפער געווען כמעט דער זעלבער, אַז "דאָס גיין צו דער שחיטה האָט נישט פאַרקלענערט דאָס אומגליק נאָר עס פאַרגרעסערט". "מען האָט געדאַרפט אַרויסגיין אין גאַס, אונטערצונדן אַלץ" מיט די ווערטער גיט רינגעלבלום איבער די שטימונג אין גאַס. "מען האָט באַדאַרפט אויפרייסן די מויערן און אַריבער אויף יענער זייט. די דייטשן וואָלטן דערפאַר גענומען נקמה עס וואָלט "געקאָסט צענטליקער טויזנטער קרבנות אָבער נישט קיין 300.000".

דער צער צוליבן פאַרלירן די נאָענטע און טייערע און די מוראדיקע זאָרג פאַר דעם וואָס עס דערוואַרט נאָך, האָט זיך אָנגעהויבן צוזאַמענגיסן מיט דער פעסטער שטרעבונג צו נקמה. דער רוב איז גרייט געווען איצט צו ווידערשטאַנד. צו אָט דער שטעלונג זענען מענטשן געקומען אויפן יסוד פון אַנאַליז פון מצב. "דער עולם וויל — פאַרצייכנט רינגעלבלום דעם 5טן דעצעמבער 1942 — דער שונא זאָל טייער באַצאָלן פאַרן לעבן. מען וועט זיך וואַרפן אויף אים מיט מעסערס, מיט קלעצער, מיט קוילן־זויער. מען וועט נישט דערלאָזן צו קיין בלאָקאַדעס, מען וועט זיך נישט לאָזן כאַפּן אין די גאַסן, ווייל מען ווייסט, שוין אַז יעדער אַרבעטס־לאַגער הייסט אין היינטיקע צייטן טויט... איצט מוז מען שטעלן אַ ווידערשטאַנד, קינד און קייט מוז זיך ווערן קעגן שונא" [9].

אין אַן אַטמאָספער פון אַזאַ שטימונג, אין אַנבליק פון אַזאַ גרייטקייט האָט איצט די יידישע אונטערערד געקענט אָנהייבן אַ טעטיקייט אין אַ ברייטן פאַרנעם. אין אַ גרויסער מאָס האָט דעמאָלט זיך פאַרפעסטיקט די קאָאָפּעראַציע צווישן די פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

פאַראַן ווייניק מקורות וואָס שילדערן די דאָזיקע צווישנצייט פון אָרגאַניזירן

8 בערמאַן, דאָרט ז. 59, פאַרגלייך "המרי והמרד". ז, 68.

9 עמנואל רינגעלבלום — כתבים פון געטאָ, באַנד 2, נאָטיצן און אָפּהאַנדלונגען וואַרשע, "יידיש בוך", 1963, ז. 27—28.

און אויסאיבן די באַזונדערע קאַמפּס־גרופּן. געווען אַזעלכע וואָס האָבן שוין פון לאַנג דורכגעמאַכט מיליטערישע איבונגען און איצט האָבן זיי דאָס פאַרגעזעצט. דאַ האַנדלט זיך קודם־כל אין די אייגהייטן פון השומר הצעיר, דרור, בית״ר, בונד, פּ.פּ.ר. קאָמוניסטן גרודוניה, פּועלי ציון, עקיבא, הנוער הציוני, א. א. די עלטערע מיטגלידער פון די קאַמפּס־גרופּן האָבן זיך געהאַט געאיבט נאָך ווען זיי האָבן זיך פאַר דער מלחמה באַטייליקט אין קורסן פאַר פיזישער צוגרייטונג; דאָס זענען פאַקטיש געווען קורסן פאַר זעלבסטפאַרטיידיקונג קעגן פּוילישע אַנטיסע־מיטישע כוליגאַנעס (אַזוי, למשל, איז אין די ווינטער־חדשים 1938/39 פאַרגעקומען אין זשעלאַנקע ביי וואַרשע אַ קורס פון החלוץ מיט דער באַטייליקונג פון 45 חברים וואָס האָט געדויערט 6 וואָכן און איז איבסטרואירט געוואָרן דורך מדריכים פון ארץ־ישראל).

אינעם צווייטן טייל פון רינגעלבלום־אַרכיוו האָבן זיך אויפגעהיט עטלעכע אויפרופן פון דער יידישער אונטערערד פון דעצעמבער 1942 און יאַנואַר 1943 וואָס האָבן דעמאַסקירט די רוצחים ״וואָס ווילן אויסניצן אונדזער אַרבעטס־קראַפט ביזן לעצטן טראָפּן בלוט און שווייס, ביזן לעצטן אָטעם״. זיי האָבן אויך אַנטפּלעקט די צילן פון די קלאַנגען און ידיעות וואָס דער שונא האָט פאַרשפּרייט דורך זיינע יידישע אַגענטן, ווי די קלאַנגען וועגן ״בריוו וואָס זענען כלומרשט געקומען פון די אַרויסגעשיקטע יידן פון וואַרשע אַז זיי געפינען זיך כלומרשט אין אַרבעטס־לאַגערן אין מינסק אָדער באַברויסק״. ״די בלוטיקע רוצחים — ווערט געזאָגט אין איינעם פון די אויפרופן פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון יאַנואַר 1943 — האָבן דערמיט אַ קלאָרע אויפגאַבע: צו באַרויקן די יידישע באַפעלקערונג כדי דער קומענדיקער גירוש זאָל דורכגעפירט ווערן אָן שוועריקייטן, מיט מיני־מאַלע כוחות, און אָן קרבנות מצד די דייטשן״; די יידן ווערן דעריבער גערופן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. קיין איין ייד זאָל נישט אַריין אין וואַגאָן; מענטשן וואָס האָבן נישט קיין מעגלעכקייט צו שטעלן אָן אַקטיוון ווידערשטאַנד זאָלן אַנווענדן פּאַסיוון ווידערשטאַנד, דאָס הייסט — זיי זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן״.

אין אַן אויפרוף (אָן אַ דאַטע, ווייזט אויס, פון דעצעמבער 1942) ״גרייט זיך צו מעשים, זייט גרייט״ פון ״יידישן מיליטערישן פאַרבאַנד״ געגריגדעט דורך בית״ר און די רעוויזיאָניסטן (אין דעם פאַרבאַנד זענען אויך געווען אומפּאַרטייאישע און מיטגלידער פון אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, דערונטער אויך קאָמוניסטן), ווערט בפירוש געזאָגט אַז ״נישטאָ קיין רעטונג אין דעם גיין צום טויט מיט גלייכגילט ווי שאָף צו דער שחיטה״. בלויז ״דער וואָס פאַרטיידיקט זיך דאָס לעבן האָט שאַנסן צו אַנטרינען! זאָל דער שונא באַצאָלן מיט זיין בלוט און פלייש פאַר יעדן יידישן לעבן און זאָל יעדעס הויז פאַרוואַנדלט ווערן אין אונדזערס אַ פעסטונג. דערוואַך פאָלק און קעמף פאַר דיין לעבן!״. אין אַן אַנדער אויפרוף וואָרנט די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע קיינער ״זאָל נישט וואַגן העלפן אַקטיוו אָדער פּאַסיוו דעם תלין אויסצוליפערן זיינע ברידער, פריינט, שכן, אַרבעטס־קאָלעגע. די נידער־

טרעכטיקע פאַרעטער וואָס העלפן דעם שונא װעלן אויסגעשפּיגן װערן מחוץ למחנה״.

נאָך איידער עס איז אַנטשטאַנען דער ״יידישער קאָאָרדיניר־קאָמיטעט״ (די פאַרשטייערשאַפט פון די באַוועגונגען און פּאַרטייען וואָס האָבן געבילדעט דעם אונטערערדישן יידישן נאַציאָנאַל־קאָמיטעט און די רעפּרעזענטאַנץ פון ״בונד״, געגרינדעט דעם 30סטן אָקטאָבער 1942) האָט די ״יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע״ באַשלאָסן אָפּצורייניקן דאָס געטאָ פונעם אינערלעכן שונא דורך ליקווידירן די פאַרדאָרבנסטע פאַרברעכערס וואָס האָבן זיך פאַרקויפט צו די דייטשן און דורך דעם אַנוואַרפן אַ מורא אויפן יודענראַט און געטאָ־פּאָליציי. דער טויט פון וויצע־קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי יעקב לייקין, דער דייטשער משרת און פאָלקס־פאַרעטער וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן דעם 29טן אָקטאָבער 1942 דורכן שומר אליהו ראַזשאַנסקי (אָלעק) — געהאָלפן אין דעם האָבן אים מאָרדעק גרובאַנס און מרגלית לאַנדאַו — איז געווען אַ וואָרענונג פאַר זיינע חברים אין דער ביי אָלעם פאַרהאַסטער פּאָליציי. דאָס זעלבע מיטן טויט־אורטייל אויף ישראל פירשט, דעם פאַרמיטלער צווישן דעם יודענראַט און דער געסטאַפּאָ, וואָס איז דורכגעפירט גע־וואָרן דורכן חבר פון ״דרור״ דוד שולמאַן (געהאָלפן אין דעם האָבן אים בערל ברוידאָ און שרה גראַנאַטשטיין).

אין אַן עפנטלעכער וואָרענונג פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון 30טן אָק־טאָבער, צוזאַמען נאָכן אַטענטאַט אויף לייקין, לייענען מיר: ״עס ווערט דערמיט געבראַכט צו דעם עפנטלעכן וויסן אַז נאָך דעם ווי די קאָמענדאַטור פון דער יידי־שער פּאָליציי, אירע אָפיצירן און פּאָליציאַנטן זענען אַוועקגעזעצט געוואָרן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, ווי עס איז מיטגעטיילט געוואָרן אין אַ מעלדונג פון 17טן אויגוסט — איז אויסגעפירט געוואָרן דער אורטייל אויף יעקב לייקין, וויצע־שעף פון דער יידישער פּאָליציי אין וואַרשע דעם 29טן אָקטאָבער, אַזייגער 6.10 אָוונט. ווייטערדיקע רעוואַנש־מיטלען וועלן אָנגענומען ווערן מיט דער גאַנצער האַרבקייט. אויך ווערט דערמיט באַקאַנט געמאַכט דער עפנטלעכקייט אַז אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זענען אַוועקגעזעצט געוואָרן: 1) דער יודענראַט אין וואַרשע מיט זיין פּרעזידיום פאַר קאָאָפּעראַציע מיטן אָקופּאַנט און העלפן די אויסזידלונ־גען, 2) די דירעקטאָרן פון די שאָפּן מיט זייערע באַאַמטע וואָס עקספּלאָאַטירן די אַרבעטער, 3) די אָנפירער פון די גרופּעס און באַאַמטע פון ״ווערקשוץ״ (שומרים פון די דייטשע אונטערנעמונגען) צוליב זייער אכזריותדיקער באַציונג צו די אַרבע־טער און ״אומלעגאַלער״ יידישער באַפעלקערונג. רעוואַנזש־שריט וועלן אָנגענומען ווערן מיט דער גאַנצער האַרבקייט״.

עס איז באַקאַנט אַז אין יאַנואַר 1943 (פאַר דער באַנייונג פון דער אַקציע) האָט די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע דורכגעפירט אַ ריי טעראָר־אַקציעס קעגן אַזעלכע וואָס זענען באַגאַנגען פאַרברעכנס קעגן דעם יידישן כלל. ווי אַ שטראָף האָט מען זיי באַגאָסן מיט זאַלץ־זויערס. די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט פּלאַנירט אַ גרויסן נקמה־

אַקט קעגן דער יידישער פּאָליצײַ אויפן 22טן יאַנואַר 1943, געווי צום האַלבן יאָר זינט דער גרויסער אַקציע זומער 1942 [10].

אַ דאַנק דעם טאָגבוך פונעם אונטערערדישן עסקן שמואל ווינטער [11] און אַנדערע יידישע און פּוילישע באַגלייבטע קוועלן קען מען פעסטשטעלן, אַז אַ נעץ געהיימע אַגענטן מצד דער געסטאַפּאָ איז געווען פאַרשפּרייט איבער די "שאָפּן" און בלויז לגבי אַ טייל פון זיי האָט די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע געהאַט גענויע ידיעות וועגן זייער טעטיקייט. דער רוב פון זיי האָבן באַוויזן צו פאַרמאַסקירן זייערע מעשים און בלויז אַ צופאַל איז געווען עלול זיי צו אַנטפּלעקן.

צו יענער צייט איז ווידער דערשינען אין געטאָ דער געסטאַפּאָ־אַגענט און שפּיאָן אברהם גאַנצווייך [12], וועלכער האָט אין זיינע רעפעראַטן פאַרלאַנגט די אַנטשטייונג פון אַ יידישער אַנטי־סאָוויעטישער ליגע. גאַנצווייך האָט געמאַכט יד־אחת מיט אַ גרופּע וואָס איז געשטאַנען אין דינסט פון דער געסטאַפּאָ און האָט זיך גערופן מיטן נאָמען "זשאַגיעוו" (פלאַם). דער אַגענט פון דער גרופּע פּאַלמאַ־וויטש האָט געפּרוּווט באַקומען ביי ווינטערן וואָס האָט געליפערט פאַר דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע עסן פאַר דער "קעמפּנדיקער" גרופּע מיטן נאָמען "טראַוּגוט" (מיטן דאָזיקן נאָמען האָבן זיך פאַרמאַסקירט די מיטגלידער פון "זשאַגיעוו"). צוזאַמען דערמיט האָבן די לייט פון גאַנצווייך פאַרשפּרייט אָפּטימיסטישע קלאַנגען בנוגע דעם גורל פון געטאָ.

אין געטאָ דערשיינען ווייטער אומלעגאַלע צייטונגען ווי אויך אונטער־ערדישע פלי־בלעטלעך (אין נאָוועמבער־דעצעמבער דערשיינט דער אָרגאַן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג "דער שטורם", לעצטער נומער דערשיינט אין אַפּריל 1943). אויך די גרופּע וואָס האָט געדינט דער געסטאַפּאָ האָט אַרויסגעלאָזט כלומרשט געהיימע בלעטער "פּ.אָ.ב." (גאַנצווייכס אָרגאַן) און "זשאַגיעוו" (פאַר־נומען זיך מיט אַרויסגעבן האָט דער געסטאַפּאָ־אַגענט פּאַלמאַוויטש).

ביי די "בערשטער" איז דערשינען אַ געהיימער ראַדיאָ־ביולעטין וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די יידן אין "שאָפּ". די ידיעות פון פראָנט זענען ווירק־לעך געווען פון אויסלענדישע קוועלן, אָבער די ידיעות וואָס באַלייכטן די געשעע־נישן אין געטאָ זענען געווען מאָדנע. דער "רעדאַקטאָר" האָט פאַרזיכערט אין זיינע ביולעטינען, אַז זיין סעקציע האָט באַוויזן אַריינדרינגען אין דער געסטאַפּאָ

10 הערש בערלינסקיס זכרונות אינעם דאָקומענטן־בוך "המרי והמרד", דאָרט ז. 133–134.

11 פונעם טאָגבוך פון שמואל ווינטער, דאָרט, ז, 184—193.

12 גאַנצווייך האָט אין געטאָ אויפגעשטעלט "אַ קאָנטראָל־סטאַציע קעגן שוואַרצן מאַרק און שפּעקולאַציע אינעם יידישן ווין־קוואַרטאַל אין וואַרשע" (יידן האָבן עס אָנגערופן דאָס "דרייצנטל" צוליבן זיץ־אָרט אויף לעשנאָ 13), וואָס האָט כלומרשט געצילט צו קעמפן קעגן פרייז־העכערונגען, שפּעקולאַציע אדגל. פאַקטיש איז דאָס געווען אַ פאַרמאַסקירטע עקספּאַזיטור פון דער געסטאַפּאָ. ער מיט זיינע מענטשן פלעגן אויס־פּרעסן געלט פון יידישע סוחרים, יידן וואָס פלעגן טראָגן דער געפאַר אַריינפירן סחורות אין געטאָ, ווי אויך אויספּרעסן געלט ביי משפחות כדי צו באַפרייען זייערע נאָענטע

עטלעכע יידן וואָס שפּילן דאָרט אַ טאָפּעלע ראָל, און אַזוי וועט דער "שאָפּ" זיין תמיד באַזאָרגט מיט ידיעות וועגן יעדער "אַקציע" וואָס די דייטשן פּלאַנירן. אַ דאַנק דער וואַכזאַמקייט פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז דורכגעפירט געוואָרן אַ געהיימע אויספאָרשונג, וואָס האָט פעסטגעשטעלט אַז דער "רעדאַקטאָר" פון די ביולעטינען אין בערשטער־"שאָפּ" איז דער אָנפירער פון אַ גרופּע געס־טאַפּאָ־אַגענטן און ער גייט זייער אָפּט אַרויס פון געטאָ. צוויי חלוצים האָבן אים דערשאָסן און געפונען ביי אים אַ געסטאַפּאָ־דאָקומענט און אַ גרויסע סומע געלט. נאָכן דורכפירן דעם טויט־אורטייל איז אויפן קערפּער צוגעשפּילעט געוואָרן אַ צעטל מיטן אויפשריפט: "פאַר פאַרראַט" [13].

די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט פּראָקלאַמירט אַ פאַרביסענעם קאַמף קעגן די פאַררעטערישע עלעמענטן וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן אָדער וואָס האָבן דורך זייער שפלות גורם־געווען אַ מאָראַלישע פאַרדאָרבנקייט אינעם געטאָ. אויף זיי איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ טויט־אורטייל און בלויז דאָס אַנטלויפן אויף דער אַרישער זייט האָט זיי געראַטעוועט פון די הענט פון די קעמפער. די גרעסטע אַקציע פון אָפּרוימען די יידישע אַגענטן וואָס האָבן געדינט דעם שונא, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט 15 פערזאָן, איז פאָרגעקומען דעם 21טן פעברואַר 1943 אַזייגער 16.45 אויף שוויענטאָיערסקי 38, ווו עס האָט זיך געפונען די לייטונג פון "הערעסאונטערקונפט" — אויפן שטח פון די בערשטער, ווו דורך מענטשן פון "יידישן מיליטערישן פאַרבאַנד" איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אַטענטאַט אויף לעאָן (לאַלעק) סקאָסאָווסקי, אַ זייער געפערלעכער געסטאַפּאָ־אַגענט, פּאַוועל וולאַדאַרסקי, עדעק וויינטרויב (געסטאַפּאָ־מענטש וואָס האָט אַנטפּלעקט און אויס־געליפערט די דייטשן יידישע בונקערס), אסתר מאַנגעל, לידיאַ ראַדזשייבקאַ (אַניע). סקאָסאָווסקי איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און די אַנדערע זענען דער־שאָסן געוואָרן אויף טויט. די אַטענטאַטער האָבן קיין פאַרלוסטן נישט געהאַט. די קעמפער האָבן גענומען ווי טראָפייען אַ רעוואָלווער פון טיפּ עף־ען 7.65 מיט זיבן קוילן וואָס האָט געהערט צו סקאָסאָווסקי.

צווישן צום טויט־פאַראורטיילטע מצד דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז אויך געווען דער אַלטער 75־יעריקער שרייבער ד"ר אַלפרעד נאָסיג, אַ פּאָ־ליטישער עסקן און באַקאַנטע פּערזענלעכקייט אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרע־נע, וואָס האָט מיטגעאַרבעט די מלחמה־יאָרן אין וואַרשע מיט די דייטשן און האָט זיי איבערגעגעבן ידיעות וועגן לעבן פון יידן אין געטאָ ,אין זיין טאַש האָט מען געפונען אַ באַריכט וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר דער געסטאַפּאָ וועגן דער

קרובים פון אַרעסט. כדי צו מאַסקירן דעם אמתן כאַראַקטער פון דער אינסטיטוציע האָט ער אויך אַנטוויקלט אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. א. ראָזנבערג "דאָס דרייצענטל", "בלעטער פאַר געשיכטע" ב' 5, העפט 1–2 (1952), ז. 38–39, ה' 3, ז"ז. 20–29.

13 מקורות צו דער געשיכטע פון אויפשטאַנד און ווידערשטאַנד אין געטאָ וואַרשע, דאָ־קומענטן־בוך, דאָרטן, ז. 3.

„אַקציע", אין וועלכן די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ רויבער־אָרגאַניזאַציע[14]. נאָסיג איז דערשאָסן געוואָרן אין זיין דירה אויף מוראַנאָווסקי 48 (דעם אורטייל האָבן אויסגעפירט די קעמפער פון „דרור": אברהם דרייער, פייוול שוואַרצשטיין און מאָטעק פינקלשטיין). אין פעברואַר זענען אויס־געפירט געוואָרן טויט־אורטיילן אויך קעגן דעם פּאָליציי־אָפיציר פירסטנבערג (דעם אַטענטאַט האָט דורכגעפירט די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע אויף דזשיקע) און קעגן אַ ריי געסטאַפּאָ־אַגענטן. אַ ריי טויט־אורטיילן זענען אויך אויסגעפירט געוואָרן נאָענט צום אויסברוך און בעתן אויפשטאַנד גופא. אין אַפּריל 1943 איז דערשאָסן געוואָרן איגנאַש פון „זשאַגיעוו". דעם 19טן אַפּריל, אין טאָג פון אויפ־שטאַנד־אויסברוך, האָט דער קאָמענדאַנט פון ראַיאָן פון די וואַרשטאַטן טעבעגס־וואַלף באַפוילן צו דערשיסן צוויי אַרעסטירטע וואָס זענען באַשולדיקט געוואָרן אין מיטאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ.

די אויסראָט־אַקציעס קעגן פאַררעטער און אַגענטן האָבן אויך אַרומגענומען די שומרים פון וואַרשטאַטן („ווערקשוץ") פון וועלכע די אַרבעטער האָבן געהאַט אויסצושטיין קלעפּ און רדיפות. אַזוי, למשל, איז דערשאָסן געוואָרן איינער פון די דייטשע ווערקשוץ־לייט מיטן נאָמען פּאָט.

אויף יעדן טויט אורטייל וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דורך דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פלעגט פאַרעפנטלעכט ווערן אַ ספּעציעלע עפנטלעכע מעלדונג. אויך דער „מיליטערישער פאַרבאַנד" האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן, ווי געזאָגט, פון אויס־פירן אַ ריי טויט־אורטיילן אויף אַזעלכע וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט געסטאַפּאָ (צוו. אַנד. איז דערהרגעט געוואָרן דער פּאָליציאַנט קאָסאָווסקי). צוליב אָט דער אַקציע האָבן די קעמפער באַקומען דעם נאָמען „די נקמה־בעמער".

אין משך פון אַ קורצער צייט האָבן די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס באַוויזן צו דערוווערבן די ליבשאַפט און צוטרוי פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין געטאָ. זייער פּאָפּולאַריטעט איז געשטיגן בעת די געשעענישן פון דער יאַנואַר־אַקציע, און נאָך דעם ווי עס איז באַוויזן קלאָר אַז עס זענען פאַרגעקומען ווייט־גייענדיקע ענדערונגען אין דער שטימונג פון די פאַרבליבענע יידן אין געטאָ. די קאַמפן וואָס זענען דעמאָלט פאַרגעקומען צווישן דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַני־זאַציע און דער באַוואָפנטער דייטשער זשאַנדאַרמעריע און ס.ס. (אָ. פּראַנטאַלע אַקציע אין דער ערשטער ליניע האָבן אויסגעפירט די אָפּטיילונגען פון השומר הצעיר און דרור, באַוואָפנט און קאָנצענטרירט אין זייערע קיבוצים) איז געווען אַ דער־מוטיקונג און אַ צייכן פון אָנזאָג אויף אַ גרויסן שווונג אין דער צוקונפט פאַר די קעמפנדיקע יידישע גרופּעס און דעריבער אַ חרפּהדיקע איבעררעאַשונג פאַר די דייטשן. עס איז צעשטערט געוואָרן די לעגענדע וועגן „אומבאַזיגבאָרן דייטש" וואָס דעצידירט לייכט בנוגע דעם גורל פון הונדערטער טויזנטער יידן צווישן לעבן און טויט.

14 דאָרט, ז. 146–147, 153–154.

עס איז איצט קלאָר געווען, אַז ווען די מאַסן אין געטאָ וואָלטן אַנטפּלעקט אַזאַ מאָס גבורה און עקשנותדיקע פאַרטיידיקונג ווי אין דער צייט פון דער יאַנואַר־אַקציע, וואָלטן די דייטשן אַזוי לייכט נישט באַוויזן צו פאַרטרייבן קיין טרעבלינקע 300,000 יידן. איצט איז אויך געווען קלאָר אַז ווען די מאַסן אין געטאָ וואָלטן אַרויסגעוויזן אויך פריער אַזאַ גבורה און פאַרטיידיקונג ווי בעת דער צווייטער אַקציע אין יאַנואַר, וואָלט די גרויסע אַקציע אין זומער געדויערט אַ סך חדשים.

די ידיעה וועגן דער ערשטער באַוואָפנטער פאַרטיידיקונג פון די יידן האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער גאַנץ וואַרשע. דעם ערשטן באַריכט וועגן פראַצעס פון די קאַמפן אין געטאָ האָט אויף דער אַרישער זייט איבערגעגעבן (אריה ווילנער), דער פאַרשטייער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע ביי דער פוילישער אונטערערד און אָרגאַניזאַטאָר פון געווער־שמוגל פאַרן געטאָ, וואָס איז בעת די קאַמפן געווען אין געטאָ און זיך באַטייליקט אין די קאַמפן.

די רעאַגירונג פון געסטאַפּאָ־שטאַב איז געווען כאַראַקטעריסטיש: האָט באַש־לאָסן צו שאַפן אַ דעמאָראַליזאַציע אין די רייען פון די צוויי קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס, די געסטאַפּאָ האָט אויפגעשטעלט אַן "אייגענע" יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען "פאַרבאַנד פון פרייע יידן" און אין שפּיץ פון איר געשטעלט דעם קאַפּיטאַן לאַנצקי. די אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעגעבן אַן "אומלעגאַלע" צייטונג וואָס האָט מיט רעוואָלוציאָנערע מליצה געפּרווט פאַנגען יידן אין זייער נעץ. די אָרגאַניזאַציע האָט גערופן יידן צו אַ באַלדיקן באַוואָפנטן ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן און נישט וואַרטן אויף דער געטאָ־ליקווידירונג. די פּלענער פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען קלאָרע: שאַפן אַ טומל אין די רייען פון די קעמפער־גרופּעס און דורך דעם אויך שטערן די צוגרייטונגען צו אַן אויפשטאַנד אין דער געהעריקער צייט [15].

עס איז דעריבער נייטיק געווען אַ כסדרדיקע אַקציע כדי צו צעשטערן די פּלענער. די קאָמענדעס פון דער "יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע" און פון "מילי־טערישן פאַרבאַנד" האָבן אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף אין וועלכן זיי האָבן געוואָרנט די יידן אין געטאָ קעגן פּראָוואָקאַטיווע העצעס פון די געסטאַפּאָ־אַגענטן און האָבן באַקאַנט געמאַכט, אַז בלויז די צוויי אָרגאַניזאַציעס אליין שטייען אין שפּיץ פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און בלויז זייערע אינסטרוקציעס דעצידירן און אַנטשיידן.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען זענען אין דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אַנגענומען גע־וואָרן בלויז מענטשן וועמענס עבר איז גוט באַקאַנט געווען. דאָס זענען בעיקר געווען טרייע חברים פון די באַקאַנטע ציוניסטישע יוגנט־באַוועגונגען וואָס זענען באַקאַנט געווען מיט זייער איבערגעגעבנקייט און טרייהייט, אַלץ אידעיש צוגע־גרייטע פון אַלע ריכטונגען. נאָך דער יאַנואַר־אַקציע האָבן זיך אָרגאַניזירט 22

15 "מרד גיטו ורשה בעיני האויב" — באַריכטן פון גענעראַל יורגען שטראָפּ, אַריינפיר און הערות פון ד"ר יוסף קערמיש, ירושלים יד ושם, צווייטע אויפלאַגע תשכ"ו, ז. 41.

קאַמפּס־גרופּעס פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע וואָס זענען באַשטאַנען פון פּאַר־שידענע באַוועגונגען: אַט דער עלעמענט איז געווען דער יסוד פון דער מיליטערי־שער קראַפט פון די איינהייטן און דער קאָנטאַקט צווישן די קעמפער איז געווען די גרויסע קאָאָפּעראַציע און קעגנזייטיקער צוטרוי.

זינט די יאַנואַר־געשעענישן האָבן אַלע קעמפער געמוזט לעבן אין אַ קאָלעק־טיוו, בעיקר אין קיבוצים וואָס זענען געווען דער פונדאַמענט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. אַ העלפט פון די 22 גרופּעס האָבן געהערט צו די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך דעם רוקנביין פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. דער ציל פון אַ בשותפותדיק לעבן, ווערטן פון דערציונג און זעלבסט־פאַרווירקלעכונג האָבן צעמענטירט די חלוצישע איינהייטן אין טעג פון געפאַר און קאַמף. זיי האָבן געשעפט גבורה און מוט פון די פאַרטיידיקער פון תל־חי און געזען אין זיי אַ מוסטער פאַר זיך. זיי האָבן מער ווי אַנדערע אונטער־געשטראָכן דעם געדאַנק, אַז דער קאַמף פון געטאָ איז אַ קאַמף פאַר דער רעטונג פונעם כבוד פון יידישן פאָלק.

וועגן דער מוסטערהאַפטער וואָפן־פאַרברידערונג וואָס האָט געהערשט ביי די גרופּעס פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע קען עדות זאָגן דער טעראָר־אַקט אינעם שאָפּ פון האַלמאַן אויף נאָוואָליפּקי־גאַס, עטלעכע שעה פאַרן אָנהייב פון דער אַקציע אין יאַנואַר 1943. אַ טאָג פריער (דעם 17טן יאַנואַר) האָבן עטלעכע קעמפער באַגאַסן מיט שוועבל־זויערס אַ יידישן פּאָליציאַנט. די אויספירער האָבן באַוויזן זיך אָפּצוטראָגן און בלויז אַ מיטגליד פון השומר הצעיר, זאַנדמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום דאָזיקן פּסק־דין, איז אַרעסטירט געוואָרן דורך איינעם פון "ווערקשוץ" וואָס האָט גלייך מיטגעטיילט דער דייטשער דירעקציע וועגן דעם אַרעסט. ווען דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע מרדכי אַניעָ־לעוויטש האָט זיך דערפון דערוווּסט איז ער גלייך אָראָפּגעקומען אין שאָפּ אַריין און עס איז גלייך אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן ווי אַזוי צו באַפרייען דעם אַרעסטירטן. עטלעכע קעמפער (דער בונדיסט גאַבריש פרישדאָרף אין שפּיץ פון זיין גרופּע פון שאָפּ רעריך), באַוואָפנטע מיט רעוואָלווערן האָבן אין אַ דער נאַכט פון 16טן אויפן 17 באַפאַלן דעם אַמט ווו זאַנדמאַן איז אַרעסטירט געוואָרן און אים באַפרייט מיט כוח. ד"ר רינגעלבלום, וואָס האָט געאַרבעט אין שאָפּ האַלמאַן און איז מיטבאַטייליקט געוואָרן אין דער באַראַטונג וואָס האָט באַשלאָסן צו באַפרייען זאַנדמאַנען מיט כוח, באַטאָנט די גרייטקייט פון אַניעלעוויטשן מקריב צו זיין זיין לעבן פאַר די חברים, גענוי ווי אויך די חברים זענען גרייט געווען זיך מוסר־נפש־זיין פאַר אים. "דאָס איז געווען אַ טריישאַפט — שרייבט רינגעלבלום — וואָס מען טרעפט בלויז ביי געהיימע אונטערערדישע באַוועגונגען ווו אַלע באַטראַכטן זיך ווי ברידער און יעדער איז גרייט זיין לעבן מקריב צו זיין פאַרן צווייטן"[16].

וויניקער ווייסן מיר וועגן דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע פון "מיליטערישן

16 רינגעלבלום, כתבים דאָרט ז. 114, "המרי והמרד" ז. 137.

פאַרבאַנד", ווען נאָך אַ לאַנגן משא־ומתן איז דער "קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע" געלונגען איינצושטעלן אַ קאָנטאַקט מיט דער "מיליטערישער אָרגאַניזאַציע" און עס זענען באַשטימט געוואָרן פאָרמען פון צוזאַמענאַרבעט (באַזונדערס בנוגע דער־גרייכונג פון געווער), וואָס איז געווען באַזירט אויף איין כלל: בלויז דריי אָדער העכסטנס פינף מענטשן קענען איינער דעם אַנדערן, ווייל פיל איז דעמאָלט אין געטאָ געווען די צאָל פּראָוואָקאַטאָרן און מוסרים, און מען האָט זיך גוט געמוזט היטן די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע זאָל נישט ליקווידירט ווערן דורך איין געסטאַפּאָ־אַקציע.

אַ סברא אַז די סיבה הלמאי עס איז נישט דערגרייכט געוואָרן קיין פאַרייניקונג צווישן די צוויי אָרגאַניזאַציעס איז געווען דער זלזול אינעם פּרינציפּ פון האַרבער קאָנטראָל פון די קאַנדידאַטן און פּרינציפּ פון אָפּהיטן דעם געקליבענעם כאַראַקטער פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אין די פאַרהאַנדלונגען, ווייל די פירער פון דער "מיליטערישער אָרגאַניזאַציע" זענען נישט גרייט געווען צו רעזיגנירן אויפן סיסטעם פון אויסברייטערן די קעמפער־ראַם (די פירער פון בית"ר האָבן אין סתירה צום הסכם געווירקט אין דער ריכטונג פון אויפשטעלן אַ גרויסע פיל טויזנטדיקע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע). אויך האָט די "מיליטערישע אָרגאַניזאַציע" בשום אופן נישט געוואָלט רעזיגנירן פון אירע פאַרבינדונגען מיט רעכטע פּוילישע קאַמפּס־איינהייטן. לסוף זענען איבערגעריסן געוואָרן די נאָענטע באַציונגען און דער קאָנטאַקט צווישן ביידע אָרגאַניזאַציעס איז באַגרענעצט געוואָרן צו בשותפותדיקע באַגעגענישן פון ביידע קאָמענדעס און קאָאָפּעראַציע ביים דערווערבן געווער. אויך איז דערגרייכט געוואָרן אַ הסכם וועגן אַ פאַרטיילונג פון די פאַרטיידיקונג־אָפּשניטן אינעם געטאָ.

אין די טעג פון די צוגרייטונגען און בעת די קאַמפן פון אויפשטאַנד זענען פאַרשוווּנדן אַלע פאַרטיי־אונטערשיידן. עס האָט געהערשט אַ וווּנדערלעכע קאַמפּס־חברשאַפט צווישן ציוניסטן־חלוצים, בונדיסטן און קאָמוניסטן. אַ סך פון די קעמפער האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט אַרויס פון געטאָ און אויסמיידן דעם קאַמף. זיי האָבן אָבער דאָס ניט געטאָן. זיי זענען געווען דורכגעדרינגען מיט שטאַרקן ווילן צו דערפילן זייער חוב, צו פאַרווירקלעכן די נקמה־שטרעבונג קעגן שונא און צו פאַרטיידיקן דעם כבוד פונעם פאָלק. נקמה און כבוד — אָט די אידעע האָט אַלעמען באַגייסטערט. ווען עס איז, למשל, פאַרגעשלאָגן געוואָרן דעם אומדערשראָקענעם קעמפער אריה ווילנער צו בלייבן אויף דער אַרישער זייט, האָט ער דערקלערט אַז ער וויל נישט בלייבן לעבן בעת דער רוב פון זיינע חברים קומען אום. ער האָט אויסגעקליבן בעסער דעם העלדישן טויט.

דער ווילן צו פאַלן מיט כבוד, דאָס געפיל פון מענטשלעכן און יידישן כבוד איז געווען דאָס וואָס האָט געבוירן דעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד און העלדישע פאַרטיידיקונג.

די מיטגלידער פון די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס זענען בעיקר געווען יוגנטלעכע און זיי איז אויסגעקומען צו געבן דעם גרעסטן קרבן אינעם נישט־גלייכן באַוואָפנטן

קאַמף. די ייִנגע קעמפער זענען פאַר דער מלחמה געווען מיטגלידער פון די יוגנסטע שיכטן אין זייערע באַוועגונגען און זענען כּלל נישט געווען באַקאַנט מחוץ זייערע ענגע קרייזן. אין די מלחמה־יאָרן זענען זיי רייף געוואָרן און דערגאַנגען צו הויכע ראַנגען, איבערנעמענדיק מעכטיקע אויפגאַבן וואָס זענען אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרן.

מיר האָבן נישט קיין גענויע ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון דער דערמאָנטער "אָרגאַניזאַציע פון די פרייַע יידן" אין דער צייט פון פאַרן אויפשטאַנד, מיר ווייסן אָבער אַז אינעם טאָג פון אויסברוך פון אויפשטאַנד, דעם 19טן אַפּריל, זענען אויף די מויערן פון געטאָ, נעבן די אורטיילן אויף אַגענטן און מוסרים, דערשינען אויך אויפרופן געחתמעט דורך "קאַפּיטאַן לאַנצקי", אויפרופן אין וועלכע ער האָט גע־מאָלדן אַז די "צייט פון טאַט און נקמה איז געקומען". ער האָט גערופן אַלע מענער זיך אָנשליסן אין די קעמפער־רייען, בעת די זקנים און פרויען ווערן אויפגעפאָדערט צו שפּענדן געלט. אין דעם אויפרוף האָט דער "קאָמענדאַנט" לאַנצקי אויך מיט־געטיילט אַז "פון הייַנט אָן ווערט אָפּגערופן דער סיסטעם פון פינפטלעך, אַלע דאַרפן זיך צושטעלן מאַסנווייז צום אַפּעל". דער ציל פון דעם אויפרוף איז געווען קלאָר: אַרויסרופן אין לעצטן מאָמענט אַ צעמישעניש און קאָנסטערנאַציע אין די רייען פון די יידישע קעמפער. דער פּרווו איז אָבער דורכגעפאַלן.

זינט דעם באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין יאַנואַר 1943 איז געוואַקסן די ווידער־שטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ און זיך געשטאַרקט מיט יעדן טאָג. אין אַ פאַרהעלטע־נישמעסיק קורצער צייט פון יאַנואַר ביז אַפּריל האָט די יידישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג געהאַט צו פאַרצייכענען גרויסע דערגרייכונגען ביים אָרגאַניזירן דאָס געטאָ און אויסשטאַטן די קעמפער מיט געווער. די "יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע" — די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרין פון אַקטיוון ווידערשטאַנד — האָט געוווּנען דעם צוטרוי פון די יידישע מאַסן און האָט אין גאַנצן באַהערשט דאָס יידישע לעבן אין געטאָ. עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַן ענערגישע אַקציע אויפצושטעלן אונטער־ערדישע בונקערס און טונעלן, איינצוקויפן געווער, באַוואָפענען אַ וואָס גרעסערע צאָל יידישע קעמפער און אויפשטעלן אַ געהיימען קאָנטאַקט צווישן די פאַרשידענע קאַמפּס־איינהייטן.

נישט דאָ איז דער פּלאַץ אָפּצושטעלן זיך אויפן גאַנצן פאַרנעם און שוווּנג פון די צוגרייטונגען און אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיקייטן פון די אָנפירער, אַ דאַנק וועלכע דאָס געטאָ איז דורך איבערמענטשלעכע באַמיִונגען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פעסטונג, און איז געווען בכוח אין משך פון לאַנגע וואָכן צו שטערן די פאַרברעכערישע פּלענער פון הימלער וואָס האָט פערזענלעך אָנגעפירט מיט דער ליקווידאַציע פונעם גרעסטן געטאָ אינעם אָקופּירטן אייראָפּע. דאַקעגן איז דאָ כּדאַי ווייניקסטנס בקיצור צו מאַכן אַן איבערזיכט איבער דער קליינער אומאויפהערלע־

17 "מרד גיטו ורשה בעיני האויב", דאָרט ז. 42.

כער מלחמה וואָס די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט געפירט זינט דעם 18טן יאַנואַר 1943.

דעם 11טן פעברואַר איז דורכגעפירט געוואָרן אַ באַוואָפנטער איבערפאַל פון דריי קעמפער אויף נאַלעווקי און עס איז דערהרגעט געוואָרן אַן ס.ס.־מאַן. די טראָפייען: וואָפן פון טיפּ מאַוזער און אַ סומע געלט וואָס איז איבערגעגעבן גע־וואָרן דעם קאָמענדאַנט פונעם ראַיאָן.

אינעם באַפעל וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דעם 19טן פעברואַר אויפן תחום פון געטאָ מיט דער באַטייליקונג פון 9 קעמפער זענען אומגעבראַכט געוואָרן 2 דייטשע זשאַנדאַרן. טראָפייען: מונדירן, צוויי רעוואָלווערן פון טיפּ ״פּאַראַבעלום״ און ״וויס״ און מזומנים אַ סומע פון 67 זלאָטי.

דעם 6טן מערץ איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסער סאַבאָטאַזש־אַקט: עס זענען אונטערגעצונדן געוואָרן די פּאָליציי־און ס.ס.־מאַגאַזינען אויף נאַלעווקי 31. די מאַגאַזינען וואָס האָבן זיך געפונען אין שכנות פון די אַרבעטס־וואַרשטאַטן פלעגן ליפערן פאַר די שפּיטעלער שעניקעס, בעטן און קאָלדרעס. אין דער אַקציע האָבן זיך באַטייליקט 5 קעמפער וואָס זענען ספּעציעל פאַר דעם באַשטימט געוואָרן, און אַ גרופּע פון 9 מענטשן אויפן אָרט. די ברען־פּעטאַרדעס, בענזין, נאַפט האָבן גורם געווען אַ שריפה וואָס האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן פּלאַץ און געבראַכט אַ סך שאָדן. די אויספירער האָבן זיך צוריקגעצויגן אָן שום פאַרלוסטן, איידער די זשאַנדערמעריע איז אַלאַרמירט געוואָרן.

אין משך פון די חדשים פעברואַר־מערץ האָט די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע גע־קעמפט מיט אַלע אירע כוחות קעגן די דייטשע באַפעלן וועגן איבערזידלונג פון געטאָ צו די ״אַרבעטס־לאַגערן אין פּאָניאַטאָוו און טראַווניקי״. צווישן די ערשטע אונטערנעמונגען, וואָס די דייטשן האָבן פּלאַנירט אַריבערצופירן זענען געווען דער סטאָלער־שאָפּ האַלמאַן און די בערשטער־שאָפּן. אין דער נאַכט פאַרן אַריבערפירן דעם האַלמאַן־שאָפּ (סוף פעברואַר) איז אַ גרופּע פון 13 קעמפער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנפירערשאַפט פון שלמה ווינאַגראַן פון השומר הצעיר אַדורכבאַקומען זיך דורך די מויערן פון דער פאַבריק און פאַרברענט די בנינים (די הייזער אויף נאָוואָליפּקי פון ראָג סמאָטשע ביזן ראָג וואָלנאָשטש ווו עס האָבן זיך געפונען מאַגאַזינען פון בעסטן מעבל־שטיק) צוזאַמען מיטן גאַנצן רוי־מאַטע־ריאַל און מאַשינען וואָס זענען געווען גרייט צום טראַנספּאָרט. די דייטשן אויפן אָרט זענען אַנטלאָפן אין בהלה. די קעמפער־גרופּע האָט זיך צוריקגעצויגן אָן אבידות. צומאָרגנס האָבן זיך צו דער רייזע צוגעשטעלט בלויז 25 פון די טויזנט פאַבריקס־אַרבעטער און פון די 3500 אַרבעטער פון די וואַרשטאַטן פון שולץ, און זיי זענען באַפרייט געוואָרן דורך די מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פאַר די אויגן פון דער דייטשער וואַך[17].

ענלעכע אַקציעס האָט די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע דורכגעפירט אין בערשטער־שאָפּ און אין דער פאַבריק פון שולץ און שילינג. דעם 13טן מערץ איז אין דער

געגנט פון מילע און זאַמענהאָף דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסע אַקציע. די קאַמפּס גרופּע פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט אַטאַקירט די דייטשע "ווערקשוץ" לייט פון שטאַיערס שאָפּ, וואָס האָבן אין משך פון וואָכן גערויבט און געשאָסן אין געטאָ. איינער פון די דייטשן איז דערשאָסן געוואָרן ביים אַנטלויפן. און דאָס געווער איז ביי אים צוגענומען געוואָרן, אַ צווייטער דייטש איז דערשאָסן געוואָרן. דאָ איז זיי געקומען צוהילף אַ גרופּע ס.ס. און געהיים פּאָליציי. די קעמפער האָבן באַנייט די שיסעריי און אין רעזולטאַט איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן איינער פון די ס.ס.־לייט און ביי 6 אוקראַינער איז צוגענומען געוואָרן דאָס געווער. די יידישע איינהייט האָט קיין פאַרלוסטן נישט געהאַט. די יידישע באַפעלקערונג האָט געגעבן אַקטיווע הילף די קעמפער. די דייטשן האָבן דערנאָך דורכגעפירט אַ רעוואַנזש־אַקציע. עטלעכע מאַשינען מיט זשאַנדאַרן האָבן אַרומגעקרייזט די מילע און פלאַץ מוראַנאָוו און געשאָסן צו יעדן פאַרבייגייער און אויך אַרויסגענומען מענטשן פון די וווינונגען און באַהעלטענישן (צוזאַמען זענען דערמאָרדעט געוואָרן 170 יידן, צווישן זיי 14 קינדער).

אין דער נאַכט אויפן 14טן מערץ האָט די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פאַרעפנט־לעכט אויפרופן צו סאַבאָטירן דעם באַפעל אַריבערצופירן שאָפּן און מענטשן קיין פּאָניאַטאָוו און טראַווניקי, ווייל דאָס גיין אַהין באַדייט אַן אומפאַרמיידלעכן אונ־טערגאַנג פון געטאָ, ווייל פּאָניאַטאָוו און טראַווניקי זענען נישט מער ווי טראַנזיט־לאַגערן קיין טרעבלינקע. דער דייטשער פּלאַן אויף אַ "רויקן" אופן צו ליקווידירן דאָס געטאָ האָט זיך געענדיקט מיט אַ פולקאָמען דורכפאַל. די יידישע אונטערערד האָט באַוויזן צונישט מאַכן די פּרוּוון פון שונא צוצונעמען ביי די יידן זייער באַטיר־לעכע קאַמפּס־אַרענע — דאָס געטאָ.

די דראַמאַטישע ווענדונג פון מרדכי אַניעלעוויטש, קאָמענדאַנט פון דער יידי־שער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע צו די באַוואָפנטע כוחות פון דער פּוילישער אונטערערד פון 13טן מערץ 1943 באַלד צו ליפערן פאַרן געטאָ נאָך 100 גראַנאַטן, 50 רעוואָל־ווערן, 10 ביקסן און עטלעכע טויזנט קוילן פון פאַרשידענעם קאַליבער, האָט דער קאָמענדאַנט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע מאָטיווירט צוליבן "מצב פון געווער־דערוווערב אונדזער וואָס האָט זיך פאַרערגערט נאָך די פיל אַקציעס אין די לעצטע וואָכן אין וועלכע מיר האָבן זיך באַניצט מיט אַ סך געווער". מיר ווילן נישט איבערצייגן קיין שום מענטש — שרייבט אַניעלעוויטש אין אַ בייסיקן טאָן — אין אונדזער גרייטקייט און פעיקייט צו קעמפן. אַנהייבנדיק פון 18טן יאַנואַר געפינט זיך די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין ווארשע אין אַ מצב פון פּערמאַנענטן קאַמף מיטן אָקופּאַנט און זיינע מיטהעלפער. יעדער וואָס לייקנט דאָס אָפּ אָדער צווייפלט אין דעם איז נישט מער ווי אַ בייזוויליקער אַנטיסעמיט". דער קאָמענדאַנט פון דער "קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע" איז גרייט געווען "צוצושטעלן גענויע פּלענער פון אונדזער מצב מיט מאַפּעס, כדי די נויטווענדיקייט צוצושטעלן אונדז דאָס געווער זאָל נישט אונטערליגן קיין שום ספק".

דוד ספּאַרד

# שואה

## ס׳איז אַלץ נאָך נישט דער סוף

איך לויף אין גרויליקער בהלה
דורך געסלעך טונקעלע און שמאָלע
אין אַ קאַלטער גליוועריקער נאַכט
געיאָגט פון פּחד און פאַרדאַכט
און אַ גאַנצע שטאָט
רופט מיר נאָך מיט שפּאָט
און מסרט מיינע טריט:
— — אַ ייד! אַ ייד!

און אָט איז שוין דער סוף — —
נישטאָ קיין אויסגאַנג פון די געסלעך מער.
הינטער מיר מיט שטילן יאָמער שלעפּט זיך שווער
אַן עדה יידן, ווי אַ סטאַדע שאָף,
און פאַר מיר — אַ פרייע גרויסע וועלט,
קיין וואַלקנדל די הימלען נישט פאַרשטעלט,
קיין ווינטל די וועגן נישט פאַרווייט
און פון אַלע פעלדער שפּאַרט אַ פאַרביק־העלע פרייד.

נאָר אַרום מיין גוף, ווי אַ תליה־שטריק,
אַ מענטשנראָד אַלץ ענגער, ענגער.
זי שפּיזט מיך דורך מיט בייזער שנאה
און פאַרמעסט זיך איבער מיר מיט שטיינער און מיט דרענגער.
נאָר כ׳קאָן שוין איצט אין ערגעץ נישט אַנטרינען,
נישט פאָרויס און נישט צוריק.
פון פּחד גליווערט אין מיר אַלץ
און כ׳בין געליימט, ווי אַ סלופּ פון זאַלץ.

און אַז איך כאַפּ זיך אויף
און אַ גרויסע זון אויף מיינע שויבן רוט,

איז נאָך אַלץ אין מיר פאַרקילט דאָס בלוט,
איז עס אַלץ נאָך נישט דער סוף.
די שנאה דויערט
און דאָס זעלבע ווילדע קול מיר דראָט.
נאָר כ׳בין נישט מערער שוין אויף קיינעמעס באַראָט,
ווי אין יעדן לאַנד, וואַכן מיינע קינדער ביי דעם טויער.

## פאַר וואָס איז מיר באַשערט?

דיביינער פון מיין טאַטע-מאַמע
ליגן אין אַ פרעמדער ערד,
די אַשן פון מיין שוועסטער, שוואָגער,
און זייערע קינדערלעך די דריי
האָט דער בייזער ווינט צעווייט
איבער פרעמדע שטעט
אויף אַ פרעמדער ערד,
די בלוטן פון מיליאָנען מיינע ברידער
אויף פרעמדער ערד דורות לאַנג שוין רינען — —
פאַר וואָס זשע איז עס מיר אַליין באַשערט
אין אַן אייגן לאַנד
מיין רו די אייביקע געפינען?

שטיי איך יעדע נאַכט דאָ אויף דער וואַך
און וואַרט אויף זייער קומען — —
די ערד האַלט איין איר אָטעם,
די הימלען שטומען.

זיי קומען איינציקווייז צו גיין
און זעצן אויס זיך ביי מיין טיר — —
אַן אָזערע געוויין
הענגט דער הימל איבער מיר.

די צווייגן אויף די ביימער הענגען שטילע,
פאַרבראָכענע אין פּיין,
די ציטערדיקע שטערן טוען תפילה
און עס טריפט פון זיי אַן אויסטערלישע שיין.

## עס טרעפט

עס טרעפט, אַז אומגעריכט
אין מיט פון רווישנדיקער שטאָט
גייט אויף אין האַרץ אַ ליכט,
אַ פרייד
צעגייט
אין אַלע גלידער
און עס טוט אַ בלאַנק
אַ בליציקער געדאַנק — —
דאָ זענען אַלע מיינע ברידער! — —
יידן אויף אַ יעדן טראָט
אין אַן אייגן-אויסגעבויטער שטאָט
אויף אייגענער אוראַלטער ערד,
ווי ס׳איז יעדן פאָלק באַשערט.

און אַ העל געזאַנג פולט אויס די לופט,
באַשיינט די אַלטע יאָר
און די האַרבע וואָר
איז דעם חלום מער
שוין נישט קיין שטער,
נאָר צו פאַרמעסטן נייע רופט.

## צו מיין שכן דעם אַראַבער

פאַר די זינד פון מאָרדן
מיינע ברידער,
מיינע שוועסטער,
מיינע קינדער —
וועלן דיינע פירער קיין מאָל שוין נישט האָבן
קיין פאַרגעבונג — —
דאָס האָבן זיי מיט שנאה-גיפט פאַרסמט דיין לעבן,
דאָס זענען זיי געווען די העצער און די צינדער.

אָבער אויך דאָס טייטן דיינע זין און טעכטער,
דיינע טאַטע-מאַמע,

דורך די הענט פון מיינע ברידער
רייסט די נעבט אויף אין געוויין פון מיינע לידער,
אין געוויין מיט דיר צוזאַמען.

דאָס ברידער-בלוט
וואָס ביידע מיר פאַרגיסן,
ווייל נישט איינגעזונקען ווערן,
עס טוט אין הייסע שטראָמען
איבער בערג און טאָלן פליסן
און זיין געשריי די הימלען הערן.

ווייל גרויזאַם און אומזיניק
איז דאָס בלוטיקע געשלעג
דורך אַזוי פיל יאָרן,
ווען דורות-לאַנג עס ציט זיך
אַ בשותפותדיקער וועג
ווען דורות-לאַנג שוין אַלט איז
אַ געמיינזאַמער זכרון.

איז לאָמיר אַלע שפּיזן, אַלע שווערדן
אין אונדזער ביידנס שיינע ערד באַערדן
און אויף רידלען און אויף אַקערס זיי פאַרטווישן,
עס זאָלן איבער פעלדער, איבער שטעט,
נישט קיין טויט-מכשירים
און נישט קיין פאַלנדיקע שירעמס,
נייערט פרילינגדיקע ווינטן רווישן
מיט בשורות גוטע און מיט פרייד
און מיר זאָלן זיך אויף וועגן אייגענע,
ווי פריינד
און נישט ווי פיינד
באַגעגענען
און מיט גוטן ווילן און פאַרגינען
אַלע ספקותן באַזינען.

ווייל גרויזאַם און אומזיניק
איז דאָס בלוטיקע געשלעג
דורך אַזוי פיל יאָרן,

ווען דורות-לאַנג עס ציט זיך
אַ בשותפותדיקער וועג,
ווען דורות-לאַנג שוין אַלט איז
אַ געמיינזאַמער זכרון.

## ווען נישט דיין שיין . . .

ווען נישט דיין שיין,
וואָס האָט אונדז אַלע מאָל באַגלייט
אין יעדן דור פון נע-ונד און פּיין,
פון ימים בלוט,
וואָלט דער עלנט אונדזער מוט
שוין לאַנג געהאַט געטייט.

ווען מ׳האָט מיט שאַנד
באַדעקט אונדז דאָס געזיכט,
ווען מ׳האָט פאַרלאָשן אומעטום פאַר אונדז דאָס ליכט — — —
האָסטו אין אונדזער רום דערמאָנט,
ביסטו געוועזן אונדזער זון.

וואָס וואָלטן מיר געטון
אין יעדער שוואַרצער צייט
אָן דיין שטראַלנדיקער גנאָד ?

צו מזרח-זייט געווענדט —
צו דיר —
דער הייליקסטער און עלטסטער שטאָט —
מיר האָבן פון דער וויטסטער ווייט
אין תפילה אויסגעשפּרייט די הענט,
מיר זאָלן כאָטש אַ רגע פאַרן שטאַרבן,
אין אַנגסטן גרויליקע פון טויט,
דערזען, ווי דיין שיינער הימל בלויט
און ווי דיין גרויסע זון צינדט אָן
די ווונדערלעכע פאַרבן
פון אונדזער אויסגעבענקטער פאָן.

## יהודה פעלד

# "אַזוי ווי דאָס געמיט — אַזוי דאָס געשלייער"...

שוין אַ לענגערע צייט ווי זי גייט אַרום עטוואָס צערודערט. באַשקע בלושטיין איז אפילו פון תמיד אָן געווען אַ מאָדנע. שטענדיק האָט מען אין שטוב געהאָט צו איר טענות "פאַרוואָס זי לאַכט שוין ווידער" — "פאַרוואָס זי זיצט שוין ווייטער מיט דער נאָז ווי אַ טראָמבע". אָבער זינט דער מלחמה, זינט זי האָט אויפגעהערט צו גיין אין גימנאַזיע, צו לערנען זיך, און זינט זי האָט זיך געמוזט נעמען צום "האַנדל" פריער מיט די בייגל דריי פאַר אַ זלאָטע — און דערנאָך מיט די זעמל, "אַ זלאָטע אַ שטיק", — האָט מען איר שוין זעלטן געקאָנט טרעפן לאַכן און פריילעך אַרומלאַבוסעווען, אַזוי ווי פאַר דער מלחמה.

דער טאַטע, דער בעקער, האָט געאַרבעט אַ צוויי־דריי טעג און אָפט מאָל, אפילו נישט מער ווי אַ טאָג אין דער וואָך. פאַר דער אַרבעט האָט ער ביים מייסטער מער ווי צוויי לאַבנס ראַזעווע ברויט נישט געקריגן. — "קיין געלט — האָט דער מייסטער אויף אַלע זיינע טענות אים אָפּגעזידלט — האָב איך נישט! ווילסט נישט, האָסטו אַ ברירה, כ'קען זיך אָן דיר אויך באַגיין". און אַזוי ווי קיין פאַרדינסט איז שוין איצט נישט געווען, און קיין אַנדערע בעקערייען האָבן אים נישט געוואָלט צונעמען צו דער אַרבעט, האָט דער טאַטע אירער נישט געהאַט טאַקע קיין ברירה, און געהאָרעוועט גאַנצע נעכט פאַר די פאַר ברויטלעך, כדי די קינדער זאָלן האָבן אויף צומאָרגנס אויף אָן אָנבייסן.

זי, באַשקע, וואָס האָט פאַר דעם קריג אַליין פאַר זיך געצאָלט דעם שכר לימוד אין גימנאַזיע, וואָס זי האָט פאַרדינט פון לעקציעס, האָט איצט גענומען אויף זיך דעם עול פון פרנסה פאַר דער גאַנצער שטוב.

אַרויסגעלאָפן איז זי באַגינען, נאָך איידער מ'האָט דערלויבט דאָס טויער צו עפענען — פאַר פינף דעם זייגער — געשלעפּט פון בעקער די צוויי קליינע קיישעלעך מיט בייגל, און דערנאָך זעמל, און אַרויס מיט דעם אויף דער גאַס האַנדלען.

געמוזט האָט זי אַכט לייגן אויף די פּאָליציאַנטן, מיט די גראַנאַטענע קיילעכדיקע היטלען, וואָס האָבן ווילד, מיט די פּיס, געשליידערט דאָס קיישל גלייך אין די רינשטאָקן אַריין און גאַנץ אָפט אַ תל געמאַכט פון איר בידנע ביסל סחורה. געמוזט האָט זי דערקענען אין דער נאָז פון דורכגייער, צי וועט ער אַ בייגל אָדער אַ זעמל קויפן, צי וועט ער זיין אַ גוטער קונה און נישט אויסמאַזשען — אַרומטאַפּן די גאַנצע סחורה און אַוועקגיין מיט גאָרנישט. געמוזט האָט זי אויך האָבן אַ פריינטלעך פּנים פאַר די דורכגייער, און שמייכלען, ווען זי איז אין גאַנצן געווען

דורכגעפּרוּווירן פון קעלט, אָדער דאָס האַרץ האָט זיך איר זיך אַזש געוואָרפן פון דעם מוראדיקן הונגער אַ גריזשע צו־טאָן כאַטש איין ביס פון אַזאַ ווייס ווייצן־זעמעלע, אָדער אַ כרופּע צו געבן מיט אַלע אירע געזונטע ציינדלעך אַזאַ פרישׂ בייגעלע, אַז אינעווייניק, אין איר, זאָל ווערן אַזוי וואַרעם, אַזוי גוט, אַזוי הייס און וואויל...

באַשקע בלושטיין איז אָבער געווען אַ מיידל מיט כאַראַקטער. קיין מאָל האָט זי זיך אויף אַזוינס נישט דערלויבט. זעלטן אַ מאָל, ווען זי האָט שוין קיין האָפענונג, פאַרן אַהיימגיין, אויף קיין קונה נישט געהאַט, און דאָס בייגעלע האָט זיך אַזוי ווי געבעטן, נישט געוואָלט ליגן פאַראייניזאַמט אין דעם עלנטן קײשל, האָט זי בגנבֿה פאַר זיך און פאַר די מענטשן אויף דער גאַס פאַרשטופּט דאָס בייגעלע צו זיך אין אַרבל, און ערשט פון דאָרט אַרויס האָט זי געגריזשעט, פּאַמעלעך, שטיל, אומגעקוקט זיך אויף אַלע זייטן צי מ׳זעט נישט, וואָס פאַר אַ רציחהדיקע זאַך זי טוט דאָ אָפּ...

באַשקע בלושטיין איז זייער אַ מאָדנע. ווען קיינער זעט נישט, איז זי תמיד פאַרטראַכט, ליגט אין די פינצטערע אָוונטן מיט פאַרמאַכטע אויגן און פאַנטאַזירט. אַלץ זעט זי דעמאָלט אַזוי קלאָר, אַזוי בילדעריש, מיט אַזוי פיל רייכע, פאַרשידנאַרטיקע פאַרבן, ווי דאָס קען קיין מאָל נישט געמאָלט זיין אין דערווירקלעכקייט.

דעם ערשטן קלאַפּ האָט זי געקריגן אין אָנהויב מלחמה. איר ברודער אַבראַמעק, וואָס איז אויך געווען אַזאַ פאַרחלומטער ווי זי, אַ געוועזענער פּאָליטישער געפאַנגענער נאָך פון די פּוילישע צייטן, אַ לערער, איז פאַרבליבן אין ווענגראָוו בעתן אויסברוך פון קריג, און דאָרט איז מיט אים געשען דאָס אומגליק.

באַלד ווי די ״בייזע שלעק״ — ווי באַשקע האָט זיי נישט אַנדערש גערופן — זענען אַריין אין דער שטאָט, נאָך פאַרן פאַרנעמען וואַרשע, האָבן זיי צונויפגעזאַמלט דאָס גאַנצע יידישע מענער־יונגוואַרג אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. אַבראַמקען האָט די דאָרטיקע געזעלשאַפט, וואָס האָט אים געהאַט אָנגאַזשירט אַלס לערער אויף דער קאָלאָניע, געפּרוּווט אויסקויפן. דאָס איז זיי נאָר טיילווייז געלונגען, ווייל דערנאָך, ווען מען האָט אים שוין צו וויסן געגעבן, אַז אין אַזאַ שעה, און אין דעם טאָג, וועט ער קענען אַנטלויפן, און נישט מאַכן זיך פון דעם שומר ווייל יענער וועט שוין זיין איבערגעקויפט, — האָט ער דאָס טאַקע אויסגעפירט, — נאָר אין מיטן דרינען איז מיט אים פאַרגעקומען אַ טראַגישער פאַל. ער האָט זיך פאַרטשעפּעט בשעת דעם אַריבערקריכן אין דער דראָט־פאַרצוימונג, און איידער ער האָט באַוויזן פון דאָרט זיך אַרויסצודרייען, איז אָנגעקומען אַ וואַכמאַן, וואָס האָט געזאָלט דעם ערשטן שומר טוישן — און דערזען דעם אַנטלויפנדיקן — האָט ער אויסגעשאָסן אַן שום וואָרענונג.

באַשקע, וואָס האָט דערהאַלטן די ידיעה דורכן טעלעפאָן פון ווענגראָוו, איז באַלד דאָרט אָפּגעפאָרן. דעם טויטן קערפּער האָט נאָר זי איינע מיט גרויס מי געקאָנט אַרויסקריגן. דעמאָלט, אין ווענגראָוו, האָט זי איבערגעלעבט איינע פון אירע פאַנטאַזיעס אויף דער וואָר. זי האָט דען געהאַט דעמאָלט צו טאָן מיט

מענטשן? די "בייזע שלעק" — ווי זי האָט זיי טאַקע אין יענער צייט אַ נאָמען געגעבן, — זענען דאָך אין דער אמתן גאָר קיין מענטשן נישט געווען. דאָס זענען געווען יענע באַשעפענישן פון אירע חלומות און שלאָף — פאַנטאַזיעס, און טאַקע ווי אין אַ חלום האָט זי זיך לעבן זיי אַרומגעדרייט. זי האָט גאָר אָן מורא מיט זיי גערעדט, געשמייכלט, און צום סוף אויף אַ ווונדערלעכן אופן אַרויסגעקריגן דעם קערפּער פון איר ברודער, כדי אים צו ברענגען קיין וואַרשע אויפן בית־עולם.

קיין פרומע איז זי קיין מאָל נישט געווען, און ער, איר אַבראַמעק, אויך נישט. האָט זי טאַקע דערנאָך נישט געקאָנט פאַרשטיין, נאָכוואָס זי האָט דאָס געטאָן. אַנשטאָט אים אויפן אָרט אין וועגגראָוו צו באַגראָבן, געשלעפּט אים מיט אַזוי פיל מי און אַזוי פיל כוחות אַריינגעלייגט, כדי אָן אַ גראָשן געלט כמעט, אים צו ברענגען קיין וואַרשע. צי איז דאָס געווען איר פּראָטעסט קעגן די "בייזע שלעק", וואָס זי האָט זיי נישט געוואָלט איבערלאָזן דעם טויטן־גוף פון איר ברודער דעם מאַרטירער? צי אפשר האָט זי פון פאַרצווייפלונג אויך געזוכט דעם טויט, כדי צוזאַמען מיט איר געליבטן ברודער צו געפינען אָן אויסלייזונג פון אירע אומזיניקע געדאַנקען, וואָס האָבן איר לעצטנס אַזוי מוראדיק פאַר־מאַטערט? איינס נאָר האָט זי געוווּסט, אַז זי האָט אויפגעטאָן אַ זייער וויכטיקע טאַט, אַז זי האָט עפּעס אַזוינס אַרויסגעריסן פון די הענט ביי די "בייזע שלעק", וואָס איז איר געווען טייער און הייליק, און דאָס האָט איר לייכטער געמאַכט אירע צרות, דאָס האָט איר געגעבן כוחות ווייטער צו טראָגן דעם שווערן גורל אירן. און דער עול פון פּרנסה פאַר די קינדער אין שטוב, פאַרן טאַטן אפילו און פאַר דער מאַמען, איז איר געוואָרן אַ סך לייכטער...

אין דער צייט פון דער באָמבאַרדירונג אין וואַרשע האָט זיך באַשקע באַקענט מיט איר "באַקאַנטן", מיט שלאַמעקן. אַליין אַ ראַדיקאַלע, אָן אַקטיווע טוערין נאָך פון דער גימנאַזיע, איז איר דער דאַזיקער בחור, דער פריזירער, וואָס האָט געוווינט אויפן זעלבן הויף, און וואָס איז צוזאַמען מיט אַלע איינוווינער געלאָפן זיך באַהאַלטן אין דעם קעלער, זייער געפעלן געוואָרן. צום ערשט, אין די פינצטערע נעכט, האָט זי אים אין גאַנצן נישט געזען. זי האָט נאָר געהערט זיין קול, וואָס האָט געהאַמעוועט די דענערווירטע שטימונג ביים עולם, וואָס האָט זי און אַלע איבעריקע באַרויקט, ווי איינגעשלעפערט מיט זיין באַס, דוקא דעמאָלט, ווען דאָס קול האָט אַזוי גראָב און הויך געשריגן מ'זאָל נישט לויפן, נישט פּילדערן, נישט קוויטשען און נישט ליאַרעמען.

אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין, האָט זי זיך דערנענטערט צו דער גרופּע, ווו ער איז געשטאַנען. זי האָט זיך איינגעהערט אין זיינע רייד, געוווּנדערט זיך ווי אַזוי דער דאַזיקער פאַרשוין, אַזאַ שלאַנקער, כמעט דאַרער, מיט דעם אויסגעבלייכטן פּנים פון אַ ישיבה־בחור, מיט דעם כאַראַקטעריסטישן אַרויסטאַרטשענדיקן גאַרגל, און מיט דער דינער, עטוואָס אויסגעקרומטער נאָז, ווי ביי אַ שווינדזיכטיקן, — ווי אַזוי דער שלאַמעק, ווי אַלע האָבן אים געקענט. — רעדט. זי האָט באַלד דערקענט אין אים דעם "אויטאָ־דידאַקט", דעם אַרבעטער, וואָס האָט זיך אַליין

געכאַפּט צו בילדונג, וואָס האָט אַלץ געלייענט און מיט אייגענע כוחות, אַן אַ שול־לערער דערגאַנגען צו אַ מדרגה, אַז ער שטייגט איר איבער מיט זיין פילזייטיקן וויסן און מיט זיין אַזוי דעליקאַטן און אַזוי אָריגינעלן באַנעמען דאָס אַלץ, וואָס קומט אַרום אים פּאַר. זי האָט אים שוין אין דער פאַנטאַזיע געזען אויף אַ זעלבסט־בילדונגס־קרייזל, ווי אַזוי ער זיצט, לערנט זיך אַליין, און קנעלט אפשר מיט אַנדערע פון די פאַרשידענע ביכער, וואָס ער האָט זיך אַליין, מיט אייגענער מי, פאַר אייגן געלט, איינגעשאַפט.

אין זיינע רייד האָט זי אַרויסגעפילט די קלוגשאַפט פון אַ דערוואַקסענעם, וואָס האָט שוין אַ סך געזען, איבערגעלעבט און דורכגעליטן. ער האָט קיין מאָל נישט געפּרוּווט קיינעם איבעררייסן, האָט יעדן איינעם געלאָזן אויסגעהערט, נאָר שפּעטער האָט ער שוין רויק, מיט זיין גראָבן באַס, גענומען רעדן. און טאַקע דאָס, וואָס ער האָט נישט גערעדט מיט דעם טאָן ווי ער וואָלט געוואָלט זיינע געדאַנקען אַרויפצווינגען אויף די צוהערער, האָט מער געווירקט אויף אַלעמען, און האָט זיי איבערצייגט אין זיין טיפן אמת.

פון די דאָזיקע שווערע טעג און נעכט, בשעת וואַרשע איז געוואָרן באָמבאַר־דירט, האָט זי אַלע אירע איבערלעבונגען אָפּגעשטופּט פון זיך, און נישט געוואָלט קיין מאָל זיי נאָך אַ מאָל איבערטראַכטן. צו פיל געזונט, צו פיל כוחות און צו פיל לעבן האָבן איר געקאָסט יענע איבערלעבונגען, אַז זי זאָל נאָך בכוח זיין זיי נאָך אַ מאָל, אפילו בלויז אין חלום, דורכמאַכן. בפרט נאָך, ווען דער עול פון פּרנסה, ווען דאָס אַלץ וואָס איז ווייטער געקומען, האָט איר אַריינגעשלעפּט אין דער ווירקלעכקייט־מאַשין מיט אַזאַ קראַפט, מיט אַזאַ נייעם און פרישן כוחות־צופלוס, אַז ס׳האָט איר קיין צייט נישט געקלעקט דערויף.

דאָס אָבער, וואָס איז איר פאַרבליבן פון יענער צייט, איז נאָר דאָס געדעכע־ניש וועגן איר באַקאַנטשאַפט מיט שלאַמעקן, וואָס האָט פאַר איר זיך געצויגן אין אירע פאַנטאַזיעס ווי אַ ליכטיקער שטראַל, אַזאַ ליכטיקער, וואָס האָט איר ווי געגנאָגט, געלאָקט און געצויגן כסדר צו טראַכטן, און נאָך אַ מאָל, ווידער אַ מאָל איבערצולעבן דאָס פריערדיקע מיט שלאַמעקן.

שלאַמעק איז געוואָרן די האָפענונג אירע, די טרייסט און דער אַנלען אין איר פאַרשקלאַפטן לעבן. מיט אים האָט זי זיך געטראָפן יעדן אָוונט, ווען ער איז אַרויסגעקומען פון דער אַרבעט, און אָוועקגעשטעלט זיך אויפן ראָג גאַס לעבן איר.ביידע האָבן געקענט נאָכן פאַרענדיקן דעם האַנדל מיט די בייגל, אַהיימגיין, אָוועקטראָגן דאָס פאַרדינטע געלט אירע עלטערן, כדי באַלד דערנאָך אַרויסצוגיין אין טויער, אָדער אין זעלבן הויז, דאָרט אָפּשטיין שעהען לאַנג, שמועסן, רעדן, אָן אַ שיעור, אָן אַ סוף, ביז זיי האָבן זיך געקאָנט אָפּרייסן פון זיך און שלאָפן גיין.

שלאַמעק האָט גערעדט מיט איר וועגן דעם אַלעמען, וואָס האָט אים אינטע־רעסירט אין זיינע ביכער, וועגן דער פּאָליטיק פון די צייטונגען, וואָס ער האָט דורכגעזען, און איר דערציילט די אַלע מעשיות, וואָס ער האָט אין דעם פריזיר־אַנשטאַלט געהערט אַ גאַנצן טאָג. אַ שטאַרקע הנאה האָט זי געהאַט, ווען ער האָט

אַזוי באַוווּסטזיניק, און ווי אַ לערער, איר אויפגעוויזן, אַז נאָר „יענע־אונדזערע" וועלן אַרויסגיין די זיגער פון קריג, און אַז דעמאָלט טאַקע וועט פּאַר זיי אויפשיינען די זון, — אַזאַ זון, וואָס וועט אויסגלייכן די אויפגעבלאָזענע, אויפגעיוירענע קנייטשן אויף זייערע פּנימער, וועט אויסלייטערן זייערע פאַרפינצטערטע בליקן, און וועט אַראָפּוואַשן דעם יאוש־גלאַנץ פון זייערע פאַרצווייפלטע געמיטער...

שלאָמעק האָט אויך געאַרבעט אין דער שטיל ביי עפּעס אַן אַרבעט, וואָס ביידע האָבן דערפון הויך נישט גערעדט, נאָר שטיל, באַהאַלטענערהייט אַריינגע־שושקעט אין זיך, אין די וואַרעמע אויערן, אין די הייסע אָטעמס אַריין, דעם זיסן סוד פון באַפרייונג, פון אויסלייזונג. זי, באַשקע, האָט ווינציק צייט געהאַט מיט דעם זיך אָפּצוגעבן. אָבער קיין מאָל האָט זי נישט פאַרפעלט אַוועקצורייסן פון אים די קליינע פּעקלעך, וואָס זענען אַזוי ממזריש געוואָרן דורך אים פאַרפּאַקט, אַריינצולייגן אין איר זעמל־קוישל, און דאָס אַוועקצוטראָגן ערגעץ אין אַן אָרט, ווו מ׳האָט דאָס פון איר אויך אויף אַזאַ שטילן, בסוד־סודותדיקן אופן צוגענומען.

דאָס — האָט זי געוווּסט — איז אַן אַרבעט, וואָס דאַרף צוהעלפן „יענע" דאָרט אין זייער שווערער מי, כדי פאַר זיי דאָ די הילף וואָס גיכער צו ברענגען. ווי אַ געוועזענע אַקטיוויסטין נאָך פון פאַר דער מלחמה, האָט זי געוווּסט אַלע כללים ווי אַזוי די אַרבעט צו פירן, און היינט, ביי די נייע הפקר־באַדינגונגען, האָט דאָס געמוזט אויך אויף אַ נייעם אופן אויסגעפירט ווערן...

שלאָמעק האָט מיט איר לאַנג און זייער ברייט דיסקוטירט וועגן דער דאָזיקער אַרבעט. ער האָט איר גאָר אויפגעוויזן, אַז גראָד די איצטיקע באַדינגונגען פאַר־לייכטערן אַ סך זייערע אויפטועז.

— „צי איז דען נישט — האָט ער געטענהט — זייער איצטיק לעבן אַ הפקר־עקזיסטענץ, אַ לעבן, ווו זיי ווייסן נישט צי אַ מינוט אַרום וועט אַ „בייזער שלאַק" ביי זיי דאָס געזונט צוזאַמען מיטן קערפּער נישט צורייבן, אַוועקרייסן?"...

„און אויב שוין יאָ הפקר־פּיעטרושקע — האָט ער זיך ביטער געוויצלט — קענען מיר דאָך דאָס אויסניצן אויף אונדזער צוועק".

— „גייסט אַרויס אויף דער גאַס — האָט ער זי איבערצייגט — קאָנסטו אָנ־טרעפן אויף די „בייזע שלעק", וואָס קאָנען אָן שום פאַרוואָס דיך דערשיסן, אַרעס־טירן, שלאָגן, פאַרוווּנדן. — און ווער וועט דיך דעמאָלט פאַרטיידיקן, ווער?

איין מאָל, אין אַ זומערדיקן טאָג, פאַר נאַכט צו, ווען ער האָט זיך מיט איר געטראָפן אויף ראָג גענשע־נאַלעווקעס, ביים אָפּשטעל פון טראַמוויי, איז אַראָפּ־געפאַלן אַ שטאַרקער גאָס רעגן. ביידע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אונטערן באַלקאָן, כדי נישט צו ווערן אויסגעווייקט.

באַלד האָבן זיך לעבן זיי אַוועקגעשטעלט עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן אויך זיך געוואָלט אויסהיטן, אָפּוואַרטן דעם רעגן. ביידע האָבן זיך ספּעציעל צוגעקוקט צו אַ מאָדנעם פּאָרל, וואָס איז געשטאַנען האַרט לעבן זיי. זי, אַ פרוי פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק, אויסגעדאַרט, מיט אַ פאַרדאַגה׳ט, פאַרצאָגט טרוקן פּנים,

מיט פֿאַר דער צייט געעלטערטע קנייטשן אויפֿן שטערן, האָט געהאַלטן איין קינד, פֿון אַ יאָר דריי אויף דער האַנט און אַן עלטער קינד פֿון אַ יאָר פֿינף אָדער זעקס איז געווען צוגעקלאַמערט צו איר קלייד.

פֿאַרחושכט, פֿאַריאושט, האָט זי געקוקט אויף די שינעס, נאָכגעפֿאָלגט דאָס בלישטשענדיקע וואַסער, וואָס האָט אַזוי פֿריי, לוסטיק און אָן שום מורא אַרויסגע־פּלייצט פֿון דאָרט און זיך צעגאָסן איבערן ברייטן מיטן־וועג. ס׳האָט אויסגעזען, אַזוי ווי זי וואָלט אַליין זיך געוואָלט פֿאַרענדערן אין אַזאַ ביסל וואַסער, אין אַזאַ רעגן, וואָס קען אָפֿן, דרייסט און מיט אַזאַ שפּילעוודיקייט, זיך צערינען, צעשווימען, איבער דער ברייטער, פֿרייער וועלט...

מיט אַ מאָל איז אָנגעפֿאָרן אַ ״קריסטלעכער״ טראַמוויי, אַ זיבעצנטל. די פֿרוי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט אַ ריס־געבן פֿון אָרט, כּדי צוצוגיין צום טראַמוויי. אָבער נאָך האָט זי נישט באַוויזן זיך אַ ריר־צו־געבן פֿון איר אָרט, ווי איר מאַן, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין אַ ווינקל, אונטערן באַלקאָן איז פֿון דאָרט אַרויסגעגאַנגען אין מיטן טראָטואַר אַרויס, אונטערן גרויסן שלאַקס־רעגן...

דאָס איז געווען אַ ייִד, מיט אַ לענגלעכער באָרד, אַ חסיד, מיט לאַנגע פּיאות, און אַ לאַנגער קאַפּאָטע, מיט אַ ייִדיש היטל. דאָס פּנים איז געווען אויסגעדאַרט, און נאָר מיט הויט און ביינער אויסגעפּילט. בלויז די אויגן ביי אים האָבן גע־פֿינקלט מיט אַ בלישטשענדיק ווילד פֿייערל.

באַשקע האָט נישט געקענט אַראָפּלאָזן אירע אויגן פֿון דעם ייִד, פֿון זיינע אויגן איר בליק אָפּרייסן. אַ ריזיקער כּוח האָט זיך אַרויסגעגאָסן פֿון זיינע אויגן און אַ ים מיט הייסע, קאָכעדיקע ווערטער האָט געשווימט איבער זיינע ליפּן...

מיט אַ גמרא־ניגון האָט דער ייִד גערעדט צום ווייב. נאָכוואָס זאָל זי לויפֿן פֿון דאַנען, ווען גאָט איז אומעטום, ווען דער אייבערשטער קאָן ברענגען די ישועה אין יעדער רגע, ווען ער זאָרגט פֿאַר זיינע שעפּעלעך אַפֿילו אין דעם קלענסטן מינדעסטן פֿינגער זיינעם.

— איך וויל נישט שטאַרבן פֿאַר הונגער, כ׳קען נישט צוזען דעם צער פֿון די קינדער! — האָט דאָס ווייבל נישט געקוקט אין זיין זייט, אַזוי ווי זי וואָלט מורא געהאַט און געציטערט פֿאַר דעם ריזן־כּוח, וואָס איז געלעגן אין זיינע בליקן, פֿאַר דעם הייסן פֿייער, וואָס האָט געשפּראַצט פֿון זיינע ווערטער אַרויס.

עטלעכע מאָל איז שוין דער טראַמוויי געהאַט פֿאַרבייגעלאָפֿן, נישט אָפּגעשטעלט זיך, און אָט איז יעדעס מאָל ביים סאַמע ראַג־גאַס, עמעצער, אַ ייִדישער יונגערמאַן, וואָס האָט דעם מגן־דוד ביים לויפֿן אָוועקגעשליידערט מיט רוגזה, אָדער אַ צווייטע פֿרוי שוין אָן אַזאַ שאַנד־פֿלעק, אַרויפֿגעשפּרונגען אויף די טרע־פּלעך פֿון טראַמוויי, ווו דער קאָנדוקטאָר האָט זיי אונטערגעהאָלפֿן איינשטייגן. תמיד אין אַזאַ פֿאַל, זענען די צעשראָקענע אויגן פֿון דעם ווייבל נאָכגעלאָפֿן די מענטשן, וואָס האָבן זיך אויף אַזאַ אופֿן אַרויסגעקריגן פֿון ייִדישן גהינום, אַזוי ווי זי וואָלט זיי מקנא געווען זייער פֿרייקייט, זייער העלדישקייט צו וואָגן, צו קענען

אומגעשטערט דורך קיינעם זיך ראַטעווען. אָבער אַלע מאָל דעמאָלט האָט זיך אַ שיט געטאָן אַ מבול מיט ווערטער רייד און מוסר, וואָס זענען דורכגעפלאָכטן געווען מיט תורה, מיט פסוקים פון רבנים, אַרויסגענומען פון די הייליקע ספרים. מיט זיי האָט דער ייד געשראָקן זיין ווייב, געוואָרנט און געסטראַשעט, און געמאַכט פון דער העלדישער מאַמע, וואָס האָט געוואָלט אירע קינדער ראַטעווען, אַזאַ פּחדנות, אַזאַ צעשראָקענע, אַז זי האָט דאָס קינד ביי דער האַנט, אָן אויסגעבלייכטס, אָן אַ טראָפּן בלוט, נאָר מיט די זעלבע גלאַנציקע אייגעלעך, ווי ביים פאָטער, האָט אויך דאָרט עפּעס גערעדט אין דער שטיל.

— לאָמיר פאָרן מאַמע, שטיי נישט, ס'ווערט דאָך שוין נאַכט! לאָז אים נישט רעדן, קום שוין, דער טראַמוויי גייט דאָך, קום!

דעמאָלט האָט די מאַמע געקריגן רייד. זי האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ נידעריק, באַלד נאָענט צו דער ערד, אַריינגעגראָבן אירע רייד אין דעם קינדס קעפּל, וואָס זי האָט געטראָגן אויף דער האַנט, און געטענהט מער צו זיך, ווי צום מאַן:

— אַז שטאַרבן וויל איך שוין גלייכער אין דער היים! ס'איז מיר שוין אַלץ איינס, נאָר אַ סוף זאָל נעמען צו די צרות, מער קען איך נישט צוזען ווי די קינדער שטאַרבן ביסלעכווייז אָפּ. בעסער שוין פאָרן צו אונדז אין שטעטל. אפשר וועט זיך גאָט מרחם זיין, ס'קומט דאָך אונדז אַזוי פיל חובות, אַביסל זאַכן האָב איך דאָך באַגראָבן, כ'וועל עס פאַרקויפן, ראַטעווען די קינדער! וואָס פאַר אַ זינד וויל איך דען באַגיין, וויל איך דען? ...

— קעגן רבונו של עולם ווילסטו גיין? ער, וואָס היט אָפּ זיין פאָלק ישראל, ווייסט בעסער פון דיר, פאַרוואָס ר'האָט אונדז אַריינגעוואָרפן אין דעם כף־הקלע... אוי, זאָלסט נאָר נישט פאַרשפּילן די וועלט און יענע וועלט פאַר דיינע פינצטערע מעשים...

באַשקען איז געוואָרן אַזוי שווער אויפן האַרצן, אַזוי ענג, שטיקנדיק האָט איר דער אָטעם געשפּאַרט דורכן האַלדז, אַז נישט געקוקט אויפן שטאַרקן גאָס רעגן האָט זי שלאָמעקן אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט, אָוועקגעצויגן אים פון אונטערן באַלקאָן אַפער, און איז אַנטלאָפן, ווילד, ווי געיאָגט דורך עמעצן, האָט זי גאַלאָפּירט פּשוט איבער דער גאַס אַ היים.

לאַנג האָט שלאָמעק מיט איר גערעדט, געאַמפּערט זיך מיט איר, דיסקוטירט און איבערצייגט, אַז מען טאָר זיך אַזוי נישט איבערנעמען דערמיט, ווייל פעלן דען צרות דאָ? טרעט זי דען נישט כסדר אויף טויטע גופים, אויף מענטשלעכע צעבראָכענע קערפּערס, וואָס וואַלגערן זיך דאָ אַרום און אַרום? ...

ס'איז אָבער געבליבן אָן שום ווירקונג זיין איינרעדן איר. זי האָט דאָס טאַקע אַלץ פאַרשטאַנען, זייער גוט באַנומען מיטן שכל, נאָר איינשטילן דאָס האַרץ, וואָס האָט זיך ווי אַ גנב, ווי אַ בייזער גזלן, אַ צאַפּל געגעבן אין איר בשעת אַזאַ אומגליק האָט זיך איר נאָענט אָנגערוקט — האָט זי נישט געקאָנט.

איז איר אַנטקעגנגעגאַנגען אַ בעטלער, וואָס איז אַ געשוואָלענער געקראָכן

אויף דער גאַס, גערופן ווי די שטומע וואָנט צו די מענטשן נאָך הילף, און קיינער האָט זיך דערויף נישט אָפּגערופן, — האָט זי געמוזט אַרויסציען פון איר בייטעלע פינף גראָשן און אים דערלאַנגען. אַנדערש — האָט זי געפילט — קען זי פּלאַצן. האָט זיך באַוויזן דער אומגליקלעכער בעטלער, דאָס ייִנגל מיט די בלאָע אויגן, וואָס האָט אַזוי ציטערנדיק געזונגען זיינע שטענדיקע ווערטער:

— שענקטס עפּעס, ייִדישע קינדער. שענקטס עפּעס! טייערע ייִדישע הער־צער! — האָט זי זיך געמוזט אָפּשטעלן, קוקן ווי ער שאַרט זיך אויף זיינע קניען, אַרומגעוויקלט מיט צעריסענע שמאַטעס, און ווי דער קאָפּ זיינער, וואָס איז אַזוי צעיוירן געפּאַלדעוועט, וואַקלט זיך צום טאַקט פון זיין געזאַנג: — שענקטס עפּעס, שענקטס עפּעס, ייִדישע קינדער!...

אָדער גאָר די מעשה מיט די דריי קינדער ביי איר אַליין אין הויז. ווער נאָך אַחוץ איר, וואָלט זיך מיט אַזאַ "נאָרמאַלער זאַך" היינט איבערגענומען? קיינער נישט. די קינדער וואָלטן אויסגעגאַנגען פון הונגער, אָדער אפשר וואָלט זיך בלויז דער עלטסטער אַליין געראַטעוועט.

די עלטערן פון די דריי קינדער זענען אָפּגעשטאָרבן. ווי אַזוי, צי פון הונגער, צי זענען זיי קראַנק געוואָרן אויף דער מאָדישער טיפוס־קרענק, אָדער סתם פון אַן אַנדערער סיבה; קיינער האָט וועגן דעם גאָרנישט געוווסט. נאָר איין מאָל איז זי, באַשקע, פאַרבייגעגאַנגען דורכן הויז, טאַקע באַלד אין דער פרי, אַ זייגער פינף, און האָט דערהערט אַ געוויין פון קליינע קינדער. דאָס געוויין איז געווען אַזאַ פּילבאַרעס, ס'האָט איר אַזוי אָנגענומען ביים האַרץ, אַז זי האָט זיך אויף קיין מינוט נישט געוואַקלט און איז צו זיי אַריינגעלאָפן.

געטראָפן האָט זי די קינדער ליגן אין גאַנצן אויף דער ערד, אָן שום צודעק, אָן שום שטרוי־זאַק. מיט איינצלנע צעריסענע קליידלעך אויף זייערע אויסגע־מאָגערטע גופימלעך, האָבן זיי זיך געטוליעט איינס צום אַנדערן און געוויינט.

זי האָט זיי געפרעגט עפּעס וועגן אַ טאַטן, אַ מאַמען, פאַרוואָס זיי וויינען, וואָס זיי ווילן, אָבער זי האָט שוין נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער.

— קומט! האָט זי זיי געריסן פון דער ערד. — קומט מיט מיר! — זי האָט זיי עטוואָס אויסגעגלייכט די מלבושימלעך, אַרומגעפּוצט, אַרומגעבונדן, און זיי די הענטלעך צונויפגעפּלאָכטן.

די קינדער זענען איר נאָכגעלאָפן, אַזוי ווי אַ מאָל דער מאַמען, און זי איז געגאַנגען דאָס מאָל מער ווי שטענדיק אַראָפּגענידערט דעם קאָפּ אין דער ערד אַריין...

מיט אַ מאָל אויפן ראָג גאַס, איז געוואָרן אַ בהלה. פון וואַנען? ווער? ווען? האָט קיינער נישט געוווסט. ס'האָט זיך דערהערט אַ געשריי, אַ שאָס איז געפאַלן, מענטשן האָבן געטרעטן איינער אויפן אַנדערן. ווידער איז געפאַלן איין שאָס, אַ צווייטער און אַ דריטער, און באַלד איז די גאַס געוואָרן אין גאַנצן לעער.

אַליין האָט זי זיך געפונען שטיין צונויפגעשטופּט אין אַ טויער. דאָ האָבן זי מיט נאָך אַנדערע ייִדן אַריינגעשטופּט די "בייזע שלעק". פון דאָנען האָט מען

עטלעכע יידישע יונגעלייט אַרויסגעפירט, וווּהין? נאָכוואָס? שאַ, שטיל, שווייג!...

ווען זי איז ענדלעך אַרויסגעלאָפן צוריק אויף דער גאַס אַ באַפרייטע, האָט זי שוין די קינדער אין ערגעץ נישט געטראָפן. זי איז באַלד צוריקגעלאָפן אַ היים, אָבער אויך דאָרט זענען זיי נישט געווען. דער טאָג איז אַריבער ווי תמיד, היינטיקס מאָל איז דער קאָפּ פולער געוואָרן מיט דאגות, וואָס זי האָט אַליין גענומען אויף זיך, און ביז שפּעט אין אָוונט האָבן ביידע, שלאָמעק און זי, באַשקע, אַרומגעזוכט די קינדער און זיי נישט געקאָנט געפינען.

ערשט אין עטלעכע טעג אַרום האָט זי זיי געפּאַקט. אַלע דריי קינדער זענען געלעגן אויף דער ערד, לעבן אַ פּאַרקן. די צוויי קלענערע, איינס פון אַ יאָר פיר דאָס צווייטע פון אַ יאָר דריי, האָבן זיך געקלעבט, זיך געשפּילט מיט די הענטלעך, מיט די פיסלעך, געפּאַטשט און געשטיפט, אַזוי ווי ס׳וואָלט זיי גאָר איצט ווויל און ליכטיק געווען אויף דער וועלט. דער דריטער, דאָס עלטערע אַכטיאָריקע ייִנגל, האָט געהאַלטן אויסגעשטרעקט די רעכטע האַנט אין מיטן טראָטואַר אַרויס און געזונגען אַ באַקאַנט לידל.

— שענקטס עפּעס, שענקטס עפּעס, יידישע קינדער, שענקטס עפּעס, שענקטס עפּעס, יידישער הערצער!...

דערביי איז געשען דאָ עפּעס אומגעוויינלעכס. מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, פאַרבייגייער האָבן פאַרהאַלטן זייערע טריט, באַטראַכט מיט נייגיר, אַ סך מאָל מיט רחמנות, און גאַנץ אָפּט מיט אַ האַרציק שמייכעלע אויפן צופרידענעם אָדער פאַרצאָגטן פּנים אַ וואָרף געגעבן דעם יאָטל אין דער האַנט אַריין אַ מטבע.

דאָס ייִנגל האָט די גראָשנס אַריינגערוקט אין טאַש פון זיינע האַלב־צעריסענע הייזלעך, דאָרט זיך אַ קלאַפּ געגעבן מעשה גוטער סוחר און ווידער זיך צעזונגען מיט זיין אומעטיקן ניגון:

— שענקטס עפּעס, יידישע קינדער, שענקטס עפּעס....

באַשקע איז געשטאַנען מער ווי אַ שעה צייט און געקוקט. אַ ביסל האָט זי דאָרט געלייזט פאַר אירע זעמל, נאָר מער האָט זי אָפּרייסן נישט געקענט אירע אויגן פון די קינדער, וואָס ליגן זיך גאַנץ צופרידן אויף דער ערד, שפּילן זיך, און פילן גאָרנישט, אַז זיי זענען עלנט, אַז זיי ליידן נויט, אַז קיין טאַטע־מאַמע האָבן זיי נישט און קיין היים שוין אוודאי נישט.

עטלעכע מאָל האָט זיך דאָס עלטערע ייִנגעלע אויפגעכאַפּט פון זיין אָרט, אַריינגעלאָפן אין דער "וואַלוווקע", צוגעגאַנגען צו אַ קוישל, ווו אַ יידענע האָט געהאַט ברויט צו פאַרקויפן, איר אַריינגעציילט זיינע גראָשנס און געקריגן אַ פערטל קילאָ ברויט, מיט עטלעכע צוקערלעך אַ צולאָג.

דאָס ברויט האָט ער צעריסן מיט זיינע קליינע הענטלעך אויף דריי חלקים, צעטיילט אויף גלייכע טיילן, און זיך דערווייל נאָר אַריינגערוקט אַ צוקערל אין מויל, וואָס האָט אים נאָך אומעטיקער, נאָך טרויעריקער געמאַכט דאָס געזאַנג.

דאָס דאָזיקע בילד האָט איר גאַנצן צעחושכט. זי איז געווען ווי צעמישט אַ גאַנצן טאָג. די קינדער האָבן זי שוין נישט דערקאַנט, דאָס עלטערע ייִנגל האָט

מיט אומטרויעו איר אַריינגעקוקט אין קיישל געבעקס, אַזוי ווי ער וואָלט אין זינען געהאַט פון איר אַרויסצובעטלען אַזאַ גוט זעמעלע, אָדער דאָס צו קויפן פאַר זיינע קינדערלעך...

אויף אַלע אירע פראַגן, האָט ער אונטער דער נאָז אָפּגעהאַקט געענטפערט, אַז ער האָט שוין אַ שטוב, אַז ער דאַרף קיינעם נישט האָבן, און אַז ער קען זיך אַליין גוט אַן עצה געבן...

איר האָט שטאַרק געוואונדערט זיינע דערוואַקסענע תשובות, און נאָך מער דאָס, וואָס ער איז אַזוי האַפּערדיק געוואָרן, אַזוי זיכער און גרויס, ווי ער וואָלט געוואָרן אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס מ׳דאַרף זיך אויף אים ספּעציעל דערקענען...

ביידע, זי און שלאָמעק, האָבן די קינדער מיט עטלעכע טעג שפּעטער — נאָך דעם ווי זיי זענען אַרומגעלאָפן אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס זיך אויסצובאַמיען אַן אָרט פאַר זיי — באַשטאַט אין אַן אינטערנאַט אויף דזיעלנאַ און אויסגעבעטן זיך ביי אַ דערציערין אַ דערלויבעניש דאָ פון צייט צו צייט אַרויפצוקומען צו די קינדער.

זייער שווער איז אָנגעקומען דער דערציערין און זיי ביידע צו פּועלן ביי דעם עלטערן ייִנגל, אַז ער זאָל באַוויליקן צו פאַרבלייבן אין יתומים־אַנשטאַלט. בשום אופן האָט ער נישט געוואָלט זיך לאָזן פירן דורך שלאָמעקן, און ווען יענער האָט אים דאָך גענומען אויף דער האַנט מיט געוואַלד, האָט ער זיך שטאַרק געאַמפּערט, געקאַפּעט אים מיט די פיס, און מיט די הענט געשלאָגן אויף אַלע זייטן.

דערנאָך איז ער שוין אפילו באַשטאַנען, אַז די קינדער זאָלן דאָ בלייבן; נאָר ער אַליין האָט זיך געוואָרפן צו דער טיר, געקלאַפּט, ווי אַן אַרעסטירטער, מיטן קאָפּ, און מיטן גאַנצן גוף, נאָר זיך פון דאַנען צו באַפרייען.

לאַנגע וואָכן האָט געדויערט, ביז וואַנען משהלע האָט זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז ער וועט דאַרפן דאָ פאַרבלייבן אויף שטענדיק. געלונגען איז דאָס קוים דער לערערין, וואָס האָט אים גענומען אויף אַ ״קאַנט״ דערמיט, וואָס זי האָט אים איינגערעדט, אַז ער דאַרף זיין אַ מאַמע צו זיינע קינדער, און אויב אַזוי, ווי קען ער גאָר זיי איבערלאָזן אַליין? אפשר וועט מען זיי טאָן אַן עוולה דאָ... דאָס האָט טאַקע געווירקט, און נאָך מער אפשר דאָס, וואָס די דערציערין האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו זיין אַן אויפזעער איבער די איבעריקע קינדער אויך.

די פּאָר חדשים זיין אַ בעטלער אויף דער גאַס האָט אים אַזוי איבערגעאַנ־דערשט, אַז אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע קינדער פון די זעלבע יאָרן אין אינ־טערנאַט, איז ער געווען מיט עטלעכע יאָר לויטן שכל עלטער...

**מנחם סטעמפּל**

# לידער

## אַ באַזוך

דער טאַטע, די מאַמע,
די שוועסטער
מאַכן ביי מיר אַ באַזוך —
די מאַמע
פרעגט מיך ווי עס גייט מיר,
איך גרייט צו פאַר זיי
אַ פרישטיק,
אָבער זיי עסן נישט,
זיי זענען אומגעקומענע — —

## אַ טרער אויף מיין שטעטל

געטראָפן פון ליבע
גיי איך אין מדבר —
כ׳שריי ווי אַ לייב
מיט צעשויבערטער גריווע —

אָפּגעוויינט אַ טאָג,
אָפּגעוויינט אַ נאַכט
די טרערן אין מיין האַנטפלאַך
איינגעזאַמלט

ביי טאָג: ווייסע טרערן,
ביי נאַכט: שוואַרצע טרערן
ביי זונפאַרגאַנג: רויטע
ביי זונפאַרגאַנג: רויטע

איך טריקן די טרערן ביי דער זון,
איך צי זיי אויף אַ שנירל,
וויקל זיי אַרום מיין וואַנדער-שטעקן,
איינגעהילט אין שטילקייט
גיי איך אין מדבר —

# זיצט די לבנה אויפן דאַך פון בית-המדרש

די לבנה
מיט אַ פול פּנים
זיצט אויפן דאַך פון בית המדרש,
שיט זילבער אויף דעם שטעטל,

יידן מיט באַזילבערטע בערד
טאַנצן צו דער לבנה,
מיט אַ שלום-עליכם
זאָל אויפגיין דיין ליכט,
באַלויכטן אַלע וועלטן —

טאַנצט די לבנה מיט די יידן —

האַק און מעסער
האַפּקען טאַנצנדיק
איבער גאַס און געסלעך,
פון טיר צו טיר,
דאָס שטעטל איז חרוב,
טראָגט זיך אַן אימה
מיט אַ געשריי,
וויי און וויי — —

זיצט די לבנה
מיט אַ פול פּנים
אויפן צעבראָכענעם דאַך
פון בית המדרש —
קיינער טאַנצט נישט צו דער לבנה
קיינער זאָגט ניט: שלום-עליכם,
קלעטערט די לבנה אַראָפּ פון דאַך
אַ בלאַסע,
אַ פאַרשעמטע,
לאָזט זיך גיין
נאָך די טריט פון די יידן — —

# אהרון אַשמאַן

## דער שווייגער

דאָס אַכט־יאָריק יינגעלע, צוזאַמען מיט זיין מוטער, די אלמנה, איז אָנגעקומען אין לאַנד אַריין מיט די ערשט אָפּגעראַטעוועטע פון פייער.

— ער קען אויסגעצייכנט עברית — האָט די מאַמע געזאָגט צו דער לערערין. איך מיט מיין גאָטזעליקן מאַן האָבן מיר ביידע געלערנט אין גלות אין אַ העברעישער גימנאַזיע און אין שטוב גערעדט העברעיש.

די לערערין האָט זיך אָנגעבויגן צום יינגעלע — די הענט פאַרקלעמט צווישן אירע קני, און אירע האָר האָבן זיך אַראָפּגעכוואַליעט אויפן אַקסל; איר שטים איז געווען האַרציק, צעזונגען:

— ווילסט לערנען ביי אונדז?

דאָס קינד האָט געשוויגן. געביסן אַ נאָגל און קרום געבליקט פון אונטערן שטערן אַפּויר — געשפּאַנט און צוריקגעהאַלטן.

— פאַרוואָס שווייגט ער. — פרעגט די לערערין דער מוטער.

— ער איז שוין אַזאַ... — מורמלט די מוטער און גלעט דעם אַקסל פון יינגעלע, גלייכט אויס די קנייטשן אויף זיין העמדל, גלייכט אויס און צעקנייטשט ווידער — ער איז שוין אַזאַ. פון דאַן אָן... פון לאַגער. אָבער ער וועט רעדן. ער איז אַ גוט קינד.

די לערערין האָט זיך אויסגעגלייכט און אָפּגעאָטעמט. זי האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן קלאַס. אויפן פענצטער־פּאַראַפּעט איז געשטאַנען אַ וואַזאָן מיט אַן איינגעשרומפּן האַרט און שטעכיק געוויקס. איר בליק האָט זיך פאַרהאַלטן אויפן פלאַנץ און אַ ביטערער שמייכל איז אַדורך אירע ליפּן.

נאָך די לעקציעס האָט נאָך די לערערין נישט ווייניק צו טאָן, אָבער דער נייער שילער פאַרנעמט איר געדאַנק אויך אין איר פרייער צייט. שוין אַדורך עטלעכע וואָכן און זי האָט נאָך נישט באַוויזן אַרויסצוקריגן פון אים אַ וואָרט. קיין זאַך האָט איר נישט געהאָלפן. זי האָט זיך באַמיט אים דערנעענטערן — האָט אים געזעצט אין דער ערשטער ריי אין מיטן, האָט זיך באַמיט אים אַריינצוציען אין אַ געשפּרעך, האָט אויף אים אַרויפגעלייגט פאַרשידענע געהילפס־פונקציעס, וואָס דאָס קליינוואַרג כאַפּט זיך שטענדיק צו דעם — און אַלץ אומזיסט. ער האָט זיך ווייטער אָפּגעזונדערט און געשוויגן.

„מיינע באַמיונגען דערוועקן ביי אים חשד" — האָט די לערערין געטראַכט, און דעמלט איז זי געפאַלן אויף אַ נייעם פּאַרטל. זי האָט אים איבערגעזעצט אין דער לעצטער ריי, ביים וואַנט, און האָט אויפגעהערט אים צו באַטייליקן. זי האָט

געהאָפט, אַז איר גלייכגילטיקייט וועט אים צווינגען צו פאַרלאַנגען איר אויפֿמערקזאַמקייט. אויך דאָס האָט נישט געהאָלפֿן.

אין די איבעררייסן האָט ער זיך נישט אויסגעמישט מיט די קינדער און נישט אָנטיילגענומען אין זייערע שפּילערייען. זיי האָבן געוווּסט וועגן זיינע איבערלעבונגען און האָבן אים נישט געטשעפּעט. איין שילער האָט אים געפּרוּווט אַ מאָל איבערגוואַלד אַריינשלעפּן אין קרייז, האָט ער אים אַ ביס געטאָן אין דער האַנט. ביסלעכווייז האָבן אים די קינדער געלאָזט צורו, און ״דער שווייגער״ — ווי זיי האָבן אים גערופן, האָט ביי זיי באַקומען אַ פּנים פון אַ מין קעגנשטאַנד, אַן אויסטערליש מעבל־שטיק וואָס לעבט זיך זיין אייגן לעבן...

און אין איינעם אַ טאָג איז עס געשען.

אין חלל פון קלאַס, וואָס איז געווען פאַרזונקען אין אַ געדעמפּט ליכט פון רעגנדיקן ווינטער־פרימאָרגן האָט דורכגעשניטן אַן אויסרוף:

— לערערין, דער שווייגער הייבט אַ פינגער! ער וויל עפּעס זאָגן!

די שטולן אין קלאַס האָבן זיך צעסקריפּעט. די קינדער זענען אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער און געקוקט אויף הינטן, צום שווייגער. דאָס איז געווען אַ לעקציע פון תנ״ך און אין די אָפענע ביכלעך איז אויף די זייטן אַרומגעשווומען נח׳ס תבה אויף זיגזאַגיקע כוואַליע־שטריכן.

— ער הייבט אַ פינגער! ער וויל ענטפערן — האָבן נישט אויפגעהערט די שטימען אין קלאַס.

דער שווייגער איז געשטאַנען — מיט אַן אויפגעהויבענעם פינגער און דעם קאָפּ אויסגעשטרעקט פאָרויס, ווי ער וואָלט אָנגעוויזן אויף עפּעס אין דער ווייט, וואָס געפינט זיך פון יענער זייט־שול־וואַנט.

— גוט, טוב... זאָגט וואָרעם די לערערין — ענטפער ליבינקער, ענטפער. ווי שטעלסטו זיך פאָר דעם מבול, די מענטשן בעתן מבול, די חיות, אַלץ אַלץ...

די לערערין האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן טיש, איר קאָפּ עטוואָס איינגעזונקען אין די אַקסלען און אָנגעשטרענגט דאָס געהער.

— אַלע זענען אַנטלאָפן, אַנטלאָפן — חיות, מענטשן — אַנטלאָפן... — האָט דאָס יינגעלע אַרויסגערעדט מיט אַ שווערן אָטעם, מיט אַ ליידיקער שטים — און זיי האָבן געשריגן, שרעקלעך געשריגן. טאַטעס און מאַמעס האָבן געשריגן: ווו איז מיין קינד? ווו איז מיין קינד? און קינדער האָבן געשריגן: ווו איז מיין מאַמע? ווו איז מיין טאַטע? און די הינט האָבן געבילט, אויך די לייבן, די בערן און אַנדערע חיות.

די שילער זענען געשטאַנען צוגעשמידט צום אָרט און נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פונעם יינגל. אויף זיינע באַקן זענען אַרויס צוויי רויטע פלעקן און זיין שטים איז געוואָרן וואָס אַ מאָל קלאָרער.

— דאָס וואַסער איז אָנגעפלאָסן פון אַלע זייטן. מען וויל אַנטלויפן אויף איין זייט, קומט אַן אַ גרויסע כוואַליע — טאַך! גלייך אין פּנים אַריין! אויף דער צווייטער זייט, ווידער — טאַך! אַ גרויסע כוואַליע אין פּנים אַריין. מען קריכט אויף

די פּאַרקאַנעס, דערנאָך אויף די ביימער, הויך־הויך, ביזן שפּיץ. דערנאָך ווערט נאַכט. שוואַרצע געדיכטע פינצטערניש...

— ער דריקט צו די אויגן און שפּרייט פונאַנדער די הענט:

— מען זעט נישט גאָרנישט, גאָרנישט. מען הערט נישט גאָרנישט, גאָרנישט. בלויז אַ געוויין. אַזאַ לאַנג געוויין אָן אָן איבעררייס: וו־וו־וו...

לאַנג איז ער געשטאַנען און געיאָמערט, באַוועגנדיק דעם קערפּער אויף רעכטס און לינקס, און די שילער האָבן אויסגעגלאָצט די אויגן און האָבן זיך צוזאַמענגעדריקט. די לערערין האָט געביסן די ליפּן און אַ בלוי אָדערל האָט זיך באַוועגט אויף איר האַלדז.

— און אין דער פרי איז אויפגעגאַנגען די זון. און עס זענען נאָך געווען מענטשן. נישט קיין סך. אויך קינדער זענען געווען, הויך־הויך אויף די ביימער. אָבער זיי האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח. און זיי זענען געפאַלן — טאָך! אין וואַסער אַריין! טאָך — אין וואַסער אַריין. און קיין בערן זענען שוין נישט געווען, און קיין לייבן זענען שוין נישט געווען, אַלץ איז דערטרונקען געוואָרן. באַר פיש זענען געווען, אַזעלכע גרויסע, מיט אַזעלכע גרויסע מיילער, מיט ציינער ווי מעסערס, און אויסגעשטרעקטע רויטע צינגער, ווי ביי הינט... און זיי פאַרצוקן, צערייסן פיס, הענט, און זיי קייען און שלינגען, קייען און שלינגען...

— מאַמע! — האָבן די קינדער געשעפּטשעט מיט ציטער און איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

— און דערנאָך איז דאָס וואַסער געפאַלן, געפאַלן, און די ערד איז געוואָרן טרוקן. און דעמלט האָט מען גאָרנישט מער געזען — בלויז שיך אויף דער ערד אַ מאַסע שיך, קליינע און גרויסע, מיט בענדלעך און אָן בענדלעך, מיט קנעפּ און אָן קנעפּ, בערג, בערג מיט שיך. שוואַרצע, געלע, ווייסע...

פאַרוואָס קלינגט מען נישט צום איבערייס? — האָט זיך די לערערין אויפגעריסן פון אָרט מיט אַ פאַרשטיקטער שטים — ס'איז דאָך צייט.

זי האָט זיך געלאָזט צו דער טיר, אָפּקערנדיק דעם בליק אין אַ זייט און אויסבאַהאַלטן איר געזיכט פאַר די שילער.

די קינדער האָבן די לערערין נישט געזען. זייער בליק איז געווען צוגעשמידט צום שווייגער, וואָס איז געשטאַנען אַ בלאַסער, מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט פאַרגעזעגנט זיין דערציילונג פאַר זיך אַליין, שטום, בלויז מיט אַ שעפּטש פון די ליפּן.

**פון עבֿרית — נחמן ראַפּפּ**

יונה בערקמאַן

# געלייטערטע טרער

## דו מיינסט

דו מיינסט אוודאי אַז מיין אָגער איז דער אומעט,
אויף אים אַרויפגעכאַפּט כ׳האָב זיך ווי אַ גענוטער רייטער,
און פיר אים צו פאַרזעסענע און צו עגונות,
וואָס קאַטעווען זיך מיט זכרונות-בייטשן...

יאָ, ניט גיבורים כ׳זוך, וואָס האָבן אָן געוואַקל
אַנטקעגן פייער זייער לייב געשטערקט — אַ קרבן-שלמים,
כ׳זאָל קענען אויסשרייען מיין שטומען ויצעקו
אין טויבער וועלט, וואָס וויל פאַרגעסן זייער נאָמען.

איך זוך זיי ניט. נאָר מיין נשמה ז׳אַ מעמבראַנע
פאַר די, וואָס ניט באַשערט איז טועם זיין פון עץ-החיים;
פון זייער עלנט ווערט מיין קעל פאַרשטיקט, פאַרשטאַמלט,
ס׳פאַרגייט מיין הארץ, ווי שטיין וואָלט איך ביים בראַנד פון הר-הבית.

## פאַרטייעטע אותיות

אַזוי פיל בענקשאַפט אין אַיעדער שורה,
אַזוי פיל אומעט אין אַיעדן וואָרט,
אין יעדן אות!
צו וואָס?
פאַר וואָס?
און דאָס איז אַלץ וואָס איז מדור לדור
פאַרבליבן בירושה מיר פאַר מיין נאָקטורן?...

האָב איך געמיינט —
כ׳וועל פרעגן ביי מיין נאַר-וואָס אָנגעוואָרפן ליד,
וואָס אָנגעזאַפּט מיט קינות איז, פאַרוויינט —
צי וועט עס כאָטש ביי עמעצן אַראָפּקייקלען פון האַרץ
אַ שטיין?...

האָט אָפּגעענטפערט מיין געמיט
מיט שטומקייט פון אַ קאָרנפעלד באַלד נאָכן שניט...
האָב איך דאָס בלעטל אָנפאַטרויט דעם פייער —
אַוועקגיין אפשר מיטן רויך וועט אויך דער ווײ,
ווי ס׳ווערט אַ חטא פאַרגעבן פון אַ קרבן-עולה;
האָט אויסגעברענט ס׳פּאַפּירל מיט אַ לייכטן זשומען,
ווי אַ פאַרטריקנט פסולת,
די אותיות אָבער האָבן זיך אין האַרץ פאַרטייעט...

## מיטן בראשית-ניגון

אַלע פיינען האָבן זיך אין מיר פאַרהעקלט
און זייער סובלימירטער ווײ האָט —
ביים אויסגיין פון דער צאַפּלדיקער רגע —
דעם לעצטן קליאָוועדיקן פעדעמל פון האַרץ
מיט גליענדיקן זשאַר
פאַרוואָרגן
און אויסגעלאָשן האָבן זיך די אָפּגעשפּאַרטע בלומען
פון די מאָרגנס,
וואָס האָבן נאָך געדאַרפט ערשט קומען.
און איך,
אָן לייב,
אָן שיר,
הענג אויף אַ בלאַסן שטראַלעכל פון צאַנקענדיקן רענבויגן —
וואָס רייסט אָט-אָט זיך אָפּ פון בין-הבתרים-ברית —
פאַרגיי זיך מיט ר׳ אמנונען אין ונתנה תוקף...

נאָר זע —
די טרער בשותפישע,
געלייטערט אין די זאַלצן פון נעילה,
האָט, בריענדיק מיין ווײע,
אָנגעצונדן אויף דאָס נײ
די אויסגעפליקטע שמות פון מיין קיום
מיטן ניצוץ פון די אוראַלטע מדרשים און מגילות
און אָנגעשפּאַנט די סטרונעס פון מיין גומען
מיטן בראשיתדיקן ניגון —
עם ישראל חי!

## לייב ראָכמאַן

# די לוויה

(דערציילונג)

אויף דער לוויה פון ש. איז געווען שטיל. נאָך דער מיטה, וואָס איז אַרויס פון מתים־שטיבל, האָט קיינער נישט געוויינט. פיר חברה־קדישא־לייט האָבן גע־טראָגן די מיטה און איין באַגלייטער האָט זיך נאָכגעבלאָנקעט. איידער די לוויה איז אַוועק, האָט אויף דער גאַס, פאַר די ברייט־אויפגעפראַלטע טירן פון מתים־שטיבל, אַ דאַרער חזן פון העכערן וווקס, מיט אַ רויט בערדל, געזאָגט מיט אַ זינגענדיק קול: ״אדם אם בן שנה יחיה או אלף שנים יחיה — מה יתרון לו. כלא־היה יהיה״.

דאָס מתים־שטיבל אינעווייניק, איז געווען טונקל אַן פענצטער אין דער טיפקייט. שטיגלעך האָבן אַראָפּגעפירט אין דער געדיכטער, ווי פון איבערגעשטאָנען לייב, געזעצטער לופט.

פאַרבייגייער זענען צוגעצויגן געוואָרן פון חזנס זיס־איינשלעפערנדיק קול.

די לוויה האָט זיך אָפּגעריסן. זי איז געגאַנגען דורך זייטיקע גאַסן. בלויז אַ שטיקל הויפּט־גאַס האָט זי געמוזט אַדורך. דער באַגלייטער האָט געפּלאָנטערט מיט די טריט. עס האָט אים געדאַכט אַז די לוויה ווערט אָפּגעדעקט. זיי האָבן שוין לאַנג פריער זיך נישט געטראָפן. זיי זענען געווען די צוויי לעצטע פון זייער שטאָט.

דער באַגלייטער האָט געוווּסט, אַז זיין אומגעבראַכטע היימשטאָט לעבט פון איצט אָן בלויז אין אים. אין ש.ינס פאַרגליווערטן בליק איז זי מיט צוויי טעג צוריק — פאַרלאָשן געוואָרן.

ש. איז צוויי טעג געלעגן איינגעפרוירן, צווישן אַ שורה געשטאָרבענע, אין דער קילשאַנק פון מתים־שטיבל — זיין לעצטער דאַך איבערן קאָפּ. מען האָט אים געפּאַלמעסט. מיט אַ קליין זעגל האָט איינער אין אַ ווייסן פאַרטעך געזעגט דאָס מוח־דעקל. מיט ראָזע גומיפינגער — גענישטערט אין די אויפגעשניטענע בויך־אינגעווייד, אַרויסגעצויגן טיילן. שפּעטער האָט מען ש. ינען געוויקלט אין אַ ווייס ליילעך, פאַרבונדן די עקן, אין גרויס־געמאַכטע שלייפן, איבער די אויסגעצויגענע הענט, און ווידער דעם מת — אין בלאַנקנדיקע תכריכים שוין — אַריינגערוקט אין דער קילשאַנק, ביז צו דער לוויה.

דער באַגלייטער האָט זיך דערמאָנט, אַז ווען ער האָט היינט באַלד אין דער פרי, נאָך ליגנדיק אין בעט, געהערט וועגן ש. ינס אַ סוף מאַכן צום לעבן, האָט די דערשטוינונג געדויערט נאָך אַן אויגנבליק. צוזאַמען מיט דער שטוינונג האָט אין אים געהויערט דער באַוווסטזיין, אַז זיין חבר איז פון דער רגע אָן — טויט שוין אַן

אייביקייט; בעת דער סעקציע האָט יענער געזעגט דעם קאָפּ פון אַ פּאַרגליווערטער מומיע. ער האָט זיך אַנגעטאָן, ווי זיין שטייגער זינט דער מלחמה, אייליק — צו ערשט די הויזן מיט די שיך — קוים יאָגט מען, זאָל ער נישט לויפן מיט די באָרוועסע פיס איבער די שפּיציקע שטייגער. הייגט זינט דעם אויפכאַפּן זיך, האָט אין אים געעקבערט אַן אומרו.

דער באַגלייטער האָט איצט געטראָטן מיט די שיך אויף די גרויע, לענגלעך־פּירקאַנטיקע, געפלאַסטערטע שטיינער פון שאָסיי. די שטיינער האָבן זיך ווייך געבויגן אונטער זיין טראָט.

אַרום דער מיטה האָט געוויינט אַן עלטערע פרוי. ער האָט געוווּסט, דאָס וויינט ש. ינס מאַמע. עס פירן זי אונטער די אָרעמס, אויף די לאַנגע גאַסן, פון שטאָט צום בית־עלמין, — ש. ינס פאָטער און זיין יונג שוועסטערל מיט די ברוינע צעפּ.

מען האָט זיך געדריקט אַרום דער מיטה. ס'האָבן זיך געקנוילט, ווי אין אַ פּאַרע אַרום פּנימער — שטום־פאַרדומפּטע קולות שינס אַ זיידע האָט זיך געריסן צום מת, געוואָלט זיך וואַרפן אויף אים.

דער באַגלייטער האָט געוווּסט, אַז דורך זיין טויט האָט ש. אָפּגעשניטן אויף אייביק דעם המשך פון זיין גזע. די פריערדיקע דורות יאָמערן דאָ אויס זייער כרת. די עקרותדיקע באָבעס גייען אין שוואַרצן; פאַרשטעלן די פאַרשעמטע טראַכטן.

דער באַגלייטער האָט דערפילט די איבעריקייט פון זיין אייגענעם גוף.

הינטער דער מיטה איז וואָס אַ מאָל געוואָרן פולער. עס זענען נאָכגעקומען פאַרשפּעטיקטע. דער באַגלייטער האָט דערזען ש. ינס חברים פון זייער היימשטאָט. זיי זענען געבליבן פריש, אומפאַרענדערט. ער האָט אַ קוק־געטאָן אויף זיך. זיי וועלן אים נישט דערקענען. ווי ער האָט זיך פאַרעלטערט!

אין דער ענגשאַפט האָבן די פיר חברה קדישא־לייט קוים דערהאַלטן די אַראָפּ־שווערנדיקע מיטה.

זיי זענען אַרויס אויפן שטיקל דורכגאַנג פון דער הויפּגאַס. עס איז געווען זוניק־ליכטיק, און אין דער זון האָט לייכט גערעגנט. אַ שוכפּוצער אויפן טראָטואַר, האָט, נישט־אויפהייבנדיק די אויגן, נאָכגעקוקט די פיס, וואָס שפּרייזן, מיט דער איינזאַמער לוויה, צווישן די שיטערע רעגן־שנירלעך. ער האָט דערזען אַ פּאָר שיך, וואָס ווערן באַטראָפּעט, שלעפּנדיק זיך נאָך דער מיטה. גיך האָט ער אַ קלאַפּ־געטאָן מיטן בערשטל אין הילצערנעם פּוץ־קעסטל.

די לוויה איז אַריין צווישן פּאַרנדיקע אויטאָס.

דער באַגלייטער האָט אַכטונג געגעבן מען זאָל אים נישט איבערפאָרן. ס'האָט אים געדאַכט, עמעצער טייטלט אויף אים, פון הינטן, מיט אַ שפּיץ פינגער. וואָס קאָנען זיי דען בייז זיין אויף אים?!

אַ פריילעכע גרופּע יוגנט איז פאַרביי אויפן טראָטואַר אַרום אַ הויך מיידל

מיט אַ רויטן צאָפּ. גימנאַזיע־שילער. זיי האָבן געקוקט אויף דער לוויה וואָס האָט זיך דערווייטערט.

פּלוצעם איז די לוויה אַרויס אויף אַן אָפּענער גאַס. אַ שפּאַרער עולם האָט זיך איצט געשטופּט. פּעטערס, ווייבער, מיידלעך — אַלע פון זייער שטאָט. די פּעטערס האָבן נישט געדענקט די צייט, אַ מענטש זאָל זיך נעמען דאָס לעבן. ביי זיי אין געטאָ, אין די מסוכנדיקסטע מינוטן, האָט מען דאָס נישט געטאָן.

דער באַגלייטער האָט געקוקט אויף די פּעטערס מיט בערד. אין געטאָ זענען זיי שוין געווען עלטערע יידן. איצט איז ער אין זייער עלטער, אַן אַ באָרד, אַ יינגל. היינט וואָלט ער שוין אויך אפשר געהאַט אייניקלעך!

ער האָט פּלוצעם דערזען זיינע פאַרלוירענע חברים. די מורא פון דער לעצטער רגע — נאָך פאַרגליווערט אין די בליקן. אויך זיי זענען פאַרבליבן יינגלעך. זיי זענען געגאַנגען שווייגנדיק, אין דער ברייט, צווישן די צונויפגעמישטע שורות. ער האָט זיך געשטופּט. זיי האָבן זיך אָפּגעקערט. ווי אַ פרעמדער איז ער געגאַנגען — דאָ פאָרויס, דאָ פון הינטן. אַ רגע האָט ער דערהערט קולות פון דער קינדהייט.

דער רעגן האָט זיך פאַרשטאַרקט. ס'זענען געפאַלן געדיכטע טראָפּנס. אַ האָגל איז אָפּגעשפּרונגען פון די גלאַנציק־שוואַרצע אויטאָ־דעכער. איבערן שוואַרצן טוך פון דער מיטה האָבן זיך געשיט גרוי־פאַרגליווערטע האָגל־אַרבעסלעך. דער האָגל איז אים האַרט געפאַלן אויף די אויגן־לעפּלעך.

מיט אַ מאָל האָט ער פאַרמאַכט די אויגן. ער האָט געוואָלט, אַז די לוויה זאָל זיך אַזוי ציען און ציען אין נאַסן ווינט. ער זאָל פון איר נישט אַרויס.

די אויגן האָבן אים וויי געטאָן, ווי עמעצער וואָלט זיי אים אַריינגעקוועטשט מיט די פינגער.

ווען דער האָגל האָט אויפגעהערט, זענען אויפן טראָטואַר געווען ווייניק מענטשן. אַ יונגער פּאָטער האָט, דערזעענדיק די מיטה, צוריקגעצויגן אין אַ הויף אַריין, אַ קינד אין אַ רויט סוועטערל. דאָס קינד האָט אויסגעדרייט דאָס קעפּל אויף הינטער זיך, געלאָזט זיך שלעפּן אויף אַוועק. דער באַגלייטער האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז אמת געזען האָט ער בלויז אין זיין קינדהייט. אַלץ האָט פריש אין אים אַריינגעטראָפּט. פון דעמאָלט אָן איז אַלץ פאַר אים דערמאָנונג.

נאָך דער לוויה זענען איצט געגאַנגען ס'רוב יונגע, פון ש.ינס יאָרן אין געטאָ. זיי האָבן זיך געשלייכט אין די זאַקן.

די בערגעראָווע פון דער וואַרשעווער גאַס; שלאַנק ווי אַ מאָל — מיט דער ברוינלעכער הויט, און לאַנגע שוואַרצע האָר, פאַרלייגט אין אַ קויש. ש. האָט ערשט לעצטנס דערציילט, ווי מען האָט זי גערופן, כדי אַרויסצונעמען פון דעם אַרומגערינגלטן הויז מיט געכאַפּטע יידן. זי האָט זיך באַוויזן אויבן אויפן פענצ־טער. איר מיידעלע, מיט סטענגעס אין די צעפּלאָשעטע האָר, צוגעדריקט צום האַרץ. דער דייטשישער אָפיצער האָט אַ וווּנק געטאָן מיטן פינגער, זי זאָל דאָס

מיידעלע אָפּשיידן פון זיך. זי איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין, און אויגנבליקלעך האָט זי זיך שאַרף אַ דריי געטאָן. אַריין צוריק אין הויז.

איצט גייט זי דאָ מיטן מיידעלע ביים הענטל.

לעבן זיי האָט זיך געטוליעט ש. ינס צוואַנציק־יעריקע קוזינקע, מלכהלע. אין איר קערפּער, האָט דער באַגלייטער געוווסט, האָט מען אין לאַגער דורכגעפירט אַלע עקספּערימענטן. ער האָט זיך געוווּנדערט: איר פּנים איז געבליבן קינדיש, גלייך די פאַרשעמטקייטן פון איר יונג לייב וואָלטן נישט איבערגעלאָזט אין איר קיין שפּור, זי האָט נישט פאַרטראָגן וואָס דער זיידע שרייט.

ביים טראָטואַר, פאַר אַ מאַטאָציקל, איז געשטאַנען אַ דרייעק: אַ דאַר בחורל מיט דין־אַרויסשפּראַצנדיקע וואָנצעלעך, און — צוויי קרעמפּע מיידעלעך, איינ־געהאַרקט אין אים. דאָס בחורל האָט אַ מאַך געגעבן: "און איך זאָג אייך" — — —

די לוויה איז דורכגעפאָרן דעם עכאָ.

דער באַגלייטער האָט געזוכט מיט די אויגן זיין אייגן זעכציניעריק שוועסטערל, וועלכע מען האָט דערשאָסן ווינטער. מען האָט זי באַגראָבן אויף זייער הויף, נאַקעט, מיט די ווייס־ציטעריקע בריסטן אין דער ערד.

ער האָט דערזען אין געדראַנג גאָלדען, ש.ינס חברטע. ש. האָט קיין מאָל נישט געקאָנט באַפרייען פון זיין בליק זיין לויפן מיט איר. זי האָט אין אים אַריינגעקלאָגט: "כ'וויל נישט מען זאָל מיך דערשיסן! כ'וויל נישט!" ס'האָט אַ זבענץ געטאָן אין איר קאָפּ. איר קוויטש איז אָפּגעהאַקט געוואָרן.

גאָלדע האָט אינטים געפילט, אַז צווישן די אַלע דאָ האָט זי דעם נאָענטסטן שייכות מיט ש. זי האָט זיך געשאַרט זייטיק.

מיט אַ מאָל האָט אים אויפגעטויכט אין מוח ווי אַ ליכט־פּינטעלע — די סיבה פונעם אומרו, וואָס עקבערט אים היינט פון באַלד אין דער פרי אָן: די שכנים פון הויז מיידן אים אויס שוין עטלעכע טעג. וואָס קאָן דאָס זיין?

עס איז פאַרסאָפּעט אָנגעלאָפן די הויכע לערערין פון זייער היימשטאָט. אויך צו איר פלעגט ש. אין געטאָ אַריינקומען. ער האָט אויפגעריסן די אויגן. זי איז פאַרבליבן הויט און ביין. די הויט איז אַלץ געלעגן איבער אירע ביינער, פון אויבן אַראָפּ, ווי אַ לאַנג, פלאַך מלבוש — אָן פאַלבן.

דער באַגלייטער האָט באַרעכנט מיט וויפל יאָרן און דערפאַרונגען ער איז איבער זיי אַריבער; ווי דורות וואָלטן זיי אָפּגעטיילט. זיי האָבן פאַרשפּאַרט די שפּעטערע יאָרן. ער איז איצט עלטער פון זיי מיט אַן אייביקייט.

די לוויה האָט זיך דערנענטערט צו אַ גאַסן־קרייצונג. אַ פּאָליציאַנט, מיט אַ ווייס היטל מיטן מגן־דוד האָט רעגולירט די באַוועגונג. מיט דער אויפגעהויבענער האַנט האָט ער געוויזן צו דער לוויה אויפן אַספאַלט־שאָסיי. די לוויה איז געגאַנגען ווייט אַראָפּ.

אַרום האָבן די מאַסן, יונג און אַלט, אַלץ געשטראָמט — יעדער אַדורך דעם אַנדערן. די לוויה האָט אַוועקגעצויגן. די זקנים האָבן אָפּגענייגט די בליקן. ער

האָט זיך געכאַפּט, בלויז די איילנדיקע ווּעלן נאָך דאָ לאַנג זיך דרייען. עס ווערן אַרויסגעכאַפּט פון צווישן זיי, ביזן לעצטן, די וואָס שטעלן זיך אָפּ; וואָס קוקן אויף הינטער זיך. זיי דערזען, די וועלט אַרום זיי איז אַרומגעצוימט. אויך אים האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּחד: אָט איז ער נאָך צווישן זיי, די גייענדיקע; אָט באַלד וועט אויך ער, דער לעצט־פאַרבליבענער, פאַרשווינדן. דאָ וועט אַלץ ווייטער שטראָמען איבער אים אַריבער.

ער האָט געוואָלט נישט וויסן; זיך אויסמישן אין שטראָם מיט די אויפגייענ־דיקע גופים.

ווען זיי זענען אַריבער, האָט דער באַגלייטער פּלוצעם דערפילט ביים אָרעם אַ סאַמעטענעם אַרבל־באַריר. עס האָט געשפּאַנט לעבן אים דער רב פון הינטער לובלין, וואָס איז פאַרבליבן אַ פּליט — איינער אַליין פון זיין עדה. ער האָט נישט געוווּסט, דער רב, ווי אַזוי. שוין פופצן יאָר זאָגט ער קדיש אין אַ ירושלימער שולעכל. ער האָט געהערט, ס׳איז דאָ אַ מת מצווה, איז ער געקומען. ער איז אַריין אין געדרענגעניש מיט זיין לאַנגער, גרוי־געוואָרענער באָרד. דער באַגלייטער האָט דערפילט די קעלט פון זיין אייגן גלאַט־אויסראַזירט בלוי פּנים.

עמעצער פון אַ באַלקאָן אין ראָג האָט אַראָפּגעקוקט מיט אַן אויסגעלאָשענעם שמייכל צו דער לוויה.

דער באַגלייטער האָט אַראָפּגענידערט דעם קאָפּ.

עס שטופּט זיך דער אַרויסגעוואָרפענער מחוץ־לעדה, מסור פון שטאָט. אַ דיקער, אומגעלומפּערטער, מיטן נישט־באַנדאַזשירטן קאָפּ. ער שטעקט פאַרויס זיינע דורכגעשאָסענע, נאָכהענגענדיקע איברים. זאָל מען זען, ער האָט געהאַט אַ טויט ווי אַלע יידן.

די לוויה ציט פאָרויס. געשפּאַנטע פערד מיט פאַדערשטע אויפגעהויבענע פיס, האָבן זיך גערוקט אויף צוריק. זייערע גרויסע ווייסל־אויגן און די לאַנגע פּנימער דרייען זיך זייטיק — אויסגעלאָשן־אויפגעריסן.

די מלווים האָבן זיך געחידושט, וואָס אויף די גאַסן לענט מען נישט צו די טירן פון די געשעפטן, ווי ס׳איז דער מינהג בעת אַ לוויה, זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט. זיי דערקענען דאָ קיינעם נישט.

אין געדראַנג, וואָס האָט זיך צוזאַמענגערוקט, האָט מען זיך ווייך געטראָטן איינער דעם אַנדערן אויף די פיס. דער באַגלייטער האָט מורא געהאַט, ער זאָל זיי נישט אַנטרעטן מיט די שיך. ער האָט זיך צוגערוקט צום רב. דעם רבס פּנים איז געווען געל־דין. דער באַגלייטער האָט געוווּסט, זיין גוף האָט איין מאָל פאַרזוכט דעם טויט, און איז געבליבן פאַרסמט.

אויף דער גאַס האָבן פאַרבייגייענדיקע מענטשן כסדר זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דער לוויה. איינער האָט זיך פאָטאָגראַפירט; פון הינטער אַ שווערער קורטינע אַרויס, געקוקט פון פענצטער. דער באַגלייטער האָט זיך דערמאָנט, אַז ש. האָט נישט געלאָזט נאָך זיך קיין בילד.

ער האָט פלוצעם רחמנות געהאַט אויף זיי אַלע, וואָס גייען דאָ אויף די גאַסן. זיי טראָגן מיט זיך, ווי ער, בלינד זייער גורל.

אַ שרעקלעכער געדאַנק האָט אים דורכגעבליצט. ער האָט אים געוואָלט אַרויס־שניידן פון דער מחשבה: ווי אַנדערש וואָלט ער אַליין איצט געווען אַן דעם אומקום. ער איז איינגעוואָקסן אין אים, שוין נישט אָפּצוטיילן. ער האָט אַ ציטער געטאָן ביי דער מעגלעכקייט, אַז דאָס אַלץ וואָלט נישט געווען.

ס'האָט אים אָפּגעשווינדלט. ער האָט נישט געקאָנט קומען צו זיך.

פלוצעם האָט ער דערזען, טיף־באַהאַלטן צווישן זיינע גייענדיקע חברים — אַ נאָענטן סילועט. ס'איז אים באַפאַלן אַן אומהיימלעכקייט. דאָס גייט דאָרט צווישן זיי, ער אַליין, זיין מאַמעס זון. ער איז אַ מאָל צוזאַמען מיט יענע פאַרשווונדן. ער דאָ איז אַן אַנדערער, אַ פרעמדער. ער האָט זיך געשראָקן צו קוקן אַהין, זיך צו טרעפן אויג אויף אויג.

ער האָט אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ, און מיט אַ מאָל באַנומען, אַז דער חילוק צווישן זיי דאָרט, און איס דאָ — איז בלויז אין דעם איבערגאַנג. דעם גאַנצן געלויף דעמאָלט, האָבן זיי און ער, ביז דער לעצטער רגע, דורכגעמאַכט צוזאַמען. זיי זענען אָבער אויך אַריבער דעם שמאָלן דורכגאַנג, ווען אַלע גרוילן הערן אויף, און ער טראָגט אין זיך אַרום יענעם לעצטן אַקאָרד.

זיי זענען געגאַנגען לענגאויס אַ הויכן שטיינערנעם פלויט, וואָס האָט זיי געגרייכט איבער די קעפּ.

דער ריידע האָט דערזען דעם רב און זיך געוווּנדערט, וואָס ער באַגלייט אַ מאבד עצמו לדעת. קברים האָבן זיי געריסן, אַז זייערס אַ המשך זאָל זיך ראַטעווען, און איצט האָט ער זיי פאַרשניטן די יאָרן. אַזאַ רוצח! ער האָט אויף ס'ביי זיך געוואָלט וואַרפן אויף אים.

די מאַמע האָט זיך אַלץ געוויגט, ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים — און די אָרעמס פון פאָטער און שוועסטערל. זי האָט פאַרבראָכן די הענט. איך לעצט שטיקל קינד! זי האָט מיט זיך פאַרשטעלט די מיטה, זי צו שיצן פאַרן זיידנס צאָרן.

אַ רגע האָט דער באַגלייטער געקוקט אויפן לאַנגן שוואַרצן טוך, וואָס האָט זיך נישט גערירט. ער האָט געמיינט, אַז ש. וועט פלוצעם זיך אויפזעצן אויף דער מיטה.

די לאַנגע שאָסייען פון שטאָט זענען געבליבן הינטער זיך.

די לוויה איז אַרויס אויף אַן אָפן פעלד. זי איז געבליבן אָפּגעדעקט. זי האָט אין דער פייכטער ערד געלאָזט הינטער זיך שפורן פון גרויסע שיך און פון שורות נאָך שורות טריט [illegible] פיס.

אַ פייגעלע מיט [illegible] האָט דורכגעפלאַטערט די מיטה, געזוכט אַן אָרט, וווּ צו לייגן [illegible]. אַ פאַרבלאָנדזשעטער הונט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן עק האָט אויפן פעלד נאָכגעבילט אין חלל אַריין. קיינער האָט אים נישט אָפּגעטריבן.

פון דער ווייטנס, ווו דער וועג האָט זיך געהויבן העכער אַרויף, האָט זיך אין האַריזאָנט געזען דער בית־עלמין. דאָס פייגעלע איז אַהין געפלויגן.

דער הונט האָט מער נישט געבילט. בלויז אַן עכאָ האָט זיך געהערט. דער באַגלייטער האָט געוווסט, אַז אויך דעם לעצטן ביל, קאָן מען נישט צוריקכאַפּן. ער איז אין דער סעקונדע שוין ווייט פאַרגאַנגען. אויך דער עכאָ. ער האָט פּלוצעם דערפילט אַ זעטיקייט פון יאָרן הינטער זיך.

די לוויה איז שטיין געבליבן. די פיר חברה קדישא־לייט האָבן געטוישט די הענט.

דעם בית־עלמין האָט מען שוין בולט געזען. אין ירושלים זענען אַ סך מצבות ליגנדיקע. זיי פאַרדעקן שווער, לענגלעך־פּירקאַנטיק די קברים.

דער טויער איז שוין געווען צעעפנט. דער באַגלייטער האָט געקוקט צום שומר, וואָס וואַרט אויף זיי.

פּלוצעם האָבן די מלווים דערפילט, אַז מען פירט זיי אַלע צום בית־עלמין — אַלע אַן קייטעלעך אויף די הענט. עמעצער האָט געגעבן אַ קוויטש. עס איז געוואָרן שטיל. און מיט אַ מאָל האָט דורך דער עדה זיך דורכגעטראָגן אַ געברום. די מיידלעך האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. די פיר חברה קדישא־לייט האָבן געטאַפּטשעט מיט דער מיטה פאַרויס, ווי לוויה־פערד מיט שוואַרץ־פאַרהאַנגענע אויגן. די עדה האָט זיך גערוקט מיט די טריט אַן פּיס. די לופט איז געווען פאַר־סמאַליעט, ווי פון צוגעברענטעביינער. דער צוואַנציק־יעריקער מלכהלע האָט אָנגעהויבן צו דרייען אין די צעשניטענע געדערעם. זי האָט געוואָלט אַנטלויפן פון איר אייגענעם גוף אַרויס, נאָר זי האָט נישט געהאַט קיין גוף. גאָלדע האָט זיך צוגערוקט נעענטער צו ש. ינס מיטה, לעבן דער מוטער. די מאַמע האָט אָפּגעהאַקט דאָס געוויין. זי האָט געוואָלט ראַטעווען איר טעכטערל ביי דער זייט. דער זיידע האָט געפילט, ס׳איז דער סוף! ער האָט געוואָלט בעטן מחילה ביי ש. איינער פון די פּעטערס האָט געשריגן: "יידן, מען האָט אונדז שוין איין מאָל אויסגעשאָסן אויף בית־עלמינס. איצט איז אָבער אומקום! יידן, אַנטלויפט!"

אַלע האָבן געשפּאַנט, ווי צו אַ שעכטהויז, געשלעפּט זיך נאָכן זעלבסטמערדער. דער באַגלייטער און דער רב זענען נאָכגעגאַנגען נאָך דער מיטה און געזאָגט צידוק־הדין.

ווען זיי זענען אַריבער די טויערן פון בית־עלמין — איז שוין געווען צו שפּעט. אַלע זענען געווען איינעווייניק. די טויערן — פאַרהאַקט הינטער זיי. די איברים זענען ביי זיי געווען אָפּגעשטאַרבן. ס׳איז געווען פאַרנאַכט. זיי האָבן דערנען גאַטס פּנים. מען האָט זיי געפירט צו אַ קליינעם גרובביים פּלויט — אַ שמאָלן און לענגלעכן. עס איז געווען טויט שטיל. ווען מען האָט אַראָפּגעלאָזט דעם האַרן גוף פון ש. טיף אין קבר, און מען האָט אים געגומען פאַרשיטן, האָט דער באַגלייטער געוווסט, אַז אַלע זענען מער נישטאָ. ער בלייבט איצט איינער אַליין.

אַשר שטשוטשינסקי

# צוויי לידער

## מיינע טעג

די האַרבסטיקע טעג, זיי לאָזן ניט אָפּ,
זיי בינדן מיך צו מיט לאַנגיאָריקע שטריק,
וויקלען זיך אַרום דעם גרויען קאָפּ
און שלעפּן מיך ווידער צום נעכטן צוריק

די דערשטיקטע לעבנס פון מיין דור,
לעבעדיקע רינגלען מיך אַרום —
אַלע נאָענטע, ליכטיקע, וואָרער פון וואָר,
זיי שעפּטשען צו מיר: קום, קום...

## כ׳געדענק...

כ׳געדענק:
פון כל-נדרי דער הייליקער ניגון
טוט זיך צום הימל דערהויבן
אויפן דאַך פון פּאַליש — פּאַרגלויבטע זיך וויגן
צוויי ווייסע פּאַרטרויערטע טויבן...

אַצינד —
די פענצטער פון אַלטן בית-מדרש,
ווי פּוסטע אויגן-לעבער — בלינד,
ליידיק דער ארון-קודש,
די קרוין — צעשמעטערט,
שימות און אַש פון ספרים, פון שס —
אַוועק מיטן פייער און ווינט.

די טויבן, זיי זענען זיך פּלוצעם צעפלויגן,
פון חלום צו וואָר פליען אָפּ מיינע אויגן

און כ׳זע :
אַ ווינטער-פרימאָרגן שבתדיק בלויט
אין בית-מדרש, וואָס מיין עלטער-זיידע
האָט אַ מאָל נאָך געבויט,
פירט מיך מיין טאַטע ביי דער האַנט
צום ערשטן מאָל — צו דער מזרח-וואַנט.

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## לכבוד דעם ״רויטן אָרקעסטער״ אין יידיש

אין גרויסן זאַל פון היכל־שלמה איז פאָרגעקומען אַ אָוונט געווידמעט דעם באַרימטן ווערק פון **לייב טרעפּער** (**דאָמב**) ״דער רויטער אָרקעסטער״, וואָס איז נישט לאַנג דערשינען אין דער יידישער איבערזעצונג פון **מאַקס מעלמאַן** (אַרויסגעגעבן דורכן ״ירושלימער אַלמאַ־נאַך״).

דעם אָוונט האָט געעפנט דער וויצע־פּאָרזיצער פון דער ירושלימער יידישער קולטור־געזעלשאַפט **יעקב ניומאַן**. וועגן דער וויכטיקייט פון בוך האָט גערעדט **ד״ר דוד ספאַרד** און **מאַקס מעלמאַן**.

מיט מער פרטימדיקע אָפּשאַצונגען איז אַרויסגעטראָטן דער דיכטער **יוסף קערלער**.

דער שוישפּילער פון אַמאָליקן יונג־טעאַטער אין וואַרשע, **אברהם גרינשפּאַן** האָט געלייענט אַ פראַגמענט פון בוך. צום סוף האָט דער מחבר **לייב טרעפּער** אַרויסגעבערענגט אין אַן איינדרוקספולער רעדע דעם געשיכטלעכן תמצית פון זיין געראַנגל, דערציילנדיק נייע פאַקטן, וועלכע פאַרלאַנגען אַ ניי בוך.

אויפן אָוונט זענען אויספאַרקויפט געוואָרן צענדליקער עקזעמפּליאַרן פון טרעפּערס ווערק.

## לייזער ענגעלשטערן

# טוביה בעלסקי — דער אָרגאַניזאַטאָר פון גרעסטן יידישן פּאַרטיזאַנער-אָטריאַד

פאַר די העכער 3 צענדליק יאָר נאָך דער חורבן־תקופה זענען דערשינען פילצאָליקע ביכער וועגן דעם יידישן אָנטייל אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. אַ טייל פון אָט די ביכער, — געשריבן פון געווו. יידישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אין די אַלגעמיינע פּאַר־טיזאַנער־אָטריאַדן געקעמפט האַנט ביי האַנט מיט די ניט־יידישע שלאַכט־חברים. אַ דאַנק אַזעלכע ביכער־זכרונות האָבן זיך פאַר דער עפנטלעכקייט אַנטפּלעקט די העלדישע מעשים פון יידישע מענטשן, וועלכע זענען געשטאַנען אין בלוטיקן קאַמף מיטן דייטשן שונא און זיינע אָרטיקע קריסטלעכע מיטהעלפער. דאַקעגן איז ביז היינט נאָך גאָר ווייניק געשריבן געוואָרן וועגן די ספּעציפיש־יידישע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן, וועלכע האָבן געווירקט אין די מערב־ווייסרוסישע, אוקראַינישע און ליטווישע וועלדער און אין אַנדערע געביטן. געציילטע ביכער ממש זענען דערשינען וועגן די אַזוי־גערופענע פאַמיליע־לאַגערן. די דאָזיקע ספּעציפיש־יידישע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן האָבן אַריינגעשריבן אַ באַזונדערס העראָישן קאַפּיטל אין קאַמף מיט די ביז ציין באַוואָפנטע דייטשן, ווי אויך מיטן אינעווייניקסטן שונא — מיט די ניט־יידישע פּאַרטיזאַנער, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען ניט ווייניק אַנטיסעמיטן און יידן־רוצחים.

אַ דאַנק אָט די ריין יידישע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן האָבן יידן פון די געטאָס געהאַט אַן אַדרעס, ווו צו לויפן און האָבן ביי זיי געפונען שוץ און אַן עקזיסטענץ־באַזע. אַזוי אַרום האָבן טויזנטער יידן אין פאַרשידענעם עלטער זיך געראַטעוועט פון אומקום און דערלעבט די באַפרייונג.

דער שרייבער פון די שורות האָט קנאַפּע 2 יאָר אַדורכגעמאַכט די וואַלד־עפּאָפּייע אין דעם גרעסטן יידישן פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד פון דעם באַקאַנטן קאָמאַנדיר **טוביה בעלסקי,** ביי וועמען ס׳האָבן געפונען שוץ העכער 1200 נפשות און צווישן זיי 400 פרויען און 110 קינדער אין פאַרשידענעם עלטער. בעלסקיס פּאַרטיזאַנער האָבן זיך נאָך דער באַפרייונג צעזייט און צעשפּרייט איבער דער וועלט, אָבער די מערהייט פון זיי געפינט זיך איצט אין מדינת ישראל און האָבן זוכה געווען אַ דריטן דור. דעריבער קענען מיר היינט בעסער אָפּשאַצן די פאַרדינסטן פון דעם פאַלקס־הייד טוביה בעלסקי, וואָס האָט שוין גלייך אין אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע זיך געשטעלט אין שפּיץ פון אַ גרופּע פון 15 נפשות, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען זיינע 3 ברידער און האָט געלייגט דעם קרן פון זיין גרויסער פּאַרטיזאַנער־מחנה, וועלכע איז אויסגעוואַקסן ביז צו דער באַפרייונג צו העכער 1200 נפשות.

ס'איז נאָך ביז היינטיקן טאָג ניטאָ קיין פולע מאָנאָגראַפיע וועגן טוביה בעלסקיס אָטריאַד, וואָס איז באַקאַנט אַלס שטעטעלע "בעלסק" אין די געדיכטעניש פון נאַליבאָקער פושטשע. דאָרט האָט דער אָטריאַד געלעבט און געקעמפט אין היגטערלאַנד פון דעם מעכטיקן דייטשן שונא. בעלסקיס פּאַרטיזאַנער־באַזע האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט ביי אַ 2 קילאָמעטער מיט צענדליקער ערד־שטיבלעך און האָבן געפירט אַ לעבן ווי אין אַן אַמאָליקן קליינעם שטעטל.

די קומענדיקע היסטאָריקער וואָס וועלן שרייבן די פולע געשיכטע פון אונדזער דריטן חורבן און יידישן ווידערשטאַנד, וועלן האָבן אין זייער רשות אַ באַלערנדיקן און פאַקטאָ־גראַפישן מאַטעריאַל, באַזירט אויף פילע גביות־עדות און זכרונות פון בעלסקיס פּאַרטיזאַנער, וואָס געפינען זיך אין די אַרכיוון פון יד ושם. בית לוחמי הגיטאות, מורשת א. א. איך האָב נישט איין מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט די דאָזיקע גביות־עדות און זכרונות, אַריינרעכענדיק טוביה בעלסקיס גביית־עדות און אייניקע פון זיינע שטאָב־מיטגלידער, ווי צ. ב. די גביות־עדות פון דעם שטאָב־נאַטשאַלניק לאַזאַר מאַלבין, דער סעקרעטאַרין רעיה קאַפּלינסקי־קאַלמאַנאָוויטש (ביידע אין ישראל), און דער פאַראַנטוואָרט־לעכער פאַר אַפּראָוויזאַציע, פסח פרידבערג (איצט אין ניו־יאָרק).

איך האָב זיך געפונען אין בעלסקיס אָטריאַד אין משך פון קנאַפּע 2 יאָר און כ'בין אַן עדות פון דער דאָזיקער תקופה. איך האָב וועגן דעם טאָג־טעגלעכן לעבן אין שטעטעלע "בעלסק" זיינערצייט געשריבן, און די דאָזיקע זכרונות האָבן זיך געדרוקט אין וועכנטלעכע המשכים אין ניו־יאָרקער פּאָפּולערן זשורנאַל "דער אַמעריקאַנער" און אין תל־אביבער "יידי־שע צייטונג". שפּעטער זענען זיי אַרויסגעגעבן געוואָרן אין בוך־פאָרם דורך בית לוחמי הגיטאות. איך מוז אָבער אונטערשטרייכן, אַז איך האָב בלויז פאַרצייכנט מיינע אייגענע באָאַבאַכטונגען פון טאָג־טעגלעכן שטייגער־לעבן אין אָטריאַד. ווען איך בין אָנגעקומען אין בעלסקיס אָטריאַד האָט ער שוין דאַן עקזיסטירט העכער אַ יאָר און האָט שוין געציילט מער ווי 300 נפשות.

איצט האָב איך צום ערשטן מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען די פולע געשיכטע פון דעם גרעסטן יידישן אָטריאַד, דערציילט פון דעם הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר טוביה בעלסקי און זיינע נאָענטע מיטהעלפער. און איך מוז פעסטשטעלן, אַז די קנאַפּע 300 זייטן, וואָס איך האָב באַוויזן איבערצולייענען, זענען בלויז אַ קליינער טייל פון די היסטאָרישע מאַטע־ריאַלן וועגן בעלסקיס יידישן פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד.

דער פאָלקס־ייד טוביה בעלסקי האָט פריוויליק גענומען אויף זיך די שליחות און אחריות אַרויסצוראַטעווען יידן פון די געטאָס בעת די גרויליקע שחיטות און ברענגען זיי צו זיך אין וואַלד, געגעבן זיי שוץ, אַן עקזיסטענץ־מינימום און אַ דאַנק דעם האָבן פיל יידישע מענטשן דערלעבט די באַפרייונג.

ס'איז כדאי צו דערמאָנען, אַז די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן באַשטימט אַ הויכן פּרייז פאַר כאַפּן אַ לעבעדיקן דעם העלדישן קאָמאַנדיר ט. בעלסקי און איבערגעבן אים אין זייערע הענט.

ט. בעלסקי דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן דער זאָרג פאַרן קיום פון די 1200 יידן,

וועלכע האָבן זיך געפונען אין זיין רשות, וועגן די קאַמפּס־אָפּעראַציעס פון זיין אָטריאַד און וועגן די שוועריקייטן צו באַקליידן און באַשפּייזן די גרויסע יידישע פּאַרטיזאַנער־מחנה. מיר געפינען דאָרט אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן זיינע באַציונגען מיט די הויכע קאָמאַנדירן פון פּאַרטיזאַנישן הויפּט־שטאַב.

כמעט יעדן טאָג פלעגן זיינע שליחים געשיקט ווערן צו ברענגען יידן פון די געטאָס און ראַטעווען זיי פון שחיטות. איך אַליין, למשל, בין אַרויס פון לידער געטאָ מיט אַ גרופּע פון 60 מענער און פרויען, אַ דאַנק אַזאַ שליח. בעלסקי האָט אויך באַפוילן זיינע פּאַרטי־זאַנער־שליחים אויסצוגעפינען פאַרבאַהאַלטענע יידן ביי פּויערים אין די דערפער און זיי מיטנעמען אויף דער פּאַרטיזאַנער־באַזע. ס׳זענען געווען פאַלן, ווען באַהאַלטענע יידן ביי פּויערים האָבן זיך אָפּגעזאָגט מיטצוגיין אין וואַלד צו בעלסקין. אַזעלכע יידן האָבן גע־מיינט, אַז אין דער באַהעלטעניש זענען זיי מער ״זיכער״ מיטן לעבן ווי אין וואַלד . . . ניט ווייניק האָבן פריער צי שפּעטער באַצאָלט מיט זייערע לעבנס פאַר זייער טעות, היות ווי די פּויערים גופא פלעגן אַרויסגעבן די יידן צו די דייטשן, ווען זיי, די יידן, האָבן שוין מער ניט געהאַט קיין געלט צו צאָלן פאַרן אויסבאַהאַלטן זיך. געוויסע יידן האָבן געפּרוווט איבערצייגן בעלסקין, אַז ער זאָל ניט אויפנעמען אַזוי פיל מענטשן. זייער טענה איז געווען, אַז אַזאַ גרויסער שטראָם פון ניט באַוואָפנטע, עלטערע מענער, פרויען און קינדער, קען ברענגען אַן אומגליק אויפן גאַנצן אָטריאַד, און חוץ דעם איז אוממעגלעך צו באַש־פּייזן אַזאַ ריזיקע צאָל מענטשן.

בעלסקי האָט זיך אָבער ניט געלאָזט באַאיינפלוסן פון אַזעלכע טענות. זיין דעוויז איז געווען אַרויסצוראַטעווען וואָס מער יידן פון די געטאָס כל זמן די געטאָס האָבן נאָך עקזיסטירט. בלי ספק איז דאָס באַשפּייזן אַזאַ גרויסע מחנה יידן געווען שטענדיק פאַר־בונדן מיט קרבנות, דערהויפּט, ווען די באַזע האָט זיך געפונען אין האַרץ פון דער נאַליבאָקער פּושטשע און מ׳האָט געדאַרפט פאָרן פיל צענדליקער קילאָמעטערס ווייט אין די דערפער, כדי צו נעמען ביי די פּויערים פּראָדוקטן.

פון די אַן ערך 120 געפאַלענע פּאַרטיזאַנער איז דער גרעסטער חלק פון זיי אומגעקו־מען, ביים אויספירן ווירטשאַפטלעכע אויפגאַבעס, בעת זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף דייטשע און פּאָליצייאישע לויערונגס־פּונקטן.

ווען בעלסקיס פּאַרטיזאַנער פלעגן זיך דערוויסן וועגן אַ פאַררעטערישן פּויער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אויסבאַהאַלטענע יידן, פלעגט דער קאָמאַנדיר אַרויסשיקן אַ גרעסערע באַוואָפנטע גרופּע, וועלכע האָט אין מיטן דער נאַכט, שנעל און אומגעריכט געמאַכט מיט דעם פאַררעטער און זיין משפּחה אַ באַלדיקן חשבון: אַלע פלעגן אויסגעשאָסן ווערן און די שטוב מיט דער גאַנצער ווירטשאַפט איז אַוועק מיטן רויך . . . נאָך דעם נקמה־אַקט פלעגט אויף אַ בוים איבערגעלאָזט ווערן אַ וואָרענונג, אַז די האַנט פון יידישער נקמה וועט דערגרייכן יעדן איינציקן, וואָס וועט אַרויסגעבן אַן אויסבאַהאַלטענעם ייד. אָט־די דאָזיקע נקמה־אַקטן פלעגן האָבן אַ ברייטן אָפּקלאַנג, וואָס האָט דערגרייכט ביז צו די ווייטסטע דערפער פון דער געגנט . . .

ביי בעלסקין אין אָטריאַד האָבן אויך געקראָגן אַ מקום־מקלט יידישע פּאַרטיזאַנער

פון ניט־יידישע אָטריאַדן, ווען ס׳האָבן באַדראָט שווערע שטראָפן און צומאָל טויט־שטראָף פאַר אַנטשלאָפן ווערן אויפן פּאָסטן, אָדער פאַר אַן אַנדער "זינד" פאַר עובר זיין די פּאַרטיזאַנער־דיסציפּלין.

די פאַרזינדיקטע יידישע פּאַרטיזאַנער, וויסנדיק וואָס זיי דערוואַרט, פלעגן באַצייטנס אַנטלויפן פון זייערע אָטריאַדן און אָנקומען צו בעלסקין. טוביה בעלסקי אַליין פלעגט דאָן אינטערווענירן ביי דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון צענטראַלן שטאַב, גענעראַל פּלאַטאָן, מיט וועמען בעלסקי האָט איינגעשטעלט פריינטלעכע באַציונגען, און פלעגט ביי אים פועלן בטל צו מאַכן דעם אורטייל און דערלויבן איבערלאָזן דעם פאַרזינדיקטן פּאַרטיזאַן ביי זיך אין אָטריאַד...

אויף דער איינלאַדונג פון טוביה בעלסקין איז איין מאָל אַראָפּגעקומען אויף אַן אינספּעקציע דער גענעראַל פּלאַטאָן אין דער באַגלייטונג פון 15 קאָמאַנדירן פון צענטראַלן שטאַב. מען האָט זיי אַרומגעפירט איבער דער באַזע און געוויזן וואָס יידן קענען אויפטאָן אין די באַדינגונגען פון וואַלד חוץ די קאַמפּס־אָפּעראַציעס.

גענעראַל פּלאַטאָן איז נתפעל געוואָרן פון אַלץ וואָס ער האָט געזען אויף דער באַזע. אַריינקומענדיק אין דער גרויסער געביידע, ווו ס׳האָבן געאַרבעט צענדליקער בעלי־מלאכות פון פאַרשידענע פאַכן ווי: שניידעריי, שוסטעריי, שלאָסעריי, סטאָלעריי און אַנדערע. ער האָט ניט אויפגעהערט צו באַוווּנדערן די אַלע אויפטוּען און געלויבט בעלסקיס איניציאַטיוו, וואָס האָט מצליח געווען, אין די סאַמע פּרימיטיווסטע לעבנס־באַדינגונגען אויפצושטעלן אין רוקן פון שונא אַ שטעטל מיט אַ קליינער אינדוסטריע, וואָס פלעגט באַזאָרגן מיט די נויטיקסטע זאַכן צענדליקער אָטריאַדן איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון דער פּושטשע.

ערשט אין דער לעצטער פאַזע, נאָך דער גרויסער אַבלאַווע אויף דער נאַליבאָקער פּושטשע אין זומער 1943, איז בעלסקיס אָטריאַד אָנערקענט געוואָרן אַלס פּאַרטיזאַנער־איינהייט ביי דער העכערער קאָמאַנדשאַפט. דער אָטריאַד איז שוין דאָן געווען רעאָרגאַניזירט. דער קאָמאַנדיר האָט אָפּגעקליבן אַ פּאָר צענדליק בראַווע חברה און פאַרמירט פון זיי אַ דיווערסיע־גרופּע, וואָס האָט גענומען אַן אָנטייל אין דער אַלגעמיינער דיווערסיע־טעטיקייט, וואָס האָט דערפירט צום צוזאַמענבראָך פון דער מעכטיקער דייטשער אַרמיי.

אין 1943 זענען ס׳רוב געטאָס שוין געווען ליקווידירט אין די קליינע שטעטלעך. בלויז געציילטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן זענען איבערגעבליבן ווו ניט ווו, אין וועלכע ס׳האָבן זיך מערסטנס געפונען פאַך־ספּעציאַליסטן, ווי למשל, אין נאָוואָגרודעק, קאָלדיטשעוואָ, לעבן באַראַנאָוויטש. די דאָזיקע יידן, האָבן געוווּסט, אַז זיי זענען פאַרמשפּט צום טויט, פריער־שפּעטער.

אויך בעלסקי האָט געוווּסט וועגן גורל פון די פאַרמשפּטע יידן און האָט אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט יחידים פון די דאָזיקע לאַגערן און פּלאַנירט זיי אַרויסצוראַטעווען.

ניטאָ דאָ קיין פּלאַץ פאַר דער סענסאַציאָנעלער געשיכטע וועגן דעם, ווי העכער 300 יידן זענען אַנטלאָפן פון נאָוואָגרודקער לאַגער דורך אַ טונעל, וואָס זיי האָבן געגראָבן אין משך פון חדשים. אַ טייל פון די אַנטלאָפענע זענען אין דער צעטומלעניש געכאַפּט און

צעשאָסן געוואָרן. צו בעלסקיס אָטריאַד זענען אָנגעקומען אַן ערך 150 יידן. פון קאָלדיט־שעווער לאַגער זענען כמעט אַלע 100 יידן אַנטלאָפן און האָבן דערגרייכט צו בעלסקין.

אַט די דאָזיקע צוגעקומענע יידן זענען אַלע געווען ספּעציאַליסטן אין זייערע פאַכן און זענען ממש געווען אַ ברכה פאַר די וואַרשטאַטן פון בעלסקיס אָטריאַד. מיט זיי איז בעלסקיס קליינע אינדוסטריע פילפאַכיק פאַרצווייגט געוואָרן אויף נאָך געביטן.

יידן, באַהאַלטענע ביי פויערים, אין פאַרשידענע באַהעלטענישן אין וועלדער, ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז ס׳איז דאָ אַ יידישער קאָמאַנדיר, וואָס נעמט אויף אין זיין אָטריאַד יידן אָן געווער, זענען געלאָפן פון אומעטום, כדי אָנצוקומען אויף דער באַזע. ס׳איז ניט געווען קיין טאָג, ס׳זאָלן ניט קומען יידן צו בעלסקין אין אָטריאַד, אפילו פון די ווייטסטע געגנטן.

איינצייטיק זענען פאַרגעזעצט געוואָרן די שלאַכט־און דיווערסיע־אַקציעס קעגן שונא... און אַזוי ביז צום לעצטן שלאַכט און ווייטיקפולסטן פאַרלוסט פון אונדזער אָטריאַד:

פאַרטאָג, נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, אין אַ שפּאַנענדיקער דערוואַרטונג אויף דער אָנקומענדיקער באַפרייערישער רויטער אַרמיי, איז פּלוצלינג אַ גרויסע מחנה באַוואָפנטע דייטשן, וועלכע זענען געלאָפן פון פראָנט אויף מערב, אומגעריכט באַפאַלן אונדזער באַזע. זייער ציל איז געווען אַרויסצורייסן זיך פון דער אַרומרינגלונג. ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ שטאַרקע קעגנזייטיקע שיסעריי, אין רעזולטאַט פון וועלכער ס׳זענען געפאַלן 14 דרייסטע יונגע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דעם אָטריאַד. דאָס זענען געווען די לעצטע קרבנות פון בעלסקיס אָטריאַד געציילטע שעהן פאַר דער באַפרייאונג...

וועגן די העלדישע מעשים פון טוביה בעלסקי און זיין יידישן פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד האָט מען פיל גערעדט אין דער אַרומיקער סביבה. פון מויל־צו־מויל האָט מען דערציילט וועגן שטאָלצע יידן אָן געלע לאַטעס, וועלכע קעמפן מיט די דייטישע רוצחים און פירן אויס נקמה־אַקטן איבער גוים־קאָלאַבאָראַנטן און מערדער פון יידן. די פויערים האָבן דערשפירט די שטראָפנדיקע האַנט פון בעלסקיס פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן ניט דערלאָזט, אַז יידיש בלוט זאָל זיין הפקר.

טוביה בעלסקי איז געוואָרן דער סימבאָל פון רעטונג. צו אים האָבן זיך געצויגן הונדערטער אַנטלאָפענע יידן־רעשטלעך פון די אויסגעמאָרדעטע געטאָס פון מערב־ווייס־רוסלאַנד, וועלכע האָבן געבלאָנקעט אין די וועלדער ביז זיי האָבן דערגרייכט צום אינד־זעלע פון רעטונג — בעלסקיס יידישן פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד.



משה זאַלצמאַן

# באַוווּנדערונג

## שקיעה

די זון —
אַ רויט־צעגליטע גאָנדאָליע,
קערט זיך אום פון איר ווייטן וועג
אַן אַנטווישטע און מידע.

אויפן נאָנטן הימלראַנד,
ביי בת־גלים,
לאָזט זי זיך אַראָפּ, די פייער־קויל,
פּאַוואָליע,
פאַרטראַכט ווי אין אַ ווידוי.

שטאַר, אַ שטאָלצער שוואַן
אויפן ים־שפּיגל געשאָכטן,
זינקט זי אַלץ טיפער, טיפער,
טרינקט זיך אין די צעגליטע ים־פּאַליעס
ביז זי ווערט אין זיינע כוואַליעס נעלם.

שטיי איך מיט אַן אָפן מויל —
אַ גולם —
קיין וואָרט נישט אויסצוריידן.

פאַרגאַפט פון דער פּראַכט
פונעם פּורפּור אויפן הימל־שליאַך,
אַ תפילה אָן ווערטער איך זאָג —
אַ מין צידוק הדין
פאַר ביידן —
פאַרן זונפאַרגאַנג
און פאַרן שטאַרבנדיקן טאָג.

# מיר איז אַ שאָד...

איך האָב ליב דאָס ליכט פון באַגינען,
ווען ערשטער פויגל־געזאַנג
שפּאַלט מיין געהער אומגעריכט
און טאָג עפנט אויף אַ וויע. —
מיר איז אַ שאָד יעדע שקיעה:
איר רויטער זיגל ביים הימלס טויער —
איידער עס פאַרמאַכט זיך —
איז אַ חיזוק מיר,
איז אַן אָנשפּאַר אין דער חשכות;
דער דעמער פאַרוויקלט זיין לעצטע יריעה,
פאַרוועבט מענטש און בוים
אין אַ טרוים,
אין אַ דינעם אָוונט־שלייער
און אין אַ טרויער —
אומגעהויער —
**מיר איז א שאָד דער טרויער**

מיר איז אַ שאָד דער גוטער ריח
פון פּרדסים פּסח־צייט,
ווען דאָס לאַנד מאַכט הויך די ברכה:
בורא מיני בשמים...
און אַלע וועגן זענען שיכור
פונעם איידעלן אַראָמאַט זיינעם
און מיט יוגנט־פרייד זאַט —
ווערן אויך זקנים.
מיר איז אַ שאָד אַלץ אין איינעם.
עס לאָזט איבער אין מיר אַ בענקשאַפט,
אַ נאָגעניש ביז ווייטיק.
מיר איז דער ווייטיק — נייטיק.

זע, ס'האָט די וועלט אויסגעטאָן
אירע שווערע ווינטער־שטיוול,
ווי מ'וואַרפט אַראָפּ פון זיך קייטן.
אין ווייכע, לייכטע סאַנדאַלן
שפּאַנט דער פרילינג אום איבער בוים און פעלד.

ס'איז פרילינג אויף דער וועלט.
שטיל, אָנגענעם דאָס וועטער.
שווערע טוי־טראָפּנס אויף גרינע בלעטער
טריפן אַריין אין מיין געמיט
האָפענונג. בטחון.
טעג וויקלען זיך אויף —
ווייסע ראָלן פּאַפּיר
און אַ לייכט גוט געמיט
בריט מיינע פינגער־שפּיצן,
שטעקט דעם בלייער אין האַנט מיר...

איך האָב ליב דיך, ליד מיינס,
און דעם פרילינג אָן אַ שיעור.
דאָך, איז מיט אייך אַזוי שווער מיר,
אַזוי באַנג —
באַנג אומגעהויער —
מיר איז אַ שאָד דער טרויער...

## אַז א מענטש שטאַרבט...

אין סאַמע בלי פון פרילינג
ווערט פלוצעם האַרבסט,
ווען אַ מענטש שטאַרבט.

אַז אַ מענטש שטאַרבט — —
שטאַרבן מיט מיט אים פון הויז די ווענט
און פון אַלע זאַכן ווערט שאָטן.

אַז אַ מענטש שטאַרבט — —
שטאַרבן אויף אַ ווײַלע אַלע זיינע נאָנטע.
שכנים ווערן שטילער,
יאָגן זיך נישט מער, ווי ס'וואָלט געברענט.
דער הונט בלייבט שטיין פאַרטראַכט,
דרייט מיטן עק —
פון מיטלייד, צי פון שרעק?

אַז אַ מענטש שטאַרבט,
לאָזן זיך ביי אַלעמען אַראָפּ די הענט.
אַלע שפּיגלען ווערן שוואַרץ — —
און ס׳שטעלט זיך אויף אַ רגע אָפּ ביים טאָג
דער אָטעם
און אויך דאָס האַרץ — —
אַז אַ מענטש שטאַרבט.



זינאָווי טאָלקאָטשאָוו פון דער בילדער־סעריע „טרעבלינקע״

## זאַמי פעדער

# ר׳ בעריש

ר׳ בעריש שוחט, אַ דאַר יידעלע מיט אַ הדרת־פּנים, אַרומגערעמט מיט אַ שיינער באָרד און לאַנגע געקרייזלטע פּיאות, פון וועלכע עס טריפן טראָפּנס מקוה־וואַסער. גייט ברומענדיק אַ ניגון יעדן ערב שבת מיט פּאַמעלעכע טריט פון מרחץ אַהיים דורכן לאַנגען שמאָלן געסל פון שטעטל, אויף וועלכן עס ציען זיך צוויי שורות הייזלעך איינע קעגן דער אַנדערער, ווי מצבות אויף אַ יידישן בית־עולם.

ר׳ בעריש גייט און די קראָמען פאַרמאַכן זיך, ביז ער בלייבט פּלוצים שטיין פאַר אַ קראָם, וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן זיך צו פאַרמאַכן, און פונקט אַזוי פּלוצים, הערט ער אויף ברומען דעם ניגון. מיט דער רעכטער האַנט גיט ער זיך אַ וויש דאָס הדרתדיקע פּנים זיינס, אַ כאַפּ די באָרד און פּיאות, פון וועלכער עס הייבט ווידער אָן טריפן מקווה־וואַסער און מיט אַ ״נו, עה!!!...״ ציט ער אויס די האַנט, צעשפּרייט אַלע פינף פינגער, שאָקלט מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט אַ שווערע זאַך געוויגן און שטיל ווי ער וואָלט איצט די שטילע ״שמונה־עשרה״ געזאָגט, רעדט ער צו דער קראָם: — איי, איי־איי!!!... עההה, נו, שבת!!!... — ער וואַרט אַזוי וועגנדיק די אויסגעצויגענע האַנט מיט די צעשפּרייטע פינגער, ביז דער בעל־הבית, אַ פאַרשעמטער, פאַרמאַכט אויף גיך די קראָם.

דעמאָלט ערשט מאַכט ר׳ בעריש אַ ביסעלע שנעלערע טריט און אַ ביסל שנעלער אונטער־ברומענדיק דעם ניגון.

אַ ביסל שפּעטער זעט מען ר׳ בערישן מיט נאָך צוויי בחורים, וואָס טראָגן אַ גרויסן קויש צוריק גיין די לאַנגע גאַס. דאָס גייט ר׳ בעריש מיט די בחורים יעדן ערב שבת צוזאַמענעמען פאַר אָרעמע ישיבה־בחורים, אָדער גלאַט פאַר בכבודיקע אָרעמעלייט, וואָס האָבן נישט אויף שבת.

ביי יעדן הייזל בלייבן זיי שטיין, קלאַפּן אָן אין דער טיר וועלכע צעעפנט זיך מיט אַ ברייטן ״גוט שבת!״.

די בעל־הביתטע, ענטפערט אָפּ — אַ גוט יאָר! קומט, קומט אַריין, קומט ווייטער! — און זי נעמט אַראָפּ פון טיש די שוין פון פריער צוגעגרייטע חלה אָדער קוכן און לייגט אַריין אין קויש.

ר׳ בעריש און די בחורים גייען מיט נאָך אַ ברייטערן ״גוטן שבת!״ אַרויס פון שטוב, צווינטשנדיק: —איר זאָלט האָבן אַל דאָס גוטס! — וואָס ווערט באַגלייט פון דער בעל־הביתטעס זאַפטיקן ״א־מ־ן!!!... גייט געזונט און קומט געזונטער־הייט, מיעצעשעם איפדעוואַך, ערב שבת, ווידער״.

אַ שבתדיקע מנוחהדיקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן שטעטל, פון די פענצטער האָבן אָנגעהויבן אַרויסבלישטשען די פריש־אָנגעצונדענע שבת־ליכט. יידן גייען, איילן זיך, ווער אין שול אַריין, ווער אין בית־המדרש און אין חסידים־שטיבל.

אויך ר׳ בעריש גייט אין איילעניש אין גערער שטיבל אַריין דאַוונען, די זייַדענע זשיפּעצע פאַרגאַרטלט, דאָס שטריימל אַ ביסעלע שיף־זיצנדיק אויפן קאָפּ.

אַהיים גייט שוין ר׳ בעריש פּאַוואָלינקער, אַרומגערינגלט מיט חסידים און ישיבה־בחורים, שמועסנדיק, ווער עס איז אויף שבת געפאָרן קיין גער צום רבין, זאָל לעבן, און ווער עס וועט פאָרן די אַנדערע וואָך און נאָך אַזעלכע שטיבלשע זאַכן און מיט ״אַ גוטן שבת, ר׳ בעריש!״ ווערט דער עולם ווייניקער און ווייניקער ביז אויך ר׳ בעריש גייט אַריין אין זיין שטוב און דורך די פענצטער דערהערן זיך די ״שלום עליכמ׳ס״ און די שבתדיקע ״קידוש׳ס״.

שבת נאָכמיטאָג גייען בחורים צו ר׳ בערישן אויף ״פאַרהער״.

נאָכן פאַרהער, מיט אַ קניפּ אין בעקל און צוזאָגנדיק: — אַ וווילער בחור! — גיט ר׳ בעריש שבת־אויפּס: וועמען אַן עפּל, אַ באַרנע, אָדער צוקערלעך. גרעסערע בחורים, אַז עס איז אַ יום טוב, גיט ער לעקעך מיט מעיד.

האָט אַ יינגל געהאַט אַ ״פייערדיקן״ קאָפּ און האָט באַדאַרפט אַ בעסערן מלמד, נאָר טאַטע־מאַמע זענען געווען אָרעם, אָדער אַ יתום — די מאַמע אַ וויסטע אלמנה, האָט ר׳ בעריש אַליין מיט דעם בחור געלערנט, אָדער געשאַפן געלט פאַר שכר־לימוד.

אַזוי שטיל, ווי דאָס שמאָלע טייכל איז געפלאָסן אין שטעטל, זענען געגאַנגען די יאָרן, איין יאָר ווי דאָס אַנדערע ביז... ביז די מלחמה איז אויסגעבראָכן און די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל.

אַ גרויסן טייל איינוווינער פון שטעטל איז געלונגען צו אַנטלויפן, געבליבן זענען אַלטע, קראַנקע און די, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן.

אַן אימהדיקע נידערגעשלאָגנקייט איז געלעגן איבערן שטעטל, אַ שרעק און אַ גרויל, האָט אָנגעכאַפּט, ווען מען האָט דערהערט, אַז אין אַ נעבן־שטעטל האָט מען פאַרברענט די שול פול מיט מתפללים. ווער עס האָט געוואָלט אַרויס זיך ראַטעווען, האָט מען דערשאָסן.

אין אַ צווייט שטעטל האָט מען געהייסן יידן אויסגראָבן אַ גרוב, דערנאָך האָט מען געצוווּנגען אַריין אין גרוב און דאָרט אַלעמען דערשאָסן.

פאַרגוואַלטיקט יונגע מיידלעך, דערנאָך זיי דערהרגעט.

אין איינעם אַ טאָג, ווען ר׳ בעריש איז געשטאַנען אין טלית און תפילין און געדאַוונט שחרית פאַרן ארון הקדוש פון זיין קליין ספר תורהלע, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך אין שטוב — אַ ירושה פון זיין טאַטן ע״ה, האָט ער פּלוצים דערהערט אַ גערודער, געשרייען און אַ שיסעריי.

אַ שטאַרקער קלאַפּ אין דער טיר פון זיין קיך, דאַן אייניקע שאָסן דערנאָך אַן

אויסגעשריי פון זיין ווייב גנענדל: — שמע ישראל!!! — און ער האָט דערזען, ווי זי פאַלט אַנידער און בלייבט ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט.

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט, עס זענען אַריינגעקומען דייטשן מיט ביקסן אין די הענט באַגלייט פון פּוילישע שקצים, וועלכע האָבן אויפגעריסן דעם ארון און אַרויסגענומען דאָס ספר־תורהלע.

צוויי דייטשן האָבן אָנגעכאַפּט ר׳ בערישן ביי די רצועות פון די תפילין, אַרומגעוויקלט זיין האַלדז און אים אַרויסגעשלעפּט אויף דער גאַס, ווו עס זענען געשטאַנען נאָך דייטשן און שקצים, וואָס זענען מיטגעגאַנגען מיט זיי, ווייזן ווו יידן וווינען.

ווען זיי האָבן ר׳ בערישן דערזען, אָנגעטאָן אין טלית־און־תפילין, האָבן זיי מיט אַ חוזק־געלעכטער אָנגעהויבן שרייען: — זשיד!... יודע!... יודע!... איי־ווויי!!! איי־ווויי!!! — און ר׳ בערישן געשטופּט און געשטויסן.

איינער אַ שגץ, האַלטנדיק דאָס ספר תורהלע, האָט אָנגעכאַפּט די רעכטע פּיאה פון ר׳ בערישן און נאָכקרימענדיק דאָס זינגען און טאַנצן פון יידן, וואָס ער האָט אַ מאָל געזען, ווען יידן אין שטעטל האָבן געפירט אַ ספר אין שול אַריין, האָט געהאָפּקעט, געחוזקט, געלאַכט און געשריגן: — האָפּ! האָפּ! זשידקעלע!... און ר׳ בערישן געשלעפּט ביי דער פּיאה און זי אויסגעריסן — די באַק און באָרד פון ר׳ בערישן איז געוואָרן רויט פון בלוט.

דאַ האָט אַ דייטש לאַכנדיק אַרויסגעכאַפּט אַ מעסער פון זיין טאַש און צו צו ר׳ בערישן, אָנגעכאַפּט די לינקע העלפט פון זיין באָרד צוזאַמען מיט אַ שטיק באַק און זי אָפּגעשניטן. האַלטנדיק אַזוי די האַלבע פאַרבלוטיקע באָרד אין דער האַנט, האָט ער גענומען דאָס ספר־תורהלע פון שגץ און עס געגעבן ר׳ בערישן. ער האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פון רעוואָלווער־טאַש און אָנגעהויבן שיסן אין דער לופט און שרייען: — האָפּסאַ!!!... האָפּסאַ!!!... נאַ, לאָס, זאַו־יוד, טאַנצן!!! טאַנצן!!! האָפּסאַ!'' האָפּסאַ־טראַלאַלאַ'' — און געשטופּט מיטן רעוואָלווער ר׳ בערישן.

ר׳ בעריש איז געשטאַנען צעטומלט, פעסטהאַלטנדיק דאָס ספר־תורהלע, ווי ווען ער וואָלט זיך אָנגעהאַלטן אין אַ פעסטע זאַך, אַז ער זאָל נישט אומפאַלן, און לאַנגזאַם אָנגעהויבן צו ריטשן מיט די פיס.

גוישע בעלי־בתים פונעם שטעטל, וועלכע האָבן גוט געקענט ר׳ בערישן, זענען אַדורך געגאַנגען די גאַס, נייגעריק שטיין געבליבן און מיטגעכיכקעט און מיטגעלאַכט. אַנדערע ווידער, האָבן פאַרשעמט אַוועקגעדרייט די קעפּ — נישט געוואָלט זיך אָנטרעפן מיטן בליק פון ר׳ בערישן און זענען אַוועק.

די דייטשן מיט די שקצים און צוקוקערס, האָבן זיך נאָך מער צעהיצט און געשריגן: — זשיד!!!... פערדאַמטער יודע! לאָס, טאַנצן! ט־אַ־נ־צ־ן!!

אויך אַ צווייטער דייטש האָט מיט כעס אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער, געשאָסן אין דער לופט און געשריגן: — טאַנצן! דו שטינק־לודער, ווירדס באַלד?! לאָס,

טאַנצן!!! און ר׳ בעריש האָט מיט זיינע לעצטע כוחות אָנגעהויבן אַביסל שטאַר־קער צו ריטשן מיט די פיס, זיינע ליפּן האָבן ציטערדיק זיך באַוועגט און ס׳האָט זיך דערהערט אַ האַרץ־וויינענדיק געברום — דאָס האָט ר׳ בעריש געזאָגט ווידוי.

פלוצים, האָבן זיינע אויגן גענומען לייכטן, ווי זיי וואָלטן מיט פייער־פונקען געשפּריצט און ער האָט אָנגעהויבן זינגען און טאַנצן, וואָס אַמאָל שטאַרקער און פריילעכער: — אוי, שישו ושמחו בשמחת תורה! אוי־אוי־אוי!!! — און נאָך פריילעכער זינגענדיק צוגעגעבן — ותנו כבוד לתורה!!!

די שקצים און די דייטשן, נאָכקרימענדיק ר׳ בערישן, האָבן קאַמיש מיטגע־שפּרונגען און חוזקדיק געלאַכט: — אייוויי־אייוויי!!! האָפּסאַ! האָפּסאַ! האָפּ־סאַ!!!

ר׳ בעריש האָט נאָך העכער געזונגען און נאָך שטאַרקער געטאַנצט: — אוי, אוי, אוי!!! כי טוב תורה מכל סחורה ומפּנינים יקרה!!! ער האָט געטאַנצט מיט אַלץ מער עקסטאַז און געזונגען:

פלוצים האָט דער דייטש מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט אָנגעהויבן שרייען:
— אויפהערען! אויפהערען! פערדאַמיש נאָך איינמאַל, אויפהערען! —

אָבער ר׳ בעריש, האָט נאָך ווילדער געטאַנצט און געזונגען: — אוי־אוי־אוי!!! שישו ושימחו בשמחת תורה!!!... —

דער דייטש האָט זיך נאָך שטאַרקער צעשריגן: — אויף־הע־רען!!! האָב איך געזאָגט. — דאָס דרעק־שוויין לאַכט יאַ פאַן אונדז! דו־זאַו־יוד!!! — און האָט דריי מאָל אויסגעשאָסן צו ר׳ בערישן.

ר׳ בעריש האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, דאָס ספר תורהלע, האָט זיך אים אַרויס־געגליטשט פון דער האַנט און זיך צעוויקלט און צעשפּרייט אויף דער גאַס. ר׳ בעריש איז וואַקלדיק צוגעגאַנגען צום דייטש, וואָס איז געשטאַנען מיטן רעוואָל־ווער אין דער האַנט און האָט אים אַ שפּיי געטאָן אין זיין פּרצוף אַ בלוטיקע מאַסע שפּייעכץ און אַנידערגעפאַלן אויף דער אויסגעשפּרייטער ספר תורה.

צוויי שנירלעך בלוט פון ר׳ בערישס בײדע מוילווינקלען זענען געראָנען און האָבן זיך געשלענגלט אויף דער ספר תורה.

די זון האָט געשיינט און אָנגענעם געוואַרעמט. די ביימער האָבן געבליט מיט אַ פּרעכטיק בליעכץ. די פייגעלעך האָבן געטשוויטשערט, ווי ווען זיי וואָלטן שירה געזונגען צום רבונו של עולם.

**יהושע וויגאָדסקי**

# דריי לידער

*   *
*

כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט אין אַ פריהאַרבסטיק וועטער,
ס׳איז שוין זיכער נישט ווייט צו די קעלטן,
נאָר דאָ שטייען נאָך די גערטנער אין בלעטער — —
האַלב פאַרשאָטנט און האַלב באַהעלטע.

כ׳בין, זעט אויס, צו פרי אויפגעשטאַנען
פאַר מיין דאָזיקן אומעטיקן צעשייד
מיטן קאַיאָריקן טומאַן פון אָפּגעקאָסעטע לאַנען,
אויף וועלכע איין קאַרשנבוים שטייט.

עס איז נישט יענע צייט, דאָס איז נישט יענע צייט — — —
די היץ שמעקט מיט סמאָלע, די הימלען לייכטן,
האַרבסטיקע גנאָד פון פאַרדרימלטער ווייט,
פון נאַקעטע וועלדער מיט קאָרע פייכטער.

*   *
*

מילדע פרילינגן און האַרבסטן,
פריע דעמערן, פאַרשפּעטיקטע באַגינענס,
און שאָטנס מאָגערע אויף שויבן,
ווי פוירהענגלעך פלאַטערדיק-דינע.

עמעץ איז געקומען און אָפּגעשטעלט זיך פלוצעם,
ס׳האָבן טרעפּ אַ סקריפּ געטאָן און געבליבן שטילע — — —
די פאַרהיטענע אין חלום לבנהדיקע טייכן
אויף העלפט אין נעפּל איינגעהילן.

דער איינגעדרימלטער פֿאַרבליבענער אַאיר
אויףביידע ברעגן טייכל העלט,
וועקט אַ ריח זומפּיקן און וואַכט,
ווי ס׳זאָל האָבן ווער אַ פֿישער-נעץ פֿאַרשטעלט.

* *
*

פֿאַר ר.ס.

אַ שוואַרצער סאַמעטענער בערעט,
שוואַרצע סאַמעטענע אויגן — — —
ס׳האָט געוויקט דיין פּעלערינע
אַ גאָס-רעגן פון באַגינען.

מיט נעפּל שמעקט דער רעגן אויף די שויבן
און דו שפּיזסט אַדורך זיי מיט דיין ראיה — — — —
אַ פֿוסטער פענצטער, ווי ער זאָל האָבן
ווען געפירט דיך צו דער תליה.

נישט קיין קלאָג און נישט קיין תפילה,
שטייסט און קוקסט — — אַ נעפּל גייט,
אין אים זיך הערט אַ הינטיש בילן
אויף פאַרליר און אויף צעשייד.

ס׳האָט דער רעגן זיך פאַרנומען און פאַמעלעך
מיט אַ טרער אַן איינזאַמער דיין געזיכט פאַרצויגן — — — —
אַזוי פיל זאַלץ, אַזוי פיל זאַלץ,
אין דיינע סאַמעטענע אויגן.

**יידיש פון ד.ס.**

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## די האַיאָריקע פאַרטיילונג פון מאַנגער-פּרייז

פייערלעך און אימפּאָזאַנט, ווי שטענדיק, איז אין זאַל פון תל־אביבער "הבימה"־טעאַטער פאָרגעקומען די מאַנגער־פּרייז־פאַרטיילונג פאַרן יאָר 1978.

מיט באַגריסונג־רעדעס פול מיט ליבע און ברכה פאַר דער יידישער שפּראַך, פאַר אירע ליטעראַטור־שעפער, בכלל און פאַר די נייע פּרייז־טרעגער בפרט, זענען אַרויסגעטראָטן דער מדינה־פּרעזידענט פּראָפ׳ אפרים קציר און דער מער פון תל־אביבער שטאָט־ראָט שלמה להט.

די רעדאַקציע פון "ירושלימער אַלמאַנאַך" באַגריסט די נייע לאָורעאַטן פון מאַנגער־פּרייז — דעם גרויסן יידיש־העברעישן דיכטער — אורי־צבי גרינבערג, די אָנגעזעענע שרייבער און דיכטער פון די פּאַראייניקטע שטאַטן — מרדכי שטריגלער און מאיר שטיקער, דעם פּראָזע־מייסטער, אונדזער ירושלמי — עלי שעכטמאַן, די ישראל־דיכטערין — רחל פישמאַן און די באַליבטע פאָלקס־זינגערין — נחמה ליפשיץ. מיר ווינטשן זיי אַלע געזונט און ווייטערדיקע שעפערישע דערפאָלגן.

## נייע ביכער

יוסף פּאַפּערניקאָוו — "מיין אַנטאָלאָגיע" פאַרלאַג י.ל. פּרץ. תל־אביב 1978. 200 ז״ז. פיינער לידער־אָפּקלייב פון דיכטערס העכער צוואַנציק פּאָעזיע־ביכער, הילע פון קינסטלער משה בערנשטיין.

מאיר יעלין — "בלוט און וואָפן" — פאַרלאַג "המנורה" תל־אביב 1978—תשל״ח 256 ז״ז. ווי דער מחבר ווייזט אָן אין זיין קורצן פאָרוואָרט, באַשטייט דאָס בוך פון קליינע נאָוועלן און בילדלעך, לירישע מיניאַטורן און דאָקומענטאַלע סקיצעס" וועלכע ער האָט "אָנגעהויבן צו שרייבן הינטערן שטעכלדראָט פון קאָוונער געטאָ". נאָכוואָרט פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים וועמענס הורביץ־פאָנד ס׳האָט פּרעמירט מיט אַ סובווענץ אָט דאָס בוך.

זאב בלום (בנימין מאַכלין) — "דעם זיידנס קרוין" (וועגן מענדעלע מוכר ספרים) אַרויסגעגעבן דורכן קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל — ביכער־סעריע שרייבערס עולים פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. פאַרלאַג י.ל. פּרץ תל אביב 1978. 152 זייטן.

# יעקב בעלער

## סטעפאַן צווייג

אין אַ שטילן זומערדיקן פאַרנאַכט ווען די הייסגליענדע בראַזיליאַנער זון איז אַ ביסל אָפּגעקילט געוואָרן, און די שאָטנס זענען ביסלעכווייז פאַרזונקען צווישן דער אַרומיקער קייט פון בערג, און באַלויכטן די שפּיצן פון די פּאַלמען־ביימער אין אַ ים פון גאָלד־גרינע קאָלירן, האָב איך געשפּאַנט איבער די שטיל־באַרגיקע געסלעך פון דעם בראַזיליאַנער רעזאָרט פּעטראָפּאָליס מיט אירע פּראַכטפולע פּאַנאָ־ראַמעס פון לאַנדשאַפטן אויפן וועג צום בית־עולם ווו עס רוט זיין אייביקע רו דער מידער וואַנדערער סטעפאַן צווייג און זיין פרוי עליזאַבעט שאַרלאָט צווייג.

אַ לייכט פאַרנאַכטיק ווינטל האָט געבלאָזן, געשפּילט מיט די אָפּגעריסענע בלעטער פון אַ פאַרוויאַנעטן בלומען־קראַנץ, וואָס אַ פריינד האָט דאָ אַוועק־געלייגט, זיי צעטראָגן אין דער לופט. — אַ סימבאָל פון גורלדיקן סוף פון אָט די צוויי מידע וואַנדערער ווען דער יידישער גורל האָט דאָ אַהער פאַרטראָגן און איבערגעריסן אַזוי טראַגיש זייערע יונגע לעבנס. פון מאַסיוון גלאַטן שטיין האָבן צו מיר אַרויפגעקוקט די העברעאישע און לאַטייניש‎ע אויפשריפטן: סטעפאַן צווייג נפטר י׳ אדר, פעברואַר 1941, און גלייך אויף דער צווייטער זייט: עליזאַבעט שאַרלאָט צווייג נפטרה...

ערגעץ דאָ אין איינעם פון די ווייס בלאַנקנדע שטילע ווילעס, אַרומגערינגלט מיט פּאַלמען־ביימער, באַצירט מיט אַ בלומען גערטנדל, ווי ער — סטעפאַן צווייג, דער ליבהאָבער פון נאַטור און שיינע פּאַנאָראַמעס האָט ליב געהאַט, האָט ער דערפילט זיין היימלאָזיקייט, די נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך רו. און אין אַ שטילער בראַזיליאַנער נאַכט האָט ער אויפגעמאַכט דעם גאַז און פאַרענדיקט זיין חשבון מיטן נע־ונד־לעבן צוזאַמען מיט זיין פרוי.

אַ נאַכט פאַר זיין זעלבסטמאָרד האָט ער אָנגעשריבן זיינע לעצטע ווערטער — זיין צוואה — ״איך שייד זיך מיטן לעבן מיט אַ קלאָרן פאַרשטאַנד און מיט מיין אייגענעם ווילן, איך דאַנק דעם לאַנד, וואָס האָט מיך אַזוי פריינדלעך אויפגענומען, מיר געגעבן די מעגלעכקייט פאַר מיין ווייטערער אַרבעט. די וועלט פון מיין גייסט און מיין שפּראַך אין וועלכער איך בין אויסגעוואַקסן און געשאַפן, ליגט איצט צעשטערטע און פאַרברענטע און פלאַמען פון האַס טראָגן זיך אין אייראָפּע. מיין גייסטיקע היים איז פאַרניכטעט און צעשטערט. מיד פון וואַנדערן און היימלאָזיקייט האָב איך מיינע כוחות פאַרלוירן. איך בין איצט מיד ביי זעכציק יאָר ווידער

אַנצוהייבן פון דאָס ניי. בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז דאָס איז דער בעסטער אויסוועג״.

שטייענדיק ביי דער מצבה אין דער טונקלקייט פון דעם אַנקומענדיקן בין־השמשות, האָבן זיך אין מיר דערוועקט זכרונות פון מיין באַגעגעניש מיט אים אין ניו יאָרק אין פעברואַר 1939 — אַ פּאָר חדשים נאָך דער קריסטאַל־נאַכט. די פייערן פון די פאַרברענטע שילן זענען נאָך ניט געווען אויסגעלאָשן. אַ שטראָם פון טויזנטער יידישע פּליטים האָט זיך געטראָגן איבער אייראָפּע. די קאָנסולאַטן זענען געווען באַלאַגערט מיט טויזנטער היימלאָזע. עס זענען שוין געגאַנגען טראַנספּאָרטן צו די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, נאַצישע שטיוול האָבן זיגרייך מאַרשירט איבער פּוילן, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיי, און ווי ווילדע חיות האָט זיך געטראָגן דאָס געשריי — יודען ראַוס!

סטעפאַן צווייג ווען עס איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין לאָנדאָן איז פון דער ניו־יאָרקער טעאַטער גילד איינגעלאַדן געוואָרן צו דער פּרעמיערע פון זיין דראַמע ״ירמיהו״ אין ניו־יאָרק. ווען די פאַרשטייער פון די ניו־יאָרקער צייטונגען האָבן ביי אַ פּרעסע־קאָנפערענץ אים געפרעגט וועגן אינהאַלט פון זיין דראַמע און פאַרוואָס די טעאַטער־גילד האָט זי גראָד איצט אויסגעקליבן אויפצופירן דאָ אין ניו־יאָרק, האָט סטעפאַן צווייג אין אַן ערנסטן טאָן געענטפערט:

״ווען איך האָב אין יאָר 1917 אָנגעשריבן די דראַמע ״ירמיהו״, איז דאָן געווען פּונקט ווי איצט, אין סאַמע ווירוואַר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ מין משוגעת האָט אַרומגעכאַפּט אייראָפּע. עס איז געווען אַ געפאַר אַרויסצוזאָגן זיך, אויסדריקן מיין פּראָטעסט קעגן חורבן און פאַרוויסטונג. דעם נביא׳ס ווערטער זענען דאָן פאַר מיר און אַנדערע, וועלכע האָבן באַוויינט זייערע יונגע קינדער וואָס זענען געפאַלן אויף די פראָנטן, געווען ווי אַ באַלזאַם אויף די ליידן״.

ווען איך האָב זיך צו אים געווענדט מיט דער פראַגע — ״הער צווייג, וואָס דערוואַרט איצט די יידן, וועלכער וועט איצט זיין דער יידישער גורל?״ האָט ער ווי פאַרלוירן זיין רויקייט, אַנגעשטעלט זיינע בליקן, אין וועלכע עס האָט זיך מיט אַ מאָל באַוויזן אַ טרויעריק וואָלקנדל: ״די געשיכטע לערנט אונדז, אַז יידן זענען ביי אַ וועלט־קאַטאַסטראָפּע — די ערשטע אויפן פייער... כ׳האָב מורא אַז דער שטראָם פון טויזנטער פּליטים זענען דער אַוואַנגאַרד פון מיליאָנען היימלאָזע יידן.

— און וואָס טוען איצט די אַמעריקאַנער יידן? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— דאָס גאַנצע אייראָפּעאישע יידנטום שטייט פאַר דער סכנה פון אויסראָטונג האָט ער ווייטער באַמערקט און ווער־ווייסט צי מיט דעם וועט עס זיך ענדיקן, ווי ווייט היטלער וועט גרייכן אויב מען וועט די ווילדע חיה ניט צוימען. —

— ווי רעאַגירט אַמעריקע אויף היטלערס פּלאַן אויסצומאָרדן די יידן? האָט ער ווייטער געפרעגט.

איך האָב אים געענטפערט: כ׳קום נאָר וואָס פון אַ מאַסן־פּראָטעסט־מאַרש

פון פינף הונדערט אָרטאָדאָקסישע רבנים וועלכע האָבן מאַרשירט אין די גאַסן פון וואַשינגטאָן צום ווייסן הויז...

— זעט איר, האָט ער באַמערקט, אָרטאָדאָקסישע יידן, זיי בין איך מקנא... זיי גלויבן... זיי האָבן האָפענונגען זיי...

— און וואָס האָט זיי פּרעזידענט רוזוועלט געזאָגט?

דאָ בין איך אַ ביסל צעמישט געוואָרן — ...פּרעזידענט רוזוועלט האָט זיי ניט אויפגענומען. עפּעס אַ דיפּלאָמאַטישער גאַסט איז דאַן געווען אין וואַשינגטאָן... האָבן זיי אויסגעגאָסן זייערע תפלות פאַרן קאָנגרעס...

— פּרעזידענט רוזוועלט? — האָט ער זיך שטאַרק געוווּנדערט. די נאַציס האַלטן אים דאָך פאַר אַ ייד...

כדי אים צו באַרויקן האָב איך ווייטער באַמערקט: די אַמעריקאַנער יידן שווייגן ניט. אַ מאַסן־באָיקאָט קעגן דייטשע סחורות ווערט אָנגעפירט. מאַדאַם סטיווען ווייז, פירט אָן פּיקעטס אַרום אַלע דעפּאַרטמענט סטאָרס...

מאַדאַם סטיווען ווייז? — האָט ער זיך ווי עפּעס דערמאָנט. איר ווייסט, אַז זייענדיק אין דער שווייץ אין דער צייט פון אַ ציוניסטישן קאָנגרעס האָט דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער פירער סטיווען ווייז מיט מיר געהאַט אַ שמועס וועגן ציוניזם... אויך אַנדערע ציוניסטישע פירער מ׳האָט מיך אַפילו איינגעלאַדן צו באַזוכן פּאַלעסטינע און אָנשרייבן אַ בוך. אָבער־ווי ער וואָלט זיך וועלן פאַרענט־פערן — ס׳איז דאַן ניט דאָך געווען די פּאַסיקע צייט... ניט דער פּאַסיקער מאָ־מענט...

— און ווי איז אייער באַציונג איצט צום ציוניזם?

— איר ווייסט — האָט ער אויסגעמיטן אַ דירעקטן ענטפער — אַז דער טעאָ־רעטיקער פון ציוניזם, דר. טעאָדאָר הערצל איז געווען מיין ערשטער רעדאַקטאָר. ער האָט דאַן אָנגעשריבן זיין ״יודענשטאַאַט״ און מען האָט אים אַפילו אין די ווינער ״יידישע קרייזן״ אויסגעלאַכט. קאַרל קרויס האָט דאַן אָנגעשריבן אַ בוך מיטן נאָמען ״איינע קראָנע פיר ציאָן״ ווו ער האָט געחוזקט פון הערצלס פּלאַן. מ׳האָט אים דאַן גערופן ״דער קעניג פאָן ציאָן״.

איך בין נאָך דאַן געווען אַ יונגער סטודענט און געהאַט אָנגעשריבן מיין ערשטע נאָוועלע. כ׳האָב באַשלאָסן זי פּערזענלעך איבערצוגעבן דר. הערצלען וועלכער איז דאַן געווען דער פעליעטאָניסט און ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון דער ווינער ״נייער פּרעסע״. ווען איך בין אַריין אין הערצלס אַרבעטס־צימער, האָט זיין מאַיעסטעטיש אויסזען מיך צעטומלט, אָבער זיינע מילדע פריינדלעכע אויגן האָבן מיך באַרויקט. ער האָט די נאָוועלע אין מיין קעגנוואַרט איבערגעלייענט, געמאַכט אַ רויטן צייכן און מיט אַ פריינדלעכן טאָן מיר געזאָגט: אייער נאָוועלע איז אָנגענומען, זי וועט אין קורצן דערשיינען.

— איך האָב ווידער געזוכט אַרויפצופירן אונדזער שמועס אויף ציוניזם, אויף מדינת ישראל, אָבער ער האָט אויסגעמיטן אַ דירעקטן ענטפער.

— איר זעט — האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף די נייעסן וואָס זענען פינקלדיקע פאַרבייגעלאָפּן אין דעם אָנקומענדיקן בין השמשות אויף דעם טיימס־סקווער־טורעם: דייטש יידישע קינדער ווערן פאַרפרוירן אויף טויט ביי דער האָלענדישער גרענעץ... ״טויזנטער דייטשע יידן ווערן פאַרשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן. מיר שטייען איצט פאַרן חורבן פון... דער מענטשהייט. שווער צו שאַפן אין אַזאַ צייט...

פאַרן אַוועקגיין האָט ער מיך געבעטן אים צו ברענגען די סאַמע לעצטע נייעסן פון די יידישע צייטונגען.

ווען איך האָב אים אַ פּאָר טעג שפּעטער געבראַכט אַ פּעקל יידישע צייטונגען און אים געפּרוווט איבערזעצן די נייעסן אויף דייטש, האָט ער באַמערקט: — לייענט אין יידיש. איך פאַרשטיי יידיש...

אויף מיין פאַרוווּנדערונג, פון וואַנען ער קאָן יידיש, האָט ער מיר געזאָגט, אַז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער באַזוכט גאַליציע, זיך דאָרט באַקאַנט מיטן יידישן גאַליציאַנער מאָלער אפרים משה ליליען, וועגן וועלכן ער האָט שפּעטער אָנגעשריבן אַ בוך, אַז זיינע בילדער דריקן אויס דעם יידישן חן און צער, און וועלנדיק וואָס מער דעמאַנסטרירן זיין יידישקייט, מיר דערציילט, אַז ער איז געווען דער גאַסט ביי אַ שבתדיקן טיש ביי שלום אַש אין לאָנדאָן און צוזאַמען מיט אַשן באַזוכט דאָס יידישע טעאַטער.

לאַנג איז סטעפאַן צווייג ניט פאַרבליבן אין ניו־יאָרק, דאָס רוישיקע ברויזנדע ניו־יאָרק איז אים ניט געווען צום האַרץ. ער איז ערשט אַוועק קיין ניו־הייווען ווו ער האָט געהאָפט צו באַקומען אַ קאַטעדרע. ווען עס איז פון דעם גאָרניט געוואָרן, איז ער אַוועק אין אַ שטיל שטעטל אַרום ניו־יאָרק און דאָרט פון ס׳ניי אָנגעהויבן זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן. אָבער אויך דאָרט איז ער לאַנג ניט פאַרבליבן. אויגוסט 1941 איז ער מיט דער שיף ס.ס. אורוגוואַי אָפּגעפאָרן קיין בראַזיל ווו ער האָט געהאָפט צו געפינען די געגאַרטע רו...

נאָך פון זיין פריסטער יוגנט איז ער שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון פּלע־מישן דיכטער עמיל ווערהאַרנס אידיליעס וועגן פלעמישן פויערישן לעבן. אַליין אַ געבוירענער אין אַזאַ וועלט־שטאָט ווי ווין, האָט ער שטענדיק געבענקט נאָך אַ שטילן אָרט ווו מ׳קאָן הנאה האָבן פון דער נאַטור־שיינקייט. אין יאָר 1936 ווען ער איז געפאָרן צום פּען־קאָנגרעס אין בוענאָס־איירעס, איז ער איינגעלאַדן גע־וואָרן אויף אַ באַזוך קיין בראַזיל. דאָס עקזאָטישע בראַזיל מיט זיינע פאַרבנרייכע פּאַנאָראַמעס, טייכן און בערג איז אים שטאַרק געפעלן, און ער האָט באַשלאָסן דאָס לאַנד נאָך אַ מאָל באַזוכן און זיך נענטער דערמיט באַקאַנען. ער האָט אויס־געקליבן דעם שענסטן פּלאַץ פון לאַנד פּעטראָפּאָליס, אַן אָפּרו־אָרט, אַרומגערינגלט מיט אַ קייט פון בערג און פּראַכטפולע פּאַנאָראַמעס. אין איינס פון די שטילע געסלעך צופוסנס פון די בערג האָט ער געדונגען אַ ווילע. דאָרט האָט ער אין אָנהויב געפונען רו און אָנגעשריבן זיין בוך ״בראַזיל, דאָס לאַנד פון דער צוקונפט״,

נאָך דעם ווי ער איז דורכגעפאָרן דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט. דאָס בוך איז איבערזעצט און אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אַ יידישן פאַרלעגער, אַלפרעדאָ קאָהן.

אָבער לאַנג האָט זיין רו ניט אָנגעהאַלטן. די סיטואַציע אין איראָפּע איז וואָס אַ מאָל פאַרשאַרפטער געוואָרן. די נאַצישע קריגסמאַשין האָט זיגרייך מאַר־שירט פון איין לאַנד צום צווייטן. שטעט זענען חרוב געוואָרן. טויזנטער מענטשן זענען פאַרבראַנט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס. ער האָט פאַרלוירן די האָפענונג, אַז די נאַציס וועלן סוף־כל־סוף האָבן אַ מפּלה. דאָס נאַצי־געשפּענסט איז אים כסדר נאָכגעגאַנגען. אַטאָ זאָרעק דערציילט, אַז ווען די טשילענער דיכטערין די נאָבעל־פּרייז־טרעגערין גאַבריעלע מיסטראַל האָט אים באַזוכט, איז זיין ערשטע פראַגע געווען צי גלויבט זי, אַז די נאַציס וועלן אויך קומען קיין טשילע? ער האָט זיך שטאַרק אַנטוישט אין דער וועלט, געוואָרן מיד פון וואַנדער און היימלאָזיקייט און אין איין שטילער שיינער בראַזיליאַנער נאַכט געמאַכט אַ סוף צו זיין און זיין יונגער פרויס לעבן.

סטעפאַן צווייג האָט געהערט צו דער פּלעיאַדע דייטשע יידישע שרייבער און קינסטלער אין ווין, וועלכע האָבן די שטאָט באַרימט געמאַכט איבער דער וועלט, ווי דעם טעמפּל פון קונסט. צו יענער סביבה האָבן געהערט: אַרטור שניצלער, ריכאַרד בעער האָפמאַן, פעטער אַלטענבערג, פראַנץ ווערפעל, די באַרימטע מוזי־קער: קאַרל גאָלדמאַרק, גוסטאַוו מאַהלער, אַרנאָלד שענבערג, הוגאָ פאָן־האָפמאַנס־טאַל; און די וויסנשאַפטלער: זיגמונד פרויד; די טעאַטראַלן: מאַקס ריינהאַרד, און אַנדערע. זיי אַלע זענען ווייט געשטאַנען פון יידן און זיך באַטראַכט ווי פּאַט־ריאָטישע בירגער פון לאַנד.

אין זיין לעצטן בוך "די וועלט פון נעכטן" וואָס איז פאַקטיש זיין ביאָגראַפיע און וואָס איז דערשינען נאָך זיין טראַגישן טויט, שרייבט סטעפאַן צווייג, אַז דאָס אַדאַפּטירן פון די יידן די סביבה און דאָס פאָלק אין די לענדער, ווו זיי האָבן גע־וווינט, איז ניט בלויז געווען אַ מין אויסערלעכע זעלבסטשוץ, נאָר אַ ליידנשאַפט־לעכער טיפער באַגער — אַ בענקשאַפט נאָך אַ פאָטערלאַנד, נאָך רו, זיכערקייט, און פריינדשאַפט. דאָס האָט זיי באַוויזן צו פאַרבינדן זיך מיט דער קולטור פון דער אַרומיקער וועלט און אַט די פאַרבינדונג איז אין ערגעץ ניט געווען אַזוי דערפאָלג־רייך, ווי אין עסטרייך...

צווישן יענער סביבה פון די אַסימילירטע קינסטלער און וויסנשאַפטלער אין ווין איז סטעפאַן צווייג געווען דער יידישסטער. נאָך פאַר דער גרויסער יידישער טראַגעדיע, איידער ער האָט זיך אַנטוישט אין דער גרויסער וועלט, האָט צווייג אין אייניקע פון זיינע ווערק אויף יידישע טעמעס באַהאַנדלט דעם יידישן גורל. אַזוי ווי אין דער "באַגראָבענער מנורה" ווו ער שילדערט דעם קידוש השם פון יידן אין רוימישער געפאַנגענשאַפט, וואָס האָבן באַגראָבן אַ מנורה. זיי ווערן געמאַטערט מיט די שרעקלעכסטע פייניקונגען זיי זאָלן אויסזאָגן דאָס אָרט ווו די מנורה געפינט

זיך, אָבער זיי בלייבן פאַרעקשנט. בנימין — דער העלד פון דער דערציילונג טעהנט דאָרט:

— פאַר וואָס האָט דאָס פאָלק ניט קיין מנוחה, ווער איז עס דער, וועלכער האָט פאַרוואָלקנט דעם הימל פון דעם אומגליקלעכן פאָלק! און ער פאַרענדיקט: "עס וועט קומען אַ טאָג, ווען די האָפענונג פון די יידן וועט פאַרווירקלעכט ווערן, די באַגראָבענע מנורה וועט ווידער לייכטן און דאָס פאָלק וועט האָבן מנוחה אין זיין אייגן לאַנד".

אין אייניקע פון זיינע ווערק שילדערט צווייג די טראַגעדיע פון די אַסימי־לירטע יידן. — זייערע אורעלטערן, — שרייבט ער, האָבן וויניקסטנס געוווסט צוליב וואָס מען פאַרפאָלגט זיי. זיי האָבן געגלויבט אין גאָט און שטאָלץ געליטן אַלס יידן. געטריבן פון איין לאַנד צום צווייטן, איז גאָט געווען זייער גייסטיקע היים, וועלכע קיינער האָט פון זיי ניט געקאָנט אַוועקנעמען, קיין אינקוויזיציע און קיין דיקטאַטאָר.

— די יידן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זענען אַוועק פון זייער יידישקייט בלויז כדי איין מאָל פאַר אַלע מאָל פטור ווערן פון פאַרפאָלגונגען. זיי זענען געוואָרן מער ענגלענדער, דייטשן, פראַנצויזן ווי יידן... איצט אָבער האָט מען זיי אויסגעקערט ווי בלאָטע פון די גאַסן, קיין אונטערשייד ניט געמאַכט צווישן די באַנקירן, פילאָזאָפן, נאָבל־פרייז־טרעגער, פראָפעסאָרן, ציוניסטן און אָרטאָ־דאָקסן. איין גורל האָט זיין אַלעמען צוזאַמענגעבראַכט, אָבער זיי האָבן זיך אַפילו ניט געקאָנט צוזאַמענרעדן.

סטעפאַן צווייג דערציילט וועגן זיינעם אַ שמועס מיט זיגמונד פרויד, וועלכער האָט דאַן גראָד פאַרענדיקט זיין בוך וועגן משה׳ן, אין וועלכען ער האָט די פּערזאָן פון משה רבינו פאַרגעשטעלט גאָר ווי אַן עגיפּטער... אין יענעם שמועס האָט זיגמונד פרויד טיף באַדויערט, וואָס גראָד אין אַזאַ שרעקלעכער צייט פאַר יידן, ווען מ׳נעמט פון זיי אַוועק אַלץ — האָט ער אַוועקגענומען פון זיי אַזאַ וויכטיקע היסטאָ־רישע פּערזענלעכקייט. דאָס באַווייזט אַז שוין אַפילו זעענדיק די אָנקומענדיקע יידישע טראַגעדיע, האָבן יידן זיך נאָך אַלץ אַרויסגענומען פון יידישן כלל.

סטעפאַן צווייג איז געווען אַ זון פון אַן אַסימילירטן יידן פון בעהמען און פון מוטערס־צד פון אַן אַריסטאָקראַטישער איטאַליענישער יידישער משפחה.

ער האָט אָנגעשריבן קרוב צו זעכציק ביכער, איבערגעזעצטע אין אַכצן שפּראַכן ער האָט באַזיצט דעם טאַלאַנט אַריינצודרינגען אין דער מענטשלעכער נשמה, אַרויסברענגען די קאָנפליקטן און דעם צער פון יחיד און די ליידן פון אונטערדריק־טע, ווי אין זיין בוך "יאָזעף פאָשעי", "עראַזמוס פון ראָטערדאַם" "קאַסטעללא און סעבאַסטיאַן", "מאַריאַ אַנטואַנעט", "מערי די קיניגין פון סקאָטלאַנד". "אַמאָק" א.א. זיינע עסייען וועגן וועלט־באַרימטע קינסטלער "בוימייסטער פון דער צייט" זענען דורכגעדרונגען מיט מענטשן־ליבע, רחמנות, און פּראָטעסט קעגן די אונטער־דריקער און פאַרפאָלגער.

# קולטור-אינפֿאָרמאַציעס

## אויסשטעלונג וועגן יידישער קולטור-שעפֿערישקייט אונטערן נאַציזשן רעזשים

עס האַלטן ביים פֿאַרענדיקט ווערן די לעצטע הכנות ביים דורכפֿירן אַ פּראָיעקט וועגן אַ וואַנדער־אויסשטעלונג פֿון יידישער ליטעראַטור, קונסט און קולטור געשאַפֿן אין געטאָס און לאַגערן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין דער אויסשטעלונג וועלן זיין 50 פֿאַרשיידענע פּאַנעלן מיט פֿאָטאָקאָפּיעס פֿון אַרום 400 אויטענטישע עקספּאָנאַטן וואָס זענען פֿאַרהיט געוואָרן אין אַרכיוון און ביי פּריוואַטע פּערזאָנען אין לאַנד און אין אויסלאַנד. צווישן די הונדערטער עקספּאָנאַטן געפֿינען זיך כתב־ידן, צייכענונגען, פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון טאָגטעגלעכן לעבן אין געטאָס און לאַגערן, מוזיק מיט נאָטן און פֿאַרשיידענע אַנדערע דאָקומענטן.

די אויסשטעלונג וועט אַרומקרייזן במשך דעם יאָר 1978 אין 12 מדינות און וועט געוויזן ווערן פֿאַר די יידישע קהילות אין זיי. די דערקלערונגען וועלן זיין אין פֿיר שפּראַכן: העברעיש, יידיש, ענגליש און פֿראַנצויזיש. דער דאָקומענטאַרער מאַטעריאַל וואָס וועט געוויזן ווערן איז לרוב אַן אומבאַקאַנטער און שפּיגלט אָפּ די יידישע גייסטיקע שטאַנדהאַפֿטיקייט און דעם שעפֿערישן כוח פֿון פֿאָלק, וועמענס דבקות אין לעבן פֿאַר זיין אמונה און קולטור־ווערטן איז נישט געמינערט געוואָרן, אַפֿילו אין די באַדינגונגען פֿון געטאָ־און לאַגער־לעבן.

דער גאַנצער מאַטעריאַל פֿאַר דער אויסשטעלונג איז שוין צונויפֿגעזאַמלט געוואָרן, דער עיקר — פֿון די אַרכיוון אין יד־ושם און בית לוחמי הגיטאות. כדי ממחיש צו זיין וואָס בולטער די באַהאַנדלטע טעמעס, זענען אויסגעקליבן געוואָרן צענדליקער אָריגינעלע פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון צווישן אַ 15.000 אויטענטישע פֿאָטאָגראַפֿיעס וועגן לעבן פֿון יידן אין אייראָפּע בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועלכע באַגלייטן און אילוסטרירן דעם דאָקומענטאַרן מאַטעריאַל.

דער פּראָיעקט איז פּלאַנירט און ווערט דורכגעפֿירט פֿון יחיאל שיינטוך פֿון דער יידיש־אָפּטיילונג ביים ירושלימער אוניווערזיטעט צוזאַמען מיט ד״ר יוסף קערמיש דער דירעקטאָר פֿון יד־ושם־אַרכיוו. די האָפֿענונג פֿון די מחברים איז, אַז די אויסשטעלונג זאָל זיין אַן ערשטער שריט פֿאַר דעם צוקונפֿטיקן צונויפֿזאַמל פֿון די נאָך ביז היינט טיילווייז צעוואָרפֿענע מאַטעריאַלן וועגן דער יידישער קולטור־געשיכטע פֿון יידן אין די געטאָס און לאַגערן, כדי זיי צו פֿאַרוואַנדלען אין אַ באַשטאַנדטייל פֿון יידישן באַוווסטזיין אין דער היינטיקער צייט, דורך זייער פּובליקאַציע, איינגלידערונג און לערן־פּראָגראַמען און איבערזעצונג אויף שפּראַכן וואָס יידן ריידן אין דער גאַרער וועלט.

**יחיאל שיינטוך**

הדסה רובין

# נייע לידער

## שפּינוועבס

שפּינעוובס
וועבט מיך אײַן
אַלץ ענגער און געדיכט.
באַלד וועט איר נעץ דערגיין
ביז צו דעם שוואַרצאַפּל
און שיטן אין די אויגן זאַמדיק ליכט —
אַדורכגעזיפּטע שײַן
דורך שפּינוועב-זיפּן.

איך בין געניט אין דעם.
דאָס זײַדענע געוועב,
די פּעדעמלעך, אומשולדיק-דינע,
אָט וועלן זיי זיך אײַנשנײַדן אין לײַב
און אויסמעקן מיין קול
מיט פרומער שינאה.

## נישט מער

נאָך דאָ אַן אָרט פאַר דיר,
מײַן דיכטער.
נאָך דאָ אַן אָרט.
אַ נישט געדאַכטער, אומגעריכטער,
ווען קומסט צוגיין
מיט שטילן וואָרט
און רופסט אַרויס פון געסלעך ענגע,
פון אונטער הימלען בײַ דער ערד,
אַ חלום,
וואָס איז געבליבן הענגען
צווישן טאָג-פאַרגאַנג

און טרער.
דו פירסט,
דו פירסט אַרויס צו ליכט אים —
דורך חושך יעדער טראָט,
דורך פּײַן.
און זאָגסט אים אָן דײַן בשורה, דיכטער,
און וועקסט אים אויף אין טאָג אַרײַן.
און וועקסט אים אויף
אים צו פאַרטרויען
דײַן סוד,
וואָס האָסט מיט בלוט גענערט:
אז פון די הימלען, פון די בלויען,
טיילט אָפּ אַ בליק,
אַ בליק, נישט מער.

* *
*

מײַן אויג ווינט אין דעם גרינעם ווינקל,
דאָרטן ווו די ווײַטן הייבן זיך אָן.
דעם וועג אַהין — די טויזנט וועגן,
באַדעקן ראָמאַשקעס און ווילדער מאָן.

דעם ווילדן מאָן האָבן אויסגעטראַכט ווינטן.
און אפשר האָט זיי גאָר מײַן אויג פאַרזייט,
זיי זאָלן ברענען אויפן וועג צום גרינעם ווינקל,
ווען לעצטע שײַן פאַרגייט.

איך וועל אַלץ איינס צו אָט דער גרינקייט טרעפן —
איבער מיין וויג איז שוין געהאַנגען איר קאָליר.
כ'גיי דורך אַנאַנד צו איר, אָן אויפהער
בײַ שיין פון דעם לאַמטערן,
וואָס הענגט אין מיר.

## מודה אני

אין פרימאָרגנדיקער שעה
זענען מיר שענער.
די בייזע הינט פון מערק און בירזשעס
האָבן אונדז נאָך נישט דעריאָגט —
רעשטלעך חלום טרײַבן אָפּ זיי.

דאָס איז די שעה,
די בעסטע שעה
אָפּצושטעלן סתם אַ פרעמדן,
פרעגן אויף אַ גאַס,
וואָס איז דערווייל נאָך נישט פאַראַנען,
און אַראָפּטרינקען פון ליפּן
אָפּגעראַטעוועטן שמייכל.

דאָס איז די שעה פון גוטן אויג,
וואָס שענערט אויס, פאַרגלעט אַ פּגם
מיט מילדקייט און רחמנותדיק.
קענסט טרעפן און אַזאַ מין שעה:
אַ פישער וואַרפט צוריק זײַן פאַנג
אויף וואַסערן, אין ים אַרײַן...

אין דער פרימאָרגנדיקער שעה
זוך איך אים, מײַן חלק גאָט
מיט מודה אני מיינעם.

# קדיש

## 30סטער יום-עצמאות

נישטאָ נאָך אַזאַ פאָלק, ווי דאָס יידישע, וואָס זאָל זיין אַזוי געפּייניקט און געמאָרדעט, און דאָך איינהאַלטן אין משך פון יאָרטויזנטער זיין נאַציאָנאַלן קלסתר־פּנים און גייסטיקע אינערלעכע פרייהייט. דער געראַנגל פאַר אָט דער פרייהייט האָט אויסגעפילט די גאַנצע יידישע געשיכטע און ער איז געוואָרן געפירט אין אַלע אומשטענדן, אַפילו אין די סאַמע האָפענונגסלאָזע צייטן, ווי בעת דעם אויפ־שטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, ווען כמעט די גאַנצע באַפעלקערונג אַרום איז געווען איין פייניטלעכער לאַגער. אָבער די טראַגישע דערפאַרונגען האָבן באַוויזן, אַז די קאַמפן פון די יידן אומעטום און אין אַלע צייטן פאַר "אונדזער און אייער פרייהייט" אין דער האָפענונג עפּעס צו געניסן אין זכות פון די אַנדערע, זענען געווען זעלבסטאָפּנאַרעריי. נאָך די גרעסטע קרבנות מצד די יידן האָט יעדע אויס־געקעמפטע פרייהייט זיי אַרויסגעשטעלט אויף יענער זייט טיר.

דער בולטסטער און טראַגישסטער ביישפּיל אין דער הינזיכט איז דער ראַטנ־פאַרבאַנד פאַר וועלכן צענדליקער טויזנטער יידן האָבן אין משך פון יאָרן אָפּגע־געבן זייער לעבן און וועלכער איז איצט נישט בלויז אַ לאַנד פון יידישער רעכט־לאָזיקייט און אַנטיסעמיטיזם פאַר אייגענעם געברויך, נאָר אויך אויף עקספּאָרט.

בלויז דער קאַמף פאַר דער אייגענער פרייהייט אין אַן אייגענער היים האָט, נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן און סכנות. זיך אַרויסגעוויזן פאַר עפעקטיוו און איז געוואָרן געקרוינט מיט דעם נס פון מדינת־ישראל, וועלכע איז די היים נישט בלויז פון די יידן, וואָס וווינען אין ישראל, נאָר פאַר דער מערהייט יידן אויף דער גאָרער וועלט.

דאָס איז היינט אַן אמת נישט צום אָפּפרעגן פאַר דער איבערוויגנדיקער מערהייט פון יידישן פאָלק. דערביי אָבער דאַרף מען נישט פאַרגעסן אין צוויי וויכטיקע מאָמענטן.

א) אַז דער געראַנגל פאַר דער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט אין אַלע תפוצות און אין אַלע צייטן איז נישט געווען בלויז אַ נייטראַל מיטל צום ציל, נאָר אַז ער האָט אין זיין אַנטוויקלונג געשאַפן אומאויפהערלעך יידישע מאָראַלישע און קולטור ווערטן, וועלכע האָבן באַרייכערט און פאַרטיפט די יידישע גייסטיקייט, ווייל דער געראַנגל אַליין פאַר דער דאָזיקער פרייהייט איז אַן אָרגאַנישער טייל פון איר.

ב) אַז מדינת־ישראל איז נישט בלויז אַ רעוואָלוציאָנערער איבערברוך אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק און אַ סוף פון אַ פיינפולער תקופה, נאָר גלייכצייטיק אויך דער אָנהייב פון אַ נייער, וועלכע דאַרף כולל זיין אין זיך אַלע פריערדיקע. יעדע זיכערע צוקונפט שפּאַרט זיך אָן אויף דער סינטעזע פון גאַנצן עבר מיטן גאַנצן הווה, און נישט אויף ברוכטיילן פון זיי, איבערהיפּערנדיק די סאַמע וויכטיקסטע, וועלכע האָבן דאָס פאָלק פאַר דער דאָזיקער צוקונפט פאַרמירט.

כדי דער יונגער דור אין לאַנד און אויך אַלע יידן אין דער גאָרער וועלט זאָלן באַנעמען די באַדייטונג פון מדינת־ישראל פאַר דער עקזיסטענץ און ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון גאַנצן יידישן פאָלק אומעטום; כדי די ליבשאַפט און טריישאַפט צו דער מדינה מצד דעם גאַנצן יידישן פאָלק זאָל זיין אַ ליכטיקע און באַוווסטזיניקע, דאַרף זי נישט בלויז זיין יושרדיק און גערעכטיק צו אַלע אירע בירגער גלייך, נאָר זי דאַרף אויך קולטיווירן די מסורה פון נאַציאָנאַלער און מענטשלעכער גבורה, וועלכע עס האָבן אַרויסגעוויזן אין אַלע תפוצות און אין אַלע דורות אַלע ריכטונגען, ווי אויך די קולטורן, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן אין אַלע תקופות, ווייל נאָר זיי אַלע צוזאַמען זענען דאָס יידישע פאָלק און נאָר די מעשים פון זיי אַלע האָבן געשאַפן די גאָלדענע קייט פון דער יידישער גייסטיקייט.

דער יום־עצמאות סימבאָליזירט מיט זיך די פאַרווירקלעכונג פון צוויי ווונדערלעכע לעגענדעס, וועלכע האָבן אין די שווערסטע צייטן געגעבן דעם יידישן פאָלק די קראַפט אויסצוהאַלטן און איבערדויערן. דאָס זענען די לעגענדעס פון שיבת־ציון און תחית־המתים.

ער דאַרף אויך ווערן דער געדענקטאָג פון די העלדישע מעשים פון אַלע טיילן פון יידישן פאָלק אומעטום און אין אַלע צייטן, ווייל די אַלע מעשים אין זייערע פאַרשידנסטע פאָרמען און געשטאַלטן זענען דער אייביקער קוואַל, פון וועלכן עס קאָן שעפּן דערמוטיקונג און גבורה אויך אונדזער היינט.

אין משך פון יאָרטויזנטער האָט דאָס יידישע פאָלק אויף די טייכן פון אַלע בבל׳ס באַוויינט דעם חורבן פון ציון;

אין די חצותן ווען די נאַכט הילט איין אין שטילקייט די ערד און דערלאָזט נישט קיין שום זייטיקע רוישן צו שטערן די מחשבותן פון מענטש, האָבן יידן זיך אויסגעטאָן פון אַלץ אַרום און זיך מתיחד געווען מיטן אָנדענק פון ציון;

אויף אַלע פרייווילליקע און געצוווּנגענע וואַנדערונגען איבער די סכנותפולע וועגן פון פרעמדע יבשות און ימים איז זיי, ווי דער עמוד־האש אין דער מדבר, געגאַנגען אומעטום פאַרויס דער חלום וועגן ציון.

ציון האָט אויפגעהערט צו באַדייטן בלויז אַ באַשטימטן קאָנקרעטן שטח, עס איז געוואָרן דער אָנזאָג און סימבאָל פון קומענדיקן קעניגרייך פון פרייהייט און אויסלייזונג פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, דער זין און אינהאַלט פון לעבן.

ווי דער לייטער פון יעקבן, וואָס זיינע פיס זענען געשטאַנען אויף דער ערד און זיין קאָפּ האָט געגרייכט צו די הימלען, האָט דער חלום וועגן ציון געוואָרצלט

אין די ליידן פון יידישן פאָלק און זיין קרוין האָט באַדאַרפט לייכטן פאַר אַלע פעלקער.

די יידישע חלוצים זענען מיט דעם חלום געקומען אין דעם וויסטן לאַנד פון זאַמדן, זומפּן און מאַלאַריע און מיט זייער שוויס און בלוט, מיט זייערע לעבנס, געגרייט דאָ נישט בלויז אַ היים פאַר זייער געפּלאָגט און געיאָגט פאָלק, נאָר אויך אַ מוסטערלאַנד פון גלייכהייט, פון געזעצלעכקייט און יושר.

ביידע טיילן פון דעם חלום זענען איין גאַנצקייט. זייער צעשייד וואָלט צעשטערט דעם פונדאַמענט, אויף וועלכן דרייסיק יאָר פון מסירת־נפשדיקן קאַמף און פון מסירת־נפשדיקער אַרבעט האָבן אויפגעשטעלט דאָס וווּנדער־געביי, צו־וועלכן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אין אַלע זיינע תפוצות באַציט זיך מיט ליבשאַפט. מיט טריישאַפט און האָפענונג.

די דאָזיקע באַציונג פון גאַנצן יידישן פאָלק צו מדינת־ישראל איז די קראַפט וועלכע איז מסוגל גובר צו זיין אַלע סכנות און שוועריקייטן און פאַרווירקלעכן דעם גרויסן און שיינעם חלום בשלמות — אַ יידישע היים ווי אַ מוסטערלאַנד פון גערעכטיקייט און שלום.



**שלמה רויטמאַן**

# ישראל

## פאָלקסטימלעכע ישראל-ליד

ישראל, וועסט הערן, מיסתמא,
ווען כ׳וועל דיר אַ קלאַפּ טאָן אין שויב,
און זיין וועסט אַ נעסט און אַ מאַמע
אַ שטילע נשמה — אַ טויב.

געפלויגן דיין טויב איז, געפלויגן
צו דיר דורך טויזנטער יאָר,
פאַרווינטיקט איר זענען די אויגן,
אַ ביסעלע גראָוו אירע האָר.

איך בין מיט דיר דאָך אַ מלך,
אָן דיר, — איז צי איך די ליאַמקע,
איך אָן דיר און דו אָן מיר
איז ווי אַ טיר
אָן אַ קליאַמקע.

אַז דו וועסט די טיר מיר פאַרשליסן
און בייטן דיין ליבע אויף האַס,
וועל איך אפילו ניט וויסן
ווו שטאַרבן, אויף וועלכער גאַס.

איך בין דאָך מיט דיר אַ מלך,
אָן דיר וועל איך ציען די ליאַמקע,
איך אָן דיר און דו אָן מיר
איז ווי אַ טיר
אָן אַ קליאַמקע.

אַז איך וועל מיין האַרץ דיר פאַרמאַכן,
און דו וועסט פאַרבלייבן אַליין,
ווער וועט דיין אויפגאַנג באַוואַכן,
וווּהין וועט דיין שיינקייט פאַרגיין.

ביסט קליין, נאָר אַ היים אַ גערֿאָמע,
ווען עפנסט דיין אָרעם מיר אויף,
דו וועסט זיין מיין נשמה,
איך — דיין אייביקער גוף.

דו ביסט מיט מיר אַ מלך,
אָן מיר וועסטו ציען די ליאַמקע,
איך אָן דיר און דו אָן מיר
איז ווי אַ טיר
אָן אַ קליאַמקע.

היינט ווערן די אויגן מיר נאַסער,
ווייל כ׳טרוקן שוין מער ניט אַליין,
קוועלן אונדז וועט שוין וואַסער,
אויב ס׳איז שוין דאָ דער שטיין.

גאָט האָט פאַרוועדט דעם שטעקן
צו שלאָגן פאַר וואַסער דעם שטיין,
מע דאַרף ניט קיין שטעקן צו וועקן
דאָס פייער אין מיין געביין.

אַיי, צו וואָס איז דער שטעקן,
דיין ערד איז אַזוי אויך האַרט,
כ׳וועל שטרעקן זיך אין די עקן,
אַבי דיך צו מאַכן צאַרט.

מירביידע זענען אַ מלך,
אַליין — מיר ציען די ליאַמקע,
איך אָן דיר און דו אָן מיר
איז ווי אַ טיר
אָן אַ קליאַמקע.

איך מיין האַרץ שוין צעעפן,
דו צעעפנסט דיין גרונט,
ווען האַרץ מיטן גרונט זיך טרעפן,
ווערסטו, מיין היים, געזונט.

עפנסט זיך גרין אונטער זונען,
און זאַמד אונדז מער ניט פאַרברענט,
מיר האָבן זיךביידע געפונען,
לאָמיר זיך גיבן די הענט.

געזיגט, געזיגט האָט דער מלך,
געפאַלן, געפאַלן די ליאַמקע,
איך מיט דיר און דו מיט מיר
איז ווי אַ טיר
מיט אַ קליאַמקע.

## אַ לידעלע וועגן ישראל

אַיי, דו שמאָלינק פאַסיקל — צווישן ימען,
אַיי, דו פאַסיקל פון זאַמד — צווישן פלאַמען,
ס׳האָט מיין האַרץ צו דיר צוריק זיך אומגעקערט
און באַגאָסן דיך, אַז ווערן זאָלסטו ערד.

אַז דיין ערד איז דאָ געוואָרן אַזאַ האַרטע,
אַז פאַרליבט, — בין איך געבליבן אַזאַ צאַרטער,
צווישן איר און זיך איך מאַך אַ דין געשפינס,
כ׳טו זי אָן אין גראָזן-העמדעלע אין גרינס.

קען איך דעמלט שוין אויף איר אין פריידן הוליען,
קען איך דעמלט זיך צו איר אין צרות טוליען;
האָב איך זי אַזוי שוין לעבעדיק געמאַכט,
ועט זי עפענען פאַר פירות מיר איר טראַכט.

אַך, דו פאַסיקל פון זאַמד — צווישן פלאַמען,
אַך, דו שמאָלינק פאַסיקל — צווישן ימען,
פלאַם פאַרברענט דיך ניט און ים דיך ניט פאַרשווענקט,
ווייל אין גאַנצן פון מיין האַרץ ביסט אויסגעבענקט.

1977

## אַ שמחה

(דערציילונג)

מרימען האָט שטאַרק געלאָקט צו זיין אויף דער שמחה, אין מושב. די געגנט איז דאָרטן זייער אַ שיינע, אויפן גליל. דער חתן איז בשלום געקומען פון דער מלחמה, איז נאָך דאָפּלט די שמחה. וועט זי זיך פרייען צוזאַמען מיט אירע פריינד.

געקומען אין מושב, אויפן אָרט, איז זי דורכגעגאַנגען אַ טויער געפלאָכטן פון פרישע פּאַלמען־צווייגן מיט בונטע זאַנגען. דער טויער האָט עס טאַקע געפירט צו דעם חתונה־פּלאַץ.

צווישן פאַרשידנפאַרביקע טישלעך, זענען געשטאַנען הויכע קוישן בלומען פון כלערליי מינים און קאָלירן. אין דער לופטן זענען געהאָנגען שנורן מיט עלעקטרישע לעמפּלעך, זיך געצויגן איבערן גאַנצן פּלאַץ פון בוים צו בוים. הויכע טאָפּאָלן האָבן אָפּגעגרענעצט דעם שטח פון די גרינע פעלדער, וואָס זענען געלעגן ווייט פאַרשפּרייט ביזן האָריזאָנט.

פון דער דערבייאיקער שטוב זענען אָנקעגנגעקומען די מחותנים.

— עמוס! — האָט די מאַמע גערופן — אַ גאַסט פון חוץ לארץ;

דער חתן, נאָך אין די כאַקי־הויזן, מיטן האַמער אין האַנט, האָט געהאַלטן אין צופעסטיקן אַ קויש בלומען אויף דער ווערענדע. אויך די כלה איז נאָך געווען אין וואַכעדיקן אָנטועכץ.

— איך בין צו פרי געקומען — האָט זיך מרים פאַרענטפערט נאָכן באַגריסן זיך.

— עס שאַדט ניט. אַהער קומט מען, ווען דער אויטאָבוס ברענגט. קען מען דען אויסרעכענען געננוי? אגב איז שוין טאַקע ניט פרי. חברה, איר דאַרפט זיך שוין איבערטאָן. מען וועט שוין אַלץ פאַרענדיקן אָן אייך. עס איז דאָ, קיין עין הרע, ווער עס זאָל טאָן. — האָט זי אונטערגעיאָגט חתן־כלה.

פאַרשמייעטע האָבן יונגע בחורים און מיידלעך געטראָגן קוישן און טאַצן עסנוואַרג צו די לאַנגע טישן, פּאַזע דיביימער. דאָרטן האָט מען עס געגרייט די בופעטן.

— זייט ניט געשטערט צוליב מיר — האָט מרים געזאָגט — איך זע איר האָט נאָך צו טאָן, וועל איך מיר דאָ שפּאַצירן אַביסל, באַקענען אייער דאָרף.

זי האָט זיך פאַרנומען מיט דער דערנעבנדיקער שמאָלער אַלייע.

— מיר זעען זיך אָבער גיך! — האָט די מחותנתטע נאָכגעשריען.

— געוויס. איך בין דאָך דאָ.

זי איז געגאַנגען אין שאָטן פון איילבירטן־ביימער. ביים זייט זענען גע־

שטאַנען גרויסע פאַרצוימונגען מיט בײדלעך. אנטקעגען פאַר איר, ווו די אַלייע האָט זיך געענדיקט, איז געלעגן אַ פעלד. ממטרות האָבן דאָרטן געדרייט, געשפריצט מיט וואַסער. עס איז איר אײנגעפאַלן צו דערגײן ביז אַהין און פאַרשנעלערט דעם טראָט.

אַ ביסל ווייטער, ביי די פאַרצוימונגען פולע מיט אינדיקעס, האָט זי זיך פאַרהאַלטן. גאַנץ לאַנג געשטאַנען און געקוקט מיט חידוש, ווי זיי שטופּן זיך אײנער אויפן אַנדערן און האַלדערן.

די אַלייע האָט זיך געענדיקט. אַ וועג מיט סימנים פון אַ דורכגייענדיקן טראַק־טאָר, האָט געפירט צום פעלד. פון דאַנען האָט אָבער דאָס פעלד אויסגעזען צו ליגן אַ סך ווייטער. זי האָט זיך אַרומגעקוקט. אויך דער חתונה־פּלאַץ, איז שוין געווען ניט נאָענט. דאָרטן האָט מען געזען די כלה, שוין אין דער ווייסער חופּה־קלייד, זיך באַגריסן מיט אָנקומענדיקע געסט. האָט זיך מרים פאַרנומען צוריק.

ביים אָנהויב פון דער אַלייע זענען איר אַנטקעגנגעגאַנגען צוויי עלטערע פרויען. שפּאַצירנדיק האָבן זיי זיך פאַרקוקט צום גאָרטן, געשאָקלט מיט די קעפּ און עפּעס גערעדט צווישן זיך. האָט אויך מרים געקוקט ווי זיי. דערווייל האָבן זיך אַלע דערנענטערט צו אַנאַנדער. צוזאַמען זיך אָפּגעשטעלט פאַרקוקט אין דער זעלבער ריכטונג.

— דער וואָס גייט דאָרטן, איז, דאַכט זיך, דער חתן? — האָט זיי מרים פאַרטשעפּעט.

— יאָ. דאָס איז דער חתן. ער גייט צו אַ חבר — האָט אײנע זייער ערנסט געענטפערט — איר זענט דאָס דער גאַסט פון חוץ לאָרץ. איך הייס רחל. בין אַ שכנה פון די מחותנים. אָט, דאָ אין דעם הויז וווין איך. און דאָס איז מיין חברטע עלקע.

עס איז געווען הייס. די זון, נאָך אַ ליכטיקע, האָט זיך גערוקט צו מעריב. פון אַלע זייטן האָט מען געזען אָנקומען געסט. פאַרברוינטע מושבניקעס, יונגע און עלטערע. מיט אויסגעלייגטע, ווייסע קאָלנערס. פרויען עלעגאַנט געקליידט. צווישן אַלעמען זענען געלאָפן קינדער. געשפּילט זיך, אַרומגעיאָגט.

— קוקט נאָר ווי גיך דער עולם האָט זיך צונויפגעקליבן — האָט עלקע זיך געוווּנדערט — עס וועלן זיין אַ סך געסט. אַ גרויסע און רייכע חתונה. קיין עין־הרע.

— יאָ — איז רחל מסכים געווען — איר קומט פון פּאַריז, — האָט זי זיך צוריקגעקערט צו דעם שמועס מיט מרימען — די מחותנתטע האָט מיר טאַקע דערציילט, אַז אירע אַ פריינדין, פון אויסלאַנד, וועט זיין אויף דער שמחה. געדענקסט עלקע? מיר זענען געווען אין פּאַריז.

— צי איך געדענק? אוודאי געדענק איך. האַרט פאַרן קומען אַהער, זענען מיר ביידע געווען אין פּאַריז.

— גיט נאָר אַ טראַכט, שוין אַזוי פיל יאָרן אַוועק. דאָ, אין דעם מושב זיי אָפּגעלעבט. פאַרשידנס געהאַט. ניט אַזוי, עס טרעפט און עס פאַלט איין, אָט,

מען וועט דעם לעבן איבערקליגן. חלילה! — האָבן געציטערט אירע פּאַרהאַרעוועטע אַלטע הענט — היט זיך טאָכטער, היט זיך דאָס צו וועלן. דאָס לעבן רעכנט זיך אָפּ מיט דעם, וואָס וויל זיין קליגער פון אים. שוויג איך. צייל ניט די קינדער, ניט די אייניקלעך. פיר זיך סטאַטעטשנע. בין געהאַרכזאַם צו דעם גורל. אָבער גלייבן, גלייב איך ניט קיינעם — האָט זי פּלוצלונג אַרויסגעפּלאַצט מיט רייד, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט פאַרבינדן מיט איר פילאָזאָפירן — איך גלויב ניט אַמעריקע, ניט ענגלאַנד, ניט פראַנקרייך, קיינעם אין דער וועלט ניט. נאָר אונדזערע יינגלעך. אויף אונדזערע קינדער פאַרלאָז איך זיך. אַז אַך און ווײ, ווי גוט מיר איז, אָבער — האָט זי צעפירט די הענט — אין ברירה. שאַ, אַט איז זיין מאַמע.

ביידע פרויען האָבן זיך איבערגעקוקט און אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. באַלד האָבן זיי דערפילט מרימס שטוינען און עלקע האָט אַ ביסל האַפּערדיק צוגעגעבן:

— יפה גייט שוין צו דער חופה. דער עולם קלייבט זיך.

אַלע דריי האָבן איר נאָכגעקוקט. ניט ווייט פון זיי איז זי פאַרבייגעגאַנגען. זיך פאַרנומען מיטן וועג, וואָס איז געווען ליידיק.

אַ שלאַנקע, מיט אַ פאַרהויבענעם קאָפּ, איז זי געגאַנגען פאָרויס, ווי זי זאָל קיינעם ניט זען. די לאַנגע קלייד, האָט איר געמאַכט אויסזען גראַציעז. דער ווינט האָט געטריבן אירע בלאָנדע האָר, וואָס זענען געווען נאַכלעסיק פאַרנומען אויפן נאַקן.

— אַ שיינע פרוי — האָט מרים באַמערקט.

— יאָ — האָט רחל אָפּגעזיפצט — זי גייט דאָס צו דער חופה.

אַ סך טישלעך זענען שוין געווען באַזעצט מיט געסט. מען איז אויך געשטאַנען אין רעדלעך און געשמועסט צווישן זיך. טייל זענען געקומען פון דערנעבנדיקע ישובים. איז געווען וואָס צו פרעגן, דערציילן.

לעבן בחור, וואָס האָט געהאַלטן די חופה־שטאַנגען, האָבן זיך געקליבן קינ־דער, געקלעפּט צו אים.

— יוחנן, לאָמיר אויפשטעלן די חופה — האָבן זיי זיך געבעטן.

— באַלד — האָט ער געענטפערט געדולדיק — דער רב איז נאָך ניטאָ. וואָס איילט איר אַזוי?

עס וועט שוין ניט געדויערן. אורי איז אַוועקגעפאָרן ברענגען דעם רב.

די פרויען האָבן זיך דערנענטערט צום עולם. אין גאַנג האָט די אַלטיטשקע רחל דערציילט:

— דאָ אין מושב רופט מען מיר די באָבע. באָבע רחל. איך האָב קיין עין־הרע, אַ היפּש ביסל אייניקלעך. מיין זון ... דער יינגסטער ...

זי האָט אָפּגעהאַקט, ווי פאַרטראַכט זיך, צי רעדט זי שוין ניט אַ ביסל צו פיל. עלקע האָט זי טאַקע אַזוי אָנגעקוקט. זי אָבער האָט עס ניט געזען.

— איר האָט געוויס געהערט וועגן קאָמאַנדיר, וואָס איז געפאַלן אויפן רמת הגולן? — האָט זי זיך אָנגערופן — אַכט און דרייסיק יאָר איז ער אַלט געווען.

איך שווייג. זאָג גאָרניט. שאַ. חלילה... — זי האָט פאַרביסן די ליפּן. מיט אירע ציטערנדיקע פינגער, פאַרשטעלט זיך דאָס מויל.

זיי זענען אַלע געבליבן שטיין. געקוקט אויף אַנאַנדער און ניט אַרויסגעזאָגט קיין וואָרט.

— קומט אַרויף צו מיר — האָט זי אנגענומען מרימען ביים אָרעם — קומט איר וועט זען זיין פּאַטאַ.

זי האָט זיך פאַרנומען צו איר הויז. מרים איז מיטגעגאַנגען.

— איך גיי צו דער חופה — האָט עלקע געזאָגט און געגאַנגען ווייטער — זעסט דאָך, דאָרטן זענען זיך שוין צוזאַמענגעקומען אַ סך געסט.

— גיי טייערע, גיי. מיר וועלן נאָר אַ קוק טאָן אויף צביקהן. מיר קומען שוין.

זי האָט פאַרשנעלערט איר טראַט. אַנגעהויבן איילן, גערעדט גיך.

— וויפל וועט עס געדויערן? נאָר אַ פּאָר מינוט. מיר קענען נאָך באַווייזן אים צו זען. אַט גלייך וועלן מיר אַראָפּגיין. קומט, קומט גיך. זיין עלטסטע טאָכטער זהבהלע, זיצט איצטער דאָרטן.

זי האָט זיך אַ דריי אויס געטאָן, געוויזן צו דעם הויז, איבערן גאָרטן און בעת־מעשה אויך דערזען דעם חתונה־פּלאַץ. ער איז שוין טאַקע געווען פול מיט מענטשן. אַ צער האָט דורכגעשוועבט איר אַלט, צעקנייטשט פּנים. זי איז געבליבן שטיין אַן אַנטוישטע.

— דער רב איז שוין קאַנטיק געקומען — זי האָט שטאַרק אַנגעשטרענגט איר בליק — יאָ, יאָ. ער איז דאָ. איך זע אים. מוזן מיר שוין אויך זיין דאָרטן. לאָמיר גיין. מיר קענען נאָך, חלילה, פאַרשפּעטיקן די חופּה.

אַרום די טישלעך, ווו מען איז געזעסן ביי פּרוכטן און געטראַנקען, האָט מען זיך געהייבן פון די ערטער. אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין איין ריכטונג ארומגערינגלט די חופּה.

— אַ שיינע כלה.

— אַלע כלות זענען שיין. זאָל נאָר איר מזל שיינען.

— קיין עין־הרע, זי האָט מזל אויך.

מיטן גאָרטן איז געגאַנגען אַ יונג מיידל. אָפּט זיך אָפּגעשטעלט, ווי זי זאָל ניט זיין זיכער מיט דעם וואָס זי טוט. פּלוצלונג ווי אומגעריכט דערזען די חופּה, שוין אַן אויפגעשטעלטע און פאַרשנעלערט איר טראָט.

— קוקט גברת, דאָרטן גייט מיין זהבלע. זי קומט אַהער. דאָס איז זי — האָט רחל אָנגעוויזן.

עס איז געוואָרן שטיל. מען האָט געהערט דעם רבס קול. גאָר הויך, אין דיביימער, האָבן געזונגען די פייגל.

מרים מיט רחלען זענען צוגעקומען גאָר נאָענט, געהייבן זיך אויף די שפּיצן פינגער. אַלעמענס בליקן זענען געווען געווענדט צו דער צערעמאָניע. אויפן פּנים פון גאָר הויכן מאַן, וועמען מען האָט אַרויסגעזען צווישן עולם. פון דער אַנדערער זייט חופּה, איז פּלוצלונג אויפגעקומען שרעק. ענערגיש האָט ער צעפירט די הענט,

געשטופּט די אַלע, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט לעבן אים. באַלד האָט ער זיך איינגעבויגן און מען האָט אים מערער ניט געזען. דאָרטן אָבער האָט מען זיך גערוקט, געביטן די ערטער אין אומרו און צעטראָגנקייט. מרים האָט זיך דערשראָקן. דאָס ערשטע איז איר אויפגעקומען, אַז מען דאַרף לויפן. זי האָט אַ פאַרלוירענע געקוקט אַרום זיך. מען האָט קיין ספּעציעלס אין ערגעץ ניט געזען. ביי אייניקע טישלעך זענען געזעסן עלטערע, מידע מושבניקעס. פון ווייטן רויק געקוקט צו דער חופה. מען האָט ווי פריער געהערט דעם רב לייענען די כתובה. עס איז אויך ווי פריער געווען זייער שטיל. אָבער אין שווייגעניש האָט ניט אויפגעהערט דאָס באַוועגן זיך אויף דער אַנדערער זייט. צוגעשפּיצט צו דעם, וואָס דאָרט קומט פאָר, האָט מרים זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, געוואָלט איבערגיין אַהין. רחל האָט זי אָנגעכאַפּט ביים אָרעם.

— זעט דאָרטן — האָט מרים געפליסטערט — וואָס איז געשען ?

— ש ש שאַ, יפה האָט געחלשט — איר ציטערנדיקע האַנט, האָט ווי־אַן איר וויסן, פאַרשטעלט זיך דאָס מויל. מיט אַ ווונק האָט זי געוויזן, אַז מען דאַרף שווייגן, ניט שטערן די צערעמאָניע.

דער רב האָט געענדיקט די ברכה. צוגעטראָגן דעם בעכער צו דעם חתנס מויל, דערנאָך צו דער כלהס. מען האָט געהערט דאָס צעברעכן די גלאָז.

— מזל־טוב !

— מזל־טוב ! — האָט דער עולם הויך געענטפערט.

— מזל־טוב ! — האָבן גערופן די געסט ביי די טישלעך, הייבנדיק זיך פון די ערטער.

אומבאַמערקט איז געוואָרן טונקל. הונדערטער פאַרשידנפאַרביקע לעמפּלעך האָבן זיך אָנגעצונדן, באַלויכטן דעם פּלאַץ און דעם יומטובדיקן עולם. גאָר הויך אונטערן אויסגעשטערנטן הימל, איז געשוווּמען אַ גרויסע, אַ קיילעכדיקע, די לבנה.

— עס איז קיל.

— יאָ, אַ ווינטל קומט פון די בערג.

— טאַנצט מען ניט ביי אייך דעם מצוה־טאַנץ נאָך דער חופה ? — האָט מרים אַ פרעג געטאָן.

רחל האָט אָפּגעזיפצט שווער.

— מען טאַנצט, מען טאַנצט — האָט זי באַלד זיך געכאַפּט צו ענטפערן — אוי, קענען זיי טאַנצן אונדזערע קינדער. ברוך השם, זיי קענען.

די מחותנים האָבן פאַרבעטן די געסט צו די בופעטן.

יעדער איז צוגעקומען, זיך סערווירט מיט וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט און געטראָגן עס צו אַ טישל, ווו ער איז נאָך פריער געזעסן מיט פריינד און געשמועסט.

— ווילט איר צוגיין צום בופעט ? — האָט רחל געפרעגט.

— ניין, ניט גלייך.

— איז לאָמיר זיך זעצן דאָ, ביי אַ טישל. איר זעט אויף דעם איז אויך דאָ כיבוד.
זיי האָבן זיך אָוועקגעזעצט.
פון דערנעבן זענען צו זיי דערגאַנגען אָפּגעריסענע רייד.
— עמוס מיט שושהנען פאָרן שוין אַוועק די טעג.
— פאַריקע וואָך זענען זיי דאָרטן געווען, זיך צוגעגרייט אַ דירה.
— עס וועט זיי זיין שווער.
— נאָך ווי. אַ נייער מושב. זיי דאַרפן אָנהייבן פון גאָרניט.
— זע נאָר דאָס געוויין — האָט זיך אַריינגעמישט אורי, מאַכנדיק אַן איבער־געטריבן טרויעריקע מינע — שווער! זייער שווער! האָט אברהם אבינו זיין קאַריערע אָנגעהויבן לייכטער?
חברה האָבן אויסגעשאָסן אין אַ הילכיק געלעכטער.
זייער לאַכן האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט. פון שכנישן טישל האָט מען זיך אומגעדרייט צו זיי און געקוקט פאַרווונדערט.
— אַזוי איז דאָס לעבן — האָט אייגער אָפּגעזיפצט.
— וואָס קען מען וועלן? יונגע חברה, שפּאַרט פון זיי די פרייד.
אין סאַמע לאַכן האָבן די חברה דערפילט ווי מען קוקט אויף זיי און אויפגעהערט.
מרים איז געוואָרן אָנגעשטעקט מיט אומרו. מיט די אויגן האָט זי געזוכט אירע פריינד. דעם חתנס מאַמען האָט מען געזען אין אַנדערן זייט פלאַץ. זי איז געגאַנגען צווישן די טישלעך, נאָכגעקוקט צי די געסט פילן זיך גוט.
— רחל — האָט זי ניט דרייסט געבעטן — מיר קענען אַרויפגיין צו אייך, ווי איר האָט פריער פאַרגעלייגט.
— מיר וועלן גיין. מיר וועלן אַ קוק טאָן אויף מיין צביקהס פאָטאָ. איר האָט געזען מיין זהבהלען? פון איר חתן איז זי געקומען צו דער חופה — האָט זי פאַרטרויט מרימען.
זי איז געבליבן זיצן אַ פאַרטראַכטע און נאָך אַ לאַנגן שווייגן גאָר שטיל אָנגעהויבן:
ביידע יינגלעך זענען אין זעלבן עלטער. איך געדענק ווען זיי זענען געבאָרן געוואָרן. ביז יענער צייט, זענען מיר שוין אַדורכגעגאַנגען קאָלטס און וואָרעמס אָט די אַלע הייזער, וואָס איר זעט, האָט מען טאָקע דעמאָלט אויפגעבויט. אַרבעט איז געווען אַ סך. ניט אַרויסצוקריכן. האָבן מיר געהאָרעוועט ווי די פערד. אוי, האָט מען געהאָרעוועט. נו געוויס, מען איז נאָך געווען יונג. פון די גוישע גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטן געקומען. פון יידישקייט. גאָרניט געוווּסט. אויף אַן אמת גאָרניט. הכלל מען האָט זיך גענומען אויך צום לערנען. און דווקא דעם תנ״ך. איר מיינט וואָס? מיר זענען אַזוי פאַרשוואַרצט געוואָרן, אַז עס איז אונדז גוט געווען מיט די רייד פון די נביאים. ווי זאָגט דער נביא עמוס? ״אָט קומען טעג און עס וועלן זיך דערנענטערן דער אַקערער מיטן שניטער. דער ווײַנטרויבן־טרעטער מיטן זייער״. אוי, איז דאָס געווען אַ צייט. מיר אַליין, מיט אונדזערע אויגן, האָבן

געזען, ווי זייגע רייד ווערן מקוים. און אין מיטן דערינען אַזאַ פרייד, אַזאַ מזל־ברכה. צוויי ייִנגלעך אין איין וואָך. צוויי מושבניקלעך צוגעקומען. האָט מען זיי ביידע אַ נאָמען געגעבן עמוס. ווי דער נביא הייסט. איך זע עס פּאָר די אויגן ווי איצטער וואָלט עס געשען. אין איינעם אַ טאָג זענען זיי ביידע פאַרפאַלן געוואָרן. נאָך פּיצלעך געווען. אפשר אַ יאָר דריי? ווו האָבן מיר זיי דעמאָלט ניט אויסגעזוכט? דעם גאַנץ מושב געשטעלט אויף די פיס. שוין גאָר שפּעט פּאָר נאַכט האָט מען זיי געפונען צווישן די ציגן. גאָר ווייט, ביי די עקאַליפּטוסן. אויסגעוואַקסן צוויי בחורים — דעמבעס. נו, איז געווען אַ מלחמה.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. ווי זי זאָל שוין האָבן אַלץ אויסדערציילט.

די געסט געקומענע פון אַנדערע ישובים, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן קלייבן אין וועג.

— מיר האָבן נאָך ווייט צו פאָרן — האָבן זיי זיך פאַרענטפערט.

— מאָרגן דאַרף מען פרי אויפשטיין צו דער אַרבעט.

זיי האָבן זיך געזעגנט און אַוועק.

עס איז געוואָרן שיטערער.

אין מיטן פון פּלאַץ האָבן חברה זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. דער חתן, די כלה, חברים. גאָר שטיל האָבן זיי אָנגעהויבן זינגען.

עס האָבן זיך אויך צוגעזעצט פּעטערס, מומעס. דער קרייז איז כסדר געוואָרן גרעסער. עס זענען אויך צוגעקומען אַלטע מושבניקעס. גרויע פרויען האָבן זיך צוגערוקט מיט זייערע שטולן. אויך רחל מיט מרימען האָבן זיך דערנענטערט. קינדער האָבן זיך אַריינגערוקט אין סאַמע מיטן.

וואָסער ליד עס איז געקומען אויפן זכרון, האָט מען פאַרצויגן און דער גאַנצער עולם האָט עס אונטערגעכאַפּט.

אורי האָט זיך אַריינגעשטופּט אין מיטן מיט אַ האַרמאָשקע. אין לעבן איז אים געגאַנגען עס זאָל זיין פריילעך. ער האָט צוגעשפּילט, געאַרבעט מיטן גאַנצן גוף, מיט די הענט, מיט די פיס. מיט אַלע כוחות.

אַט האָט מען געזונגען "ערב באהבה" און באַלד "ירושלים של זהב". עמעץ האָט אָנגעהויבן "ערבה". געענדיקט דאָס, האָט ווער זיך דערמאָנט "אם יש עוד פלמחניק כדודו".

איין ליד האָט זיך געפלאָכטן אין דער אַנדערער. דאָס געזאַנג האָט זיך געגאָסן אַלץ העכער, התלהבותדיקער. חברה זענען אַריין אין חסידישן ברען. מען האָט שוין געזונגען מיטן גאַנצן הארצן, מיט פאַרמאַכטע אויגן. פאַרדבקהט זשעסטיקולירט מיט די הענט אין דער הויך. האָבן הענט זיך באַרירט, באַהאַפּטן, געהאַלטן פעסט צוזאַמען און ווידער זיך אָפּגעלאָזט. זייערע גופים האָבן זיך געוויגט, געדרייט אין עקסטאַז, ווי עס וואָלט זיי געהויבן אין דער לופטן. אַט, אַט און זיי לאָזן זיך אַוועק אין אַ טאַנץ. אַלע זענען אָבער געבליבן צוגעשמידט צו די ערטער, ווי די ערד אונטער זיי, זאָל זיי צוציען, ניט צו קענען זיך אָפּרייסן פון איר.

— איז געווען אַ מלחמה — האָט רחל אָנגעהויבן דאַרטן, ווו זי האָט געלאָזן דעם שמועס — זענען זיי אַוועק די ייִנגלעך.

און ווידער האָט זי אָפּגעהאַקט. געשאָקלט מיטן קאָפּ, באַוועגט מיט די ליפּן, ווי זי זאָל טרויעריק מיטזינגען.

— "אמר רבי הלל" — האָט עמעץ פאַרצויגן.

— ואהבת לרעך כמוך" — האָבן אַלע אונטערגעכאַפּט.

נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל ניואַנסירנדיק דעם ניגון, איבערגעחזרט די ווערטער און רחל האָט שטיל מיטגערעדט.

— עמוס מיט שושנהן האָבן חתונה. איז אַ שמחה גאָט צו דאַנקען. אונדזערע צוויי קינדער. מיר האָבן זיי געהאָדעוועט, געזען וואַקסן, ווערן מענטשן, אַרבעטן. עמוס איז צוריקגעקומען אַהיים ברוך השם. איצטער גייען זיי בויען זייער אייגן לעבן. עס איז אַ פרייד, טאָכטער. אַ גרויסע פרייד. זהבהלעס חתן... אַ וווּנדער אַז זיין מאַמע האָט געחלשט? וויפל צער קען אַ מענטש אויסשווייגן?

"אמר רבי עקיבא

"ואהבת לרעך כמוך" — האָט אַ גאַנצער מושב געזונגען.

רחל איז שטיל געוואָרן. עס האָט איר פאַרפעלט אָטעם. איינגעהערט אין געזאַנג האָבןביידע פרויען געקוקט פאַר זיך גאָר נאָענט. אַרום דעם באַלויכטענעם פלאַץ איז געלעגן אַ געדיכטע פינצטערניש.

— זיי זינגען... דאַנקען גאָט דערפאַר... זאָלן זיי זיך אויסזינגען.. פאַרשטייסט. עס איז געווען אַ מלחמה... וויי, ווי וויפל קינדער עס פעלן... און מיין צביקה? ער איז ניט צוריקגעקומען פון רמת הגולן.

זי האָט געפליסטערט שטיל, מיט לאַנגע פויזעס. נאַכטראַכטנדיק. און געדאַכט האָט זיך, אַז דאָס געזאַנג אַזוי תפילהדיק, פאַרדבקהט באַגלייט עס אירע ווערטער.

— זהבהלעס עמוס האָט מען פון פייער אַרויסגעצויגן. מען האָט אים געראַטעוועט. אַלץ געטאָן. נו, וואָס? ער ליגט אַ געליימטער אויף זיין בעט. קען ניט באַוועגן מיט קיין אבר. ניט אַרויסברענגען קיין וואָרט. רעאַגירט לחלוטין ניט, אָבער דאָס האַרץ קלאַפּט און די אויגן קוקן. אוי, די אויגן... גרויע, ברייט־צעעפנטע קוקן זיי שטאַר אין דער וועלט אַריין. די וועלט... אָרן דער וועלט עמוסעס אויגן?



**לייב מאָרגנטוי**

# אויף אייגענער ערד

## אונדזער געבעט

נישט דאָס טעלערל פונעם הימל,
נישט קיין גאָלדענע בערג אויף דער ערד,
לאָז אונדז רויִק אָטעמען, לעבן
אויף אונדזער אייגענער ערד.

נישט גרויל פון מלחמה-סירענעס,
נישט יאָמער און אונטערגאַנג,
לאָז אונדז הערן דאָס ליד פון די ווינטן
און פון פייגל דאָס צאַרטע געזאַנג

אונדזער טייערסטער גאָלדענער אוצר
איז ווי זון אינעם הימלישן בלוי
און בריליאַנטן אין הימל — די שטערן
צאַרטע פערל — אויף צווייגן דער טוי.

און דאָס גאָלד פון די פרוכטן אויף ביימער,
און דאָס ליכט פון די תבואות אין פעלד,
און די ליבע אין שאָטנס פון ביימער —
אַ גן עדן וואָלט ווערן די וועלט.

זאָלן סאַברעלעך בליִען און וואַקסן
ווי די בלומען אין פעלדישער פראַכט
און מיט שלוה, מיט זיכערקייט, פאָטער,
בענטש אונדזער טאָג, אונדזער נאַכט.

לאָז אונדז נחת פון קינדער דערלעבן,
לאָז אונדז אייניקלעך צערטלען אין שויס,
זאָל אונדזער הימל שײַנען
אין די פענצטער פון אונדזער הויז.

נישט דאָס טעלערל פֿונעם הימל,
נישט קיין גאָלדענע בערג אויף דער ערד,
לאָז אונדז רויִק אָטעמען, לעבן
אויף אונדזער אייגענער ערד.

## אַ טאָכטער פֿון ישׂראל

די שלאַנקע חיילת אילנה
מיט שטאָלצן געהויבענעם קאָפּ, —
עס נעמען די יאָטן פֿאַרליבטע
די אויגן פֿון איר נישט אַראָפּ.

די שלאַנקע חיילת אילנה,
מיט פֿרישקייט פֿון טוי אין קאַיאָר, —
עס זענען די מיידלעך מקנא
איר שימער פֿון גאָלד אויף די האָר;

די אויגן, וואָס שפּילן מיט צויבער,
איר לייכטן געמאָסטענעם גאַנג,
איר דינע און בייגיקע טאַליע,
איר יעדע באַוועגונג — געזאַנג.

אַ פֿרילינג-ליד איז זי, אילנה,
מיט שטיפֿרישן, לויטערן חן;
אַ סאַברע מיט שמייכל פֿון חוצפּה
און זיסקייט, ווי האָניק אַליין.

און אָט — פֿאַר דער מלכּה פֿון שיינקייט
דאָס פֿאָלק האָט אילנהן געוויילט,
און ס'האָט מיט איר שטאָלץ, מיט איר שׂמחה
דאָס לאַנד זיך מיט ליבשאַפֿט געטיילט.

איצט שיינט, ווי אַ קרוין איר פּילאָטקע,
דאָס זונליכט זיך שפּיגלט אין איר;
אַ פּראַכט-בלום אין כאַקי-מלבושים,
אַ מלכּה אין זעלנער-מונדיר.

און טאַנצט זי — די צאַרטע חיילת —
איז ווערט זי: אַ וויכער פון פרייד;
און לויערט דער טויט ביי דער גרענעץ —
אין פייער צו גיין איז זי גרייט.

## נייע ביכער

**לייב מאַרגנטוי** — **„עץ הכוכבים"** (פאַרלאַג „יסוד", תל־אביב, תשל"ח), קינדער־לידער פון דעם יידישן דיכטער אין העברעישער איבערזעצונג. דאָס בוך איז באַצירט מיט פיינע קאַליריקע צייכענונגען. לייב מאַרגנטוי איז פּאָפּולער געוואָרן אַדאַנק דער פּאַלקסטימלעכ־קייט און מעלאָדישקייט פון זיין פערז, נישט לאַנג האָט אונדזער ליטעראַרישע געזעלשאַפט־לעכקייט אָפּגעמערקט 50 יאָר פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. ביי דער געלעגנהייט באַגריסן מיר קאָלעגיאַל און חבריש אונדזער חשובן מיטאַרבעטער — דעם דיכטער **לייב מאַרגנטוי** און ווינטשן אים געזונט און שעפערישע דערפאָלגן.

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך . . .

### אַ צוזאַמענטרעף מיטן דיכטער משה שולשטיין

די פאַרוואַלטונג פון דער ירושלימער שרייבער־גרופּע האָט איינגעאָרדנט אין יוני אַ באַגעגעניש פון די היגע שרייבער און קולטור־טוער מיטן שרייבער־גאַסט פון פּאַריז **משה שולשטיין**.

משה שולשטיין האָט געלייענט זיינע נייע שאַפונגען, וועלכע זענען מיט גרויס וואַרעמ־קייט אויפגענומען געוואָרן דורך די ביייוועזנדיקע אינעם פּרעסע־זאַל פון בית־אגרון.

מיט ליבשאַפט און פאַרשטענדעניש האָבן גערעדט וועגן דיכטער שולשטיין — **זיאַמע טעלעסין, דוד ספאַרד, רחל בוימוואַל, יוסף קערלער, מאיר חריץ און לייב ראָכמאַן.**

די דיכטערין **אַסיאַ** האָט אויך פאַרגעשטעלט דעם גאַסט פון אַמעריקע — דעם באַקאַנטן יידיש־העברעישן דיכטער **גבריאל פּרייל**.

דער פאַרזיצער פון דער שרייבער־פאַרוואַלטונג ז. טעלעסין האָט אין נאָמען פון דער גרופּע האַרציק באַגריסט די חשובע געסט.

## אברהם ציקערט

# ברענענדיקעביימער

ווען דער מיליטערישער לאַסטאויטאָ איז אַרויסגעפאָרן פון לאַגער איז דער מדבר געווען הייס און טרוקן, מיט אַ גליענדיקער נאָכמיטאָג־זון הינטער די פלייצעס, גיך איז צוגעפאַלן אַ טיף בלויע נאַכט, דער מדבר־זאַמד איז געוואָרן קיל און באַלד דערנאָך — קאַלט. אַ לייכט ווינטל האָט זיך געטראָגן פון אַן אומ־באַקאַנטער ריכטונג און דער לאַסט־אויטאָ מיט די דריי זעלנער פון הינטן האָט זיך געוויגט איבער אַ נישט געפלאַסטערטן וועג. נעענטער צו צו די ישובים איז דער וועג געוואָרן גראַדיקער. אין דער פרי־מאָרגן־שעה, ווען דער אויטאָ האָט זיך דערשלעפּט צום וועג, וואָס פירט אַרויף אין די בערג קיין ירושלים — האָט אַ קאַלטער טוי זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער זאַמד־קאָלירטער הויט פון אויטאָ. די קעלט האָט אַריינגעדרונגען אין דער קאַבינע און דער שאָפער האָט אָנגעצונדן דעם הייצער. די דריי זעלנער פון הינטן האָבן זיך אַריינגערוקט טיפער אין דעם אָפענעם טייל און מיט זעלנערישן געדולד אָנגענומען די קאַלטע אומבאַקוועמקייט, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיט אַ מידיקייט, מיט האַלב נעפּלדיקע געדאַנקען און מיט אַ שווייגן, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ מחיצה צווישן זעלנער און זעלנער.

ביי אַ קרייצוועג האָט זיך דער אויטאָ אָפּגעשטעלט. דער שאָפער האָט גאָר־נישט געזאָגט און קיינעם נישט געגעבן קיין סימן, אָדער באַפעל. דער ערשטער פון די דריי זעלנער האָט זיך אַרויסגעשיילט פון דעם דריי־גופיקן גוף, גענומען די ביקס, גלייך זי וואָלט געווען אַ רער אַזאַ, און אַראָפּגעשפּרונגען פון אויטאָ. די מחיצה, וואָס איז שעהען־לאַנג געשטאַנען צווישן די דריי פאַרער איז מיט אַ מאָל נישט געוואָרן, נאָר עפּעס אַ רינג אין אַ קייט איז צעבראָכן געוואָרן און די קייט האָט זיך צעטיילט אין צוויי; איין זעלנער — און צוויי.

דאָס ערשטע מאָרגנליכט איז שוין געהאַנגען אין דער שטילקייט. דאָס דאָרף איז נאָך האַלב געשלאָפן. די ערשטע סימנים פון אַ וואַכקייט זענען אָקעגן געקומען פון אַ זייטיק ליקל, צוויי שומרים מיט די ביקסן אויף די אַקסלען האָבן מיט גאָר לאַנגזאַמע טריט געשפּאַנט אין אַ מאָרגנדיקן שאָטן. דער זעלנער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — אַזאַ באַגריסן זיך מיט שטומקייט. איינער פון די צוויי האָט געמאַכט אַ שניט אינעם שווייגן:

"בוקר טוב, יוסי". אינעם זאָג איז געבליבן שטיין אַן אַנדערער האַלבער זאַץ וואָס איז נישט געזאָגט געוואָרן. פּונקט אַזוי איז אין דער שטילקייט געבליבן

העגגען דער נישט געזאָגטער ענטפער פון זעלנער — אַז ער איז געקומען מיט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש אַנטיילצונעמען אין דער לוויה.

אין יוסי'ס הויז איז שוין קיינער נישט געשלאָפן. די מאַמע האָט זיך געפּאָרעט אין דער קיך. דער טאַטע האָט מיט דער לינקער, גוטער האַנט געפירט אַ פּענזל איבער אַ ברעטל. יוסי האָט געוווסט וואָס דער טאַטע טוט אַזוי גיך, ווי ער האָט איבערגעטראָטן די שוועל און געזען דעם טאַטן מיטן פּענזל אין דער לינקער האַנט; ווען דער טאַטע וועט פאַרטיק ווערן, וועט דאָס ברעטל טראָגן אַ נאָמען. אַ נאָמען פון אַ זעכצן־יאָריקן בחור וואָס לעבט נישט מער. אַ נאָמען פון אַ צאַפּלדיקן בחור, וואָס ערשט מיט צוויי טעג צוריק איז ער אַרויס הנאה האָבן פון פרילינג, וואָס איז נאָך אַזוי יונג געוועזן ווי ער אַליין. ערגעץ ווו אויפן וועג, האָבן זיך די צוויי צעשיידט. דער פרילינג איז געגאַנגען פאָרויס און דער זעכצן־יאָריקער דניאל איז געבליבן ליגן אין זיין אייגענער בלוט־קאַלוזשע, געטראָפן פון אַ "באַפרייונגס"־קויל. ווען דאָס בלוט איז נאָך געוועזן וואַרעם, איידער עס האָט פאַרגליווערט, האָט עס זיך אויסגעמישט מיטן רויך פון אַ ברענענדיקן אויטאָ, פון וועלכן דני האָט נאָך באַוויזן אַרויסצושפּרינגען. נאָך אים איז געשפּרונגען אַן אַנדערער, עלטערער מענטש, וועמען דני האָט נישט געקענט. דער אַנדערער איז אויך פאַרוווּנדעט געוואָרן אין דער שיסעריי, נאָר אַ ביסל לייכטער. ער האָט נאָך באַוויזן זען דעם יינגן בחור פאַלן אין רויך און עפּעס האָט אין אים אַ צינד געטאָן אַ האַלב פאַרגעסענער גמרא־מאמר וועגן אַ ברענענדיקן קרבן עולה. דערנאָך האָבן אַנדערע צוזאַמענגעקליבן דני'ס געביין, געפונען דעם אָפּגעריסענעם פוס און אים צוגעלייגט צום גוף, ווי אַ קצב לייגט צו אַ שטיק לונג כדי דאָס געוויכט זאָל שטימען. דניאל'ס קערפּער איז געוועזן פון די ערשטע, וואָס זענען אידענטיפיצירט געוואָרן, ער איז צוריקגעבראַכט געוואָרן אין דאָרף אַריין, אין אויטאָ פון דער חברה קדישא, שפּעט אין דער נאַכט. צווישן דניאל און דעם פרילינג, וואָס ער האָט מיט עטלעכע שעה פריער אַזוי לעבעדיק אויפגענומען, איז שוין איצט נישט געוועזן קיין שפּור.

איצט איז יוסי געקומען צו דער לוויה. באַגלייטן זיין יונגערן חבר, וואָס האָט פון קינדהייט אָן זיך געטוליעט צו אים. ווען יוסי איז געהאַט אַ פריערדיק מאָל געקומען אויף אורלויב, האָט דניאל אַרויסגעוויזן אַן אָפּענעם שטאָלץ פון דעם, וואָס זיין עלטערער חבר האָט שוין געטראָגן אַ מיליטערישן מונדיר. ער האָט דעמאָלט גענומען יוסי'ס ביקס, זי באַטראַכט מיט אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט און מיט דער גאַנצער דערוואַקסנקייט, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט אַרויסברענגען, האָט ער דעמאָלט געזאָגט זייער ערנסט: "שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז אָט דאָס מאַשינקעלע קאָן אַזוי לייכט אַוועקלייגן אַ מענטש".

דני איז נישט "אַוועקגעלייגט" געוואָרן דורך אַזאַ מאַשינקעלע. אים האָט "אַוועקגעלייגט" אַן ענלעכע כלי, אָבער פון צווייטן צד. נאָר אים איז שוין זיכער איצט נישט געווען קיין אונטערשיד.

יוסי האָט געטראַכט ווי אַ דערוואַקסענער. אין די עטלעכע חדשים, וואָס ער איז געווען אין דער אַרמיי, איז ער אויפגעוואַקסן, אַנדערש געוואָרן. זיין אייגן לעבן איז ווייטער געבליבן יונג, נאָר וועגן דעם אַרום האָט ער זיך אויסגעלערנט טראַכטן מיט נייע מאָסן.

איצט זעענדיק דעם טאַטן פירן דעם פּענזל האָט יוסי געטראַכט, אַז אפילו אַ קויל איז אַ מזל־זאַך. דער טאַטע האָט פאַרלוירן בלויז די רעכטע האַנט פון אַזאַ קויל און דניאל האָט פאַרלוירן אַ פוס און איז געהרגעט געוואָרן.

די מאַמע האָט געהערט דאָס עפּענען פון דער טיר און איז אַרויס פון קיך. זי האָט אים גיך אַרומגעכאַפּט, גלייך ער וואָלט נאָך געווען אַ קליין קינד אין עפּעס אַן אומגעזעענער סכנה. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון אירע אָרעמס, געטראָפן זיך אויג אויף אויג מיטן טאַטנס בליק און ביידע האָבן זיי אַ ברוכטייל פון דאַזיקן בליק געפּרוווט אויסבאַהאַלטן איינער פון צווייטן זייערע פּערזענלעכע געדאַנקען, נאָר נישט באַוויזן דעם סוד צו האַלטן, און איינער האָט באַלד געוווּסט, וואָס דער אַנדערער טראַכט.

אַרום עלף אַ זייגער איז אָנגעקומען די אָפיציעלע פּראָצעסיע פון מיליטער־מענטשן, פּאָליציי און אַ פאַרשטייער פון דער רעגירונג. דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך צוזאַמענגענומען אין צענטער, די חברה קדישא האָט געבראַכט דעם ארון צו דער טיר פון דניאלס עלטערן.

דניאל׳ס חתונה־געהאַטער ברודער האָט געפירט די מאַמען אונטערן אָרעם. זי האָט זיך געלאָזט פירן און געקוקט אויף אַלעם אַרום מיט גלעזערנע אויגן, וואָס האָבן גאָרנישט געזען. דער טאַטע איז געגאַנגען צוזאַמען מיטן דאָקטער, אַ צוזאַמענ־געבראָכענער, מיט אַן אָנגעוואַקסענער דריי־טאָגיקער באָרד. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט די מלבושים נישט געהאַט אויסגעטאָן שוין אַ שיינע פּאָר טעג. די פּלייצע איז אים געווען פאַררונדיקט און צו די וואָס ער האָט געקוקט, האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס די אויגן ווילן זאָגן.

דניאל׳ס מאַמע האָט געקוקט מיט אירע גלעזערנע אויגן אויפן ארון פון איר ייִנגסטן זון. עפּעס האָט דאָס אַלעס אַרום נישט דערגרייכט צו איר מוח. נאָר, אַז די חברה קדישא האָט גענומען רירן פון אָרט, האָט אַ ווילדער ספּאַזם אַ רודער געטאָן אין די טונקעלע לאַבירינטן פון איר באַטויבטן מוח און זי האָט אַ געשריי געטאָן. דער געשריי איז געווען מער פון אַ פאַרוווּנדעטע חיה, ווי פון אַ מאַמען. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון איר עלטערן זונס אָרעם און זיך אַ לאָז געטאָן צום ארון. דאָס מאָל האָט זי גערעדט צו דניאל אויף ייִדיש :

„דני־אל״! וויי איז דיין טויטן זיידן. נאָך מאַידאַנעק האָסטו געברויכט זיין דער זכר פון זיין נאָמען. דני־אל!

אַזוי גיך ווי זי האָט זיך צעשריגן און גענומען לויפן צום זונ׳ס ארון, אַזוי גיך האָט זי זיך געלאָזט איינגעמען און זיך באַרויקט. דער טאַטע האָט געפּרוווט מאַכן אַ טריט פאָרויס, כדי איר צוריקצוהאַלטן, אָבער ער האָט זיך בלויז אַ וואַקל געטאָן

און געבליבן שטיין אַ דאַנק דעם, וואָס דער דאָקטער איז געווען נאָענט און אָפּגע־האַלטן דעם פאַל.

דערנאָך זענען זיי אַלע נאָכגעגאַנגען דעם שוואַרצן וואָגן.

יוסי איז געגאַנגען צוזאַמען מיט דער גרויסער מאַסע נאָך דעם לאַנגזאַם פאָרנדיקן אויטאָ. אַ מיליטערישער חזן האָט כסדר געזאָגט די זעלבע תפילה פון דער שמונה־עשרה "מכלכל חיים בחסד". יוסי האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס די גאַנצע צערעמאָניע זעט אים אויס פרעמד, רירט אים נישט. ער האָט געפּרוווט שרייען צו זיך אַליין, אַז דאָס איז דאָך די לוויה פון זיין חבר דניאל, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן אין אַ גרויסער טעראָריסטישער שחיטה. אָבער ווי פיל ער האָט נישט גערעדט צו זיך, האָט עס אים נישט אָנגערירט. ער האָט געפּרוווט אויספרעגן ביי זיך, צי זיין גוף איז נישט מיד, אָבער דער גוף האָט נישט געפילט קיין שום מידיקייט. ס'איז געווען אַ פרעמדקייט און אַ פאַרטעמפּטקייט, וואָס יוסי האָט נישט פאַרשטאַנען. אפילו נעכטן בעת ער איז געשטאַנען פאַרן קאָמאַנדיר און געבעטן דערלויבעניש צו זיין ביי דער לוויה, אפילו דעמאָלט איז דער טויט פון זיין חבר געווען אים נאָענטער ווי איצט.

ערשט ווען ער האָט דערזען די האַלב פייכטע ערד אַרום דעם אָפענעם גרוב און דער ארון איז געבראַכט געוואָרן און אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף די צוויי העלצער איבערן קבר, האָט יוסי דערפילט, אַז דאָס באַגלייט ער זיין חבר, וואָס ליגט אינעווייניק מיטן אַן אָפּגעריסענעם פוס ביי דער זייט און שטיקער ערד, וואָס האָבן זיך אַריינגעקנאָטן אין דניאלס בלוט, בעת עס האָט גענומען גליווערן ביי דער זייט פון וועג.

דער פאָרטרעטער פון דער רעגירונג האָט גערעדט וועגן ישראל, וועגן יידישן פאָלק, וועגן קרבנות. ער האָט געזאָגט עפּעס וועגן אַ מזבח און וועגן דעם, אַז דאָס אַלעס וועט נישט פאַרשווינדן ווערן. נאָר יוסין האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער רעדט פרעמד, קאַלט, ווי אים אַליין וואָלט עס נישט אָנגעגאַנגען. ס'האָט יוסי'ן ווייט געטאָן. ס'האָט אים אויפגערעגט יענעמס רייד. "ער רעדט אַזוי פיל וועגן אַלע הייליקע זאַכן" — האָט יוסי נישט געקאָנט פאַרשטיין און עס קלינגט פאַלש? עס האָט זיך יוסין אויסגעדאַכט, אַז דאָ ביים אָפענעם קבר וואָלט מען געדאַרפט רעדן וועגן דניאל'ס חלומות און וועגן דעם פאַרברעכן פון דער געמיינער וועלט, וואָס וועט וועלן מיט פאַלשע טרערן מכפר זיין דעם אומזיסטן טויט פון די צענדליקער קרבנות, צווישן זיי אויך דעם טויט פון דניאל. יוסי האָט געהאַלטן, אַז דאָ וואָלט מען באַדאַרפט אָנצינדן דעם צאָרן פון גאַנצן פאָלק, אַ צאָרן, וואָס זאָל דערגרייכן צו יענע ערטער, ווי די לעבנס פון יונגע דניאל'ס ווערן פאַרקויפט פאַר אַ פעסל אויל.

דער צאָרן ביים קבר האָט זיך נישט צעפלאַמט ווי יוסי האָט געמיינט, ווי די ערדישע פייכטקייט זאָל נישט האָבן דערלויבט, די נקמה זאָל זיך צעפלאַקערן. אַנשטאָט ברענעדיקעביימער האָט מען אַרום דעם פרישן קבר פון זיין טויטן חבר געלייגט בלומען־קראַנצן.

דערנאָך האָט מען אַראָפּגעלאָזט דעם ארון אין קבר אַריין. די ערד האָט געקלאַפּט אין אָנהייב הויל איבערן ארון. דערנאָך איז אויפגעוואַקסן אַ בערגל און דער טאַטע מיטן עלטערן חתונה־געהאַטן ברודער האָבן געזאָגט קדיש. ערשט איצט האָט זיך יוסי דערמאָנט, אַז דניאל׳ס עלטערע שוועסטער איז פּרייטיק געלעגן גע־וואָרן. ער האָט נישט געדענקט צי זי האָט געהאַט אַ יינגל, אָדער אַ מיידל. אָבער דערפאַר איז זי נישט געווען דאָ ביי דער לוויה.

ווען די באַגלייטער האָבן זיך אָנגעהויבן פונאַנדערגיין איז יוסי צו נאָענט צום קבר. ער האָט זיך איינגעקוקט מיט אַ באַזונדערן נייגער אינעם הילצערנעם ברעטל מיט די שוואַרצע אותיות און געלייענט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל דעם נאָמען דניאל. ער האָט געפּרוּווט אַריינגראָבן זיין בליק טיף אין קבר אַריין. דאָרט, אונטער דער פאַרשאָטענער ערד דורך די הילצערנע ברעטער פון ארון ליגט איצט דניאל. זיין חבר — דניאל מיטן אָפּגעריסענעם פוס נעבן אים און די פאַרבלוטיקטע שטיקער ערד, וואָס מען האָט אים מיטגעגעבן אין ארון אַריין. פאַר דעם טויטן דניאל האָט מען דאָס געבראַכט אָט די אַלע בלומען. יוסי האָט געפּרוּווט זיך פאָר־שטעלן, ווי אַזוי דניאל וואָלט רעאַגירט, ווען מען וואָלט אים געפרעגט, צי ער וויל מען זאָל ברענגען אַזוי פיל בלומען צו זיין לוויה. ״ער וואָלט אַוודאי געווען צופרידן, ווען ער וואָלט געוווּסט, ווי טיף זיין טויט וועט טרעפן דאָס דאָרף״.

ער איז געווען דער גאָר לעצטער, וואָס האָט פאַרלאָזט דאָס קבר. אויפן וועג צוריק האָט ער געזען דעם טאָטן פירן מיט דער גוטער, לינקער האַנט די מאַמע צוריק צו זייער הויז. ער האָט געטראַכט, אַז דער טאַטע האָט שוין אַזוי געמאַכט אַ סאַך אַזעלכע קברים־ברעטלעך, טאַקע מיט דער זעלבער לינקער האַנט, וואָס ער פירט איצט די מאַמען צוריק פון דער לוויה.

יוסי האָט זיך אַרומגעוואַשן, געגעסן מיטאָג מיט טאַטע־מאַמען און פאַר נאַכט איז ער אַוועק קיין תל נוף, ווו ס׳האָט אויף אים און אַנדערע געוואַרט אַ מיליטע־רישער העליקאָפּטער.

די רייזע וואָס האָט נעכטן געדויערט מער ווי 10 שעה איז דאָס מאָל געמאַכט געוואָרן אין איין ברוכטייל פון דער זעלבער צייט.

— — — — — — —

צומאָרגנס, אָוונט איז יוסי געזעסן אין אַ שווערן מיליטערישן פאַנצער־וואָגן און געוועז אויפן וועג קיין לבנון. ער האָט אין זיין געדאַנק מיטגענומען די ברענע־דיקעביימער וואָס מען האָט נישט אַוועקגעלייגט אויפן קבר פון זיין חבר. אָט די ביימער האָט יוסי זיך געגרייט צו וואַרפן ווי פליענדיקע פייער־שייטער אין די נעסטן פון די מערדער, וואָס האָבן אויסגעפירט די שחיטה.

**יוסף רובינשטיין ז״ל**

# דער ניגון פון דער זון

א

ס׳איז גוט ווי אין אַ דרימל אַ פאַרשיכורטן צו ליגן
אויף הייסן זאַמד אַנטקעגן זון מיט אויגן צוגעמאַכט
און פילן ווי אין בלוט גייט אויף פון זיך אַליין אַ ניגון
מיט רויטן אָפּשיין גליאיקן ווי אין אַ שרפה-נאַכט.

דאָס זינגט די זון מיט הייסן בלענד און איך פאַרמאַך די אויגן
איך פיל ווי פון די ווייטקייטן גייט אויף צו מיר אַ ליד
וואָס טראָגט מיך הויך, ווי איך וואָלט דורך אַ שרפה-נאַכט געפלויגן
אין פונקען-שפּריץ וואָס טאַנצט ארום מיר גאָלדיק-רויט צעגליט.

ב

איך שוועב און אין מיין בלוט קרייזט אום אַ ניגונדיקער פלאַטער —
דאָס זינגט די זון אַריין אין מיר מיט גליאיקן באַריר,
ווי ס׳וואָלט אין ערגעץ, איבער מיר, אין קאָסמישן טעאַטער
מיט שטראַלן-סטרונעס זיך צעשפּילט אַ זוניקער קלאַוויר.

דער ניגון שטייגט, ער הויבט מיר אָן אַלץ פלאַמיקער באַרירן,
דאָס ליד ווערט גאָר אַ פאַרבן-שפּיל פון רויט און פיאָלעט,
דער רוים ווערט פול מיט מאָדנע גאָר נישט ערדישע קאָלירן —
זיי טאַנצן אויס אַריבער מיר פון פאַרבן אַ באַלעט.

ג

דער ניגון ברומט, ער פּרוּווט מיך מיט זיין פאַרבן-שפּיל פאַרוויגן,
ער שטראָמט צו מיר מיט אויפגעפראַלטן בראשיתדיקן ליכט,
אַ ניגון וואָס דער וועלטאַל האָט אין אין-סוף אויסגעשוויגן
צו קענען איצט אים אויסזינגען צעהעלט אויף מיין געזיכט.

מיין בלוט צעזאָטן לויפט צו אים איצט זינגענדיק אַנטקעגן
איך ליג מיט אויגן צוגעמאַכט אַ פריידיקער פאַרהערט
צום ניגון וואָס געלאָפן איז דורך ווייטע קאָסמאָס-וועגן
אויף פאַרבן-קלאַנגען זוניקע צו מיר דאָ אויף דער ערד.

ד

דער ניגון האָט געזוכט מיך, ער האָט מיך אַ מאָל פֿאַרלאָרן
און ערשט מיך איצט געפֿונען דאָ אויף דעם צעגליטן זאַמד,
דאָס האָט ער מיך אַרומגעזוכט, קען זיין, מיליאָנען יאָרן
דורך ליכטיקע באַגינענס און דורך שקיעות רויט-צעפֿלאַמט.

אַזוי פֿון זעקסטן טאָג נאָך, פֿון באַשאַף איז ער געלאָפֿן
און אין זיין ליכט געטראָגן שוין מיין אָפּבילד, מיין געשטאַלט,
איצט האָט ער מיך ביים ים צווישן וואָר און טרוים געטראָפֿן
און אויף מיין פּנים זיך צעניגונט, פֿריידיק זיך צעשטראַלט.

ה

ער זינגט אין מיר מיט פֿאַרבן איצט, מיט גאָלד און מיט בורשטינען,
זיי שווימען אום און טוישן זיך, צעמיניעט געל און ראָז,
זיי טויכן אויף און פֿליען אום ווי ברומענדיקע בינען
מיט זשומענדיקע פֿליגלען לאַנגע, דורכזיכטיק ווי גלאָז.

די פֿליגלען ציען אויס זיך און זיי ווערן זילבער-סטרונעס
זיי ציטערן צעקלונגענע אין ניגון איבער מיר
מיט עכאָס הייסע, גליאיקע און איבער זיי די זון איז
מיט פֿאַרבן-קלאַנגען — אַ צעשפּילטער קאָסמישער קלאַוויר

ו

דער ניגון שטייגט, ווערט העכער אַלץ, אַ מאָדנע שיין פֿאַרשפּרייט ער,
אַ בלויע שיין וואָס ווערט באַלד געל און אָט שמאַראַגדיק-גרין,
דער גרין צעבליצט זיגזאַגיק זיך, פֿון בליצן ווערט אַ לייטער
און אויפֿן לייטער פֿלאַטערט אום אַ פֿויגל פֿון בורשטין.

דער פֿויגל מוז דער ניגון זיין, דאָס פּרוווט ער מיר פֿאַרוויגן,
די פֿייער-פֿליגל כאַפּן מיך אַרום מיט זייער גלי,
איך פֿיל, איך גיס צונויף זיך מיט דעם פֿאַרביק-הייסן ניגון,
וואָס טראָגט אַוועק מיך בלענדיק אין אַ זינגענדיקן פֿלי.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

ז

איך כאַפּ זיך אויף, ווי כ׳וואָלט צוריק פֿון ערגעץ-ווו געקומען,
ס׳איז שטיל אין מיר, דער ניגון-בלענד לעשט אויס זיך און פֿאַרשווינדט,

ס׳איז טונקל, מאַט, ווי ס׳וואָלט אַ שפּין מיך קיל אַרומגענומען
און אין אַ גרויען שאָטן-נעץ פאַרוויקלט מיך, פאַרשפּינט.

איך מאַך די אויגן לאַנגזאַם אויף, פאַמעלער, קוים — אַ שפּאַרע,
דער הימל-בלוי איז שוין נישטאָ, עס נעפּלט גרוי אַרום,
די זון ליגט איינגעשלונגען אין דעם פּיסק שוין פון אַ כמאַרע,
ס׳איז שטיל און נאָר דער ווינט טראָגט אום דעם ווייטן ניגון-ברום...

## קולטור-אינפאָרמאַציעס

### ביכער-פאַרשפּרייטונג

דער וווּקס וואָס איז פאַרגעקומען וואָס שייך די צאָל **ביכער**, וואָס זענען דער־שינען אין ישראל, באַרעכטיקט דעם טיטל וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט באַקומען ווי דער עם הספר. אין יעדן יאָר פון די זיבעציקער יאָרן זענען אין דורכשניט אַרויסגעגעבן געוואָרן פון 3,200 ביז 3,700 ביכער, דערפון אַן ערך צוויי טויזנט נייע אויסגאַבן און די רעשט איבערדרוקן פון אַלטע ביכער. דאָס איז אין דורכשניט 50% מער ווי אין די זעכציקער יאָרן, און שטעלט ישראל אין דער ערשטער ריי פון די מדינות מיט אַ הויכן ביכער־פאַרשפּרייט קעגנאיבער זייער באַפעלקערונג. אויך דער פאַרשפּרייט פון צייטונגען און צייטשריפטן האָט זיך געשטאַרקט, הגם אַ ביסל ווייניקער ווי פון בוך. אין לאַנד דערשיינען היינט 24 טאָג־צייטונגען, אַ העלפט אין העברעיש. אויך דערשיינען אַן ערך 80 וואָכנצייטונגען, 70 צווייוואָכנצייטונגען, 160 חודש־זשורנאַלן, אַן ערך 300 פּעריאָדישע אויסגאַבן און 150 צייטשריפטן וואָס דערשיינען נישט רעגולער.

די צאָל מוזייען אין ישראל האָט זיך כמעט נישט געענדערט אין די לעצטע 20 יאָר, הגם פאַר דער צייט זענען געעפנט געוואָרן עטלעכע פון די גרעסטע און וויכטיקסטע מוזייען, אין שפּיץ מיטן ״מוזיאון ישראל״ אין ירושלים און ״מוזיאון תל־אביב״. דערביי איז אין אַ קענטיקער מאָס געשטיגן די צאָל באַזוכן — פון 1,738,000 אין 1960 אויף 6,141,000 אין 1977. אין דיביידע יאָרן זענען געווען אַרום 100 מוזייען.

## אברהם ביק

# די רויז פון יריחו

(היסטאָרישע מיניאַטור)

די לעגענדע וועגן דער רויז פון יריחו אין דער האַנט פון אַלטן רב אין פּראַנקרייך איז אַ סימבאָל, אַז ווען דאָס אַלטע יידישע פאָלק רירט זיך צו מיט ליבע צו זיין היימלאַנד, בליט אויף די פאַרוועלקטע ערד.
(משה העס, „רוים און ירושלים")

דער זעכציקיאָריקער משה העס, אַ ברייטביינעקער, די טיפע ווינקלען פון גרויסן שטערן האָבן געמאַכט די אומרויקע אויגן גרעסער און די גרויע ברעמען האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיטן ברייטן שטערן, האָט האַסטיק געשפּאַנט איבער די גאַסן פון דער דייטשער שטאָט ברעסלוי. אַ גרויסער אומרו האָט אים געטראָגן ווייטער און ווייטער פון דעם הויף אויף וואַל־שטראַסע, וווּ עס האָט זיך געפונען דער סעמינאַר פאַר יידישער וויסנשאַפט.

די לעצטע דריי חדשים איז ער געווען דער גאַסט פון זיין פריינד, אַ פּראָ־פעסאָר אין סעמינאַר, דער היסטאָריקער היינריך גרעץ, און דאָ האָט ער מיט אַ מאָל דערשפּירט, אַז ער לעבט דורך אַ נייע התגלות, אַז ער געפינט זיך ביים קוואַל פון אַנטפּלעקונג. ער האָט איבערגעלעבט די שעה פון דערוואַכונג. אַ גרויסע פרייד האָט אים אַרומגעכאַפּט, פּונקט ווי ער וואָלט געפונען עפּעס וואָס ער האָט לאַנגע יאָרן געזוכט. ער האָט געשפּירט, אַז אין זיינע זעכציק יאָר — לעבן דורות און דורות, און ער וואַרפט אָפּ פון זיך דעם גלות און די פרעמדקייט און ער וואָלט וועלן אויסזען ווי אַ ייד פון מזרח־אייראָפּע, ווי אַ פּשוטער ייד פון פּוילן, אָנגעטאָן אין אַ לוסטריניענער קאַפּאָטע, די באָרד און פּיאות צעפלויגן אין ווינט, און שרייען מיט אַ קול פון אַ נביא:

— יידן מוזן צוריק ווערן אַ פאָלק אויף זיין היסטאָרישער ערד. עס האָט זיך אים געוואָלט זאָגן אָפן פאַר אַלעמען — פאַר זיינע פריינד, די דייטשע ראַדיקאַלן, פאַר די דייטשע אַסימילירטע יידן:

— איך הייס מער ניט מאָזעס, מיין נאָמען איז משה! אַ האַלב לעבן האָבן איך פאַרזען מיין פאָלק, האָב געהיט פרעמדע וויינגערטנער און מיין אייגענעם וויינ־גאָרטן פאַרלאָזן. איצט גליט אין מיר די האָפענונג פון מיינע זיידעס, פון מיינע ברידער, וואָס דאַווענען מיטן פּנים צו מזרח, צו ירושלים, דער אייביק פייערדיקער ירושלים, וואָס די רשעותדיקע רוים האָט ניט געקאָנט פאַרניכטן, אַהין, צו יענער

ירושלים האָט געוואָנדערט יהודה הלוי און אַהין האָט זיך געצויגן מיט די לעצטע בליקן פאַר זיין גסיסה מיין גרויסער פריינד היינריך היינע...

עס איז געווען אַ שפּעט־זומערדיקער פאַרנאַכט. די פאַרגייענדיקע זון האָט געוואָרפן איר לעצט כישוף־ליכט אויפן שטאָל־גרינעם טייך אָדער. דורכן אָפענעם פענצטער פון זיין האָטעל האָבן זיך נאָך געטראָגן קולות פון פאַרשפּעטיקע הענדלער, וואָס האָבן אויסגערופן זייערע סחורות. פון אַ דערבייִיק ביר־הויז האָבן זיך געהערט טענער פון גרילצנדיקער מוזיק. העס האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול, איז צוגעגאַנגען צום טיש און גענומען אין די הענט אַן אַלטן פּנקס, אַ כראָניק וועגן די טעג פון צווייטן קרייצצוג, וואָס האָט זיך אויפגעהיט אין אַרכיוו פון זיין פריינד גרעץ. דאָס איז געווען אַ דיקע העפט מיט בלוילעכע בלעטער, די אותיות — האַלב־דייטש, האַלב־העברעיש.

העס האָט זיך אָוועקגעזעצט איבער דער כראָניק. פונעם קאַרגן ליכט האָט אים געשווינדלט פאַר די אויגן. די אותיות זענען געווען דאָ גרין, דאָ — גאָלדיק. די שורות האָבן זיך אונטערגעהויבן, זיך אַרונטערגעלאָזן, געשפּרונגען איינע איבער דער צווייטער און איבערגעלאָזט נאָך זיך בלוילעכע פלעקן, ווי זיי וואָלטן אַרויסגעפלויגן פון פּאַפּיר. העס האָט געלייענט די אַלטע כראָניק. — —

— — — — — — —

״געווען איז עס אין שפּעט זומער פון יאָר 1148״ — —

די קרייצטרעגער, וואָס האָבן אַ גאַנץ יאָר געפירט אַ פאַרעקשנטע מלחמה מיט די אַראַבישע פיינד, האָבן פאַרלוירן דעם קריג. מיאוס פאַרלוירן. די מוסלעמענער האָבן צעשטערט אַלע קירכן פון גליל ביז דרום יהודה, האַלב חרוב געמאַכט די קירך פונעם ״הייליקן קבר״. בלויז איין קלויסטער האָבן זיי איבערגעלאָזט, די ״קירך פון געבורט״ אין בית לחם. הונדערטער גלויביקע אינעם נוצרי האָבן פאַר מורא אויסגעטאָן די כאַלאַטן מיטן אויסגעהאַפטענעם צלם און אָנגעטאָן בגדים מיט דער האַלבער לבנה, געזוכט וועגן צו אַנטרינען לעבעדיק פונעם הייליקן לאַנד. מחנותווייז האָבן זיך די נוצרים געצויגן פון ירושלים, געצויגן צום ים המלח, דרום־צו, צו די גרענעצן פון מצרים.

און אַז די סוף־זומערדיקע נאַכט איז צוגעפאַלן גיך, כמעט אַן אַ בין־השמשות, האָט זי אויסגעמישט די פאַרבן און מען האָט איצט בלויז געזען איין גרויסע דיק־שוואַרצע מחנה, וואָס האָט זיך באַוועגט אויף אַראָפּ, וואָס טיפער אין די טאָלן צווישן די יהודה־בערג, דער שונא זאָל זיי ניט באַמערקן.

געווען איז עס אַ סוף־חודש־נאַכט. פון הינטער די ברוין־ציגלנע מדבר־יהודה־בערג, וואָס פירן צום ים המלח, האָבן זיך אַרויסגעהויבן זילבערנע פעדים. דאָס האָט די לבנה געשיקט אָנזאָגן, אַז זי קומט ניט אָן קיין פולע, אָבער אַ גענוג ליכטיקע, און צו חצות וועט זי שוין באַלויכטן דעם גאַנצן טאָל און וועט אויסשלייערן מיט זילבער דעם פאַרבליבענעם המון.

אין אַזאַ נאַכט האָט זיך דער הויפּט פון דער עלזאַס־לאָריינער אָפּטיילונג פון

די קרייצטרעגער, טאָמאַס פרידנזייל, ניט געלייגט שלאָפן. ער איז געזעסן פאַר־זונקען אין מחשבות, וואָס האָבן אים געעקבערט דעם מוח. אַנדערש ווי זיינע חברים, אייפעריקע, פול מיט פאַנאַטיש־קריסטלעכן ברען און גיפטיקע שונאי ישראל, איז דער עלזאַסער הויפּט געווען אַ געלאַסן־רויקער און איז אויך געווען אַ פריינד פון דעם באַרימטן רב פון זיין געבורט־שטאָט רומריג, דער גאון רבי יעקב תם. די יידן פון רומריג זענען געווען זיכער אַז די קרייצטרעגער וועלן ניט פאַרגיסן קיין יידיש בלוט און ניט רויבן, ווי זיי האָבן זיך נוהג געווען אין אַנדערע שטעט פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך. אין שטאָט האָט מען דערציילט, אַז פאַר זיין אָפּ־פאָרן האָט זיך טאָמאַס געזעגנט מיטן באַרימטן רב, וועלכער האָט פאַראויסגעזאָגט, אַז ער וועט די מלחמה פאַרשפּילן, אָבער ער וועט זיין צווישן די ווייניקע, וואָס וועלן זיך אומקערן אַ היים געזונט. דערביי האָט אים דער רב יעקב געבעטן ער זאָל אים ברענגען אַ מתנה פון הייליקן לאַנד.

איצט, אין דער שטילער מזרח־נאַכט, פאַרן באַגינען, ווען די שיפּועים פון די יהודה־בערג האָבן זיך געגרויט, און שוואַרץ האָט זיך אָפּגעטיילט פון ווייס — האָט זיך טאָמאַס דערמאָנט אין דער געשטאַלט פונעם אַלטן עלזאַסער רב און מחשבות האָבן זיך געפּלאָנטערט אין זיין מוח, אַז ער האָט ניט געוווסט צי זיי קומען פון גאָט אָדער פון שטן. פאַרשיידענע מחשבות האָבן אים געעקבערט: הייסט דען גאָט האָסן אַנדערש־גלויביקע, נאָר ווייל ער האָט ליב די מאמינים אין משיח ? און זענען דען זיי אַליין, די נוצרים, אָן שום חטא, אַז זיי מעגן זיך שטעלן העכער פון יענע ? פון די זין פון אויסדערוויילטן פאָלק ? איז טאַקע אַזוי וויכטיק ירושלים זאָל געהערן צו די מאמינים אין ישון ? און וואָס איז מיט די יידן, וואָס פון אייביק אָן בענקען זיי נאָך ירושלים ?

אַז עס האָט אַנגעהויבן שאַריען אויף טאָג איז טאָמאַס צוגעגאַנגען צום געצעלט ווו, עס איז געשלאָפן זיין באַדינער און אים געגומען וועקן :

— גאָטפריד, — האָט ער גערעדט צום האַלב־דרימלדיקן — איך האָב גע־טראַכט די גאַנצע נאַכט וועגן אונדזערע מפּלות. מיר אַלע האָבן תפילה געטאָן און געהאָפט, אַז דער האַר ישו וועט מער ניט קאָנען צוזען די ליידן פון זיינע קינדער און וועט אויפשטיין פון קבר ... אָבער ניין ! ער שטייט ניט אויף ; אונדזער מחנה ווערט אַלץ שיטערער — אפשר איז גאָר זיין ווילן מיר זאָלן זיך אומקערן אַ היים, צו אונדזערע ווייב און קינדער ?

גאָטפריד — אַ הויכער, אַ מאָגערער, זיין פּנים באַצוימט מיט אַ שוואַרץ בערדל — איז געבליבן ליגן אַ פאַרשמאַכטער, געזשמורעט מיט די אויגן קעגן קאַרגן ליכט און גאַרניט געענטפערט. די רייד זענען אים געווען אומדערוואַרטעט און אומפאַרשטענדלעך. נאָך דעם זענען זיי ביידע אַרויס פון געצעלט. אַרום זענען געלעגן טוי־געוואַשענע פעלדער, איילבירטביימער, דערנער־געוויקסן. פון דער אַנדערער זייט ים־המלח האָבן געטליעט די ערשטע ליכטפּאַסן. אַ ריס אין די בערג אויפן ראַנד פון יריחו־טאָל האָט באַלד אַנטפּלעקט אַ שטיק ים אין פלאַמען,

די מאָרגן־זון האָט געצונדן די ביימער, דער שטעג האָט זיך פאַרנומען קיין צפון, שטיקער זון, העל בלויע שטיקער, האָבן געטאַנצט אַרום די כלביות, רויטע רויזן, וואָס זענען דאָ געוואַקסן בשפע.

— אונטן אַ ים וואָס ברענגט טויט; דאָ — רויזן, וואָס ברענגען לעבן — האָט טאָמאַס גערעדט צו זיין אונטערטאַן. זיינע אויגן און זיין צעאַקערט פּנים האָט ער געווענדט צום רויזן־פעלד, ער האָט זיך איינגעבויגן, אויסגעריסן איין רויטע רויז און זי פאַרשטעקט אין זיין כאַלאַט. ביידע האָבן זיך געלאָזט מיטן וועג קיין יריחו. דאָרט האָבן זיי גענעכטיקט. אַ צווייטע נאַכט האָבן זיי גענעכטיקט אין בית לחם, און אויפן דריטן טאָג, נאָך איידער די זון איז געשטאַנען הויך אין הימל, האָבן זיי זיך געלאָזן דרום צו, קיין מצרים, כדי פון אַלעקסאַנדריע אָפּפאָרן מיטן ים אַהיים. ניט ווייט פון עזה האָט אַ מיליטערישער פּאַטרול זיי אָפּגעשטעלט. געפרעגט: וואוהין? — נעם אַראָפּ די הענט פון הייליקן מאַן! — האָט גאָטפריד געזאָגט — ער האָט אַ כתב, געשטעמפּלט מיטן זיגל פון פויפּסט. ער איז ניט פון די וואָס אַנטלויפן. ער פאָרט אַ היים מיטן ווילן פון הייליקן פאָטער אין רוים. דער קרייץ־טרעגער האָט באַטראַכט דאָס פּאַפּיר, דעם רוימישן זיגל און זיי באַפוילן גיין ווייטער. — —

— — — — — —

פאַר נאַכט האָט זיך אין דער עלזאַסער שטאָט רומריג געצויגן אַ פּראָצעסיע. זי איז געבליבן שטיין אויפן זעלבן אָרט, ווו די קרייץ־טרעגער האָבן זיך פאַר־זאַמלט מיט עטלעכע יאָר צוריק. לויט אַ באַפעל פון פויפּסט האָט זיך יעדע אָפּטיילונג געדאַרפט אומקערן אויפן פּלאַץ ווו זיי האָבן אָפּגעגעבן די שבועה אויסצולייזן דעם "הייליקן קבר". בראש פון דער פּראָצעסיע איז געריטן טאָמאַס פרידנזייל. נאָך דעם ווי דער קירכן־גלאָק האָט אַריינגעטריפט זיין שווערן קופּער־קלאַנג אין דעם לאַנגווייל פון אומעטיקן שטעטל, האָט זיך די פּראָצעסיע אָפּגע־שטעלט. טאָמאַס איז אַראָפּ פון פערד, אַנגעבויגן דעם קאָפּ ווי אַ פאַרשעמטער. זיינע אויגן האָבן אַ רגע עמעצן געזוכט. ענדלעך האָט ער געוויזן מיט אַ פינגער צו דער "יודען־גאַס", און באַפוילן: ברענגט אַהער דעם אַלטן רב!

שליחים האָבן זיך געלאָזן צו דער יידישער געטאָ, און נאָך אַ האַלבע שעה האָט זיך באַוויזן צווישן די גלויביקע קריסטן די גרויע געשטאַלט פונעם רב. ער האָט זיך דערנעענטערט מיט שוואַכע טריט צו טאָמאַסן. די לאַנגע ברעמען האָבן פאַרדעקט זיינע צוגעמאַכטע אויגן, כדי ניישט קוקן אויף דער תיפלה אין מיטן מאַרק. נאָך דעם האָט ער געעפנט די אויגן און דערזען דעם פירער פון דער קרייץ־אָפּטיילונג, וועמענס פּנים האָט אויסגעזען בלייך און אומעטיק.

— פרידן צו דיין צוריקקער! — האָט אים דער אַלטער געזאָגט מיט געמאַכ־טער הכנעה — ווי איך האָב פאַראויסגעזאָגט ביסטו צוריקגעקומען בשלום.

טאָמאַס האָט אַרויסגענומען פון זיין כאַלאַט די פאַרוועלקטע רויז און געגעבן דעם רב:

— דאָ האָסטו די מתנה, וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט. די רויז איז שוין טרוקן. איך האָב זי אָפּגעריסן פון הייליקן טאָל לעבן יריחו. דער רב האָט גענומען די רויז אין האַנט און זיינע אויגן האָבן זיך געפייכט. באַלד איז אַ טרער אַראָפּגערונען פון זיינע אַלטע אויגן און באַנעצט די פאַרוויאַנעטע בלעטער פון דער רויז. אַ וואונדער איז געשען! אירע בלעטער האָבן זיך צעעפנט, פרישע האָבן די פאַר־וויאַנעטע בלעטלעך געשטראַלט ווי אונטער טראָפּנס טוי... טאַמאַס האָט אויס־געגלאָצט זיינע דערשראָקענע אויגן. זיין געעלטערט פּנים איז געוואָרן טויט־בלאַס. די גרוילעכע האָר אין זיין אַרומגעשוירן בערדל זענען געוואָרן קאַנטיקער און דורכזיכטיקער. ער האָט צעשפּרייט די הענט ווי אין פאַרגליווערטן פרעגן:

— איז עס מעגלעך ? ווי אַזוי איז געשען דער נס, אַז די רויז בליט ווידער ? —

— — — — — — — —

העס האָט איבערגעלייענט די מעשה אין אַלטן פאַרגעלטן פּנקס, האָט זיך אויפגעהויבן פון דער שטול און איז צוגעגאַנגען צום פענצטער. די גאַס איז גע־שלאָפן, געאָטעמט מיט טיפער שטילקייט. דאָ און דאָרט האָבן געצאַנקט גאַז־לאַמטערנס. פון די קראַמען פאַרריגלטע מיט אייזערנע שטאַבן האָט געהויכט מיט תפיסה. אַ קיל ווינטל האָט געבלאָזן פון טייך אַדער און האָט צומאָל זיך דערהערט אַ טיפער הויך ווי אַ זיפץ.

העס האָט זיך ווידער געזעצט ביים טיש, איינגעטונקט די פעדער און געשריבן מיט דער גאַנצער אָנשטרענגונג, מיט אַלע זיינע חושים שוואַרצע, פולע אותיות:

"עס הערן זיך פון אומעטום שטימען פאַר נאַציאָנאַלער דערוואַכונג. עס רודערט זיך אין דער שטאָט שטיבער, רוים, און עס איז נאָענט די צייט ווען די אייביקע שטאָט אויפן באַרג מוריה וועט אויפלעבן.

"נאָך דעם פרילינג פון פעלקער אין 1848 וועט אויך קומען דער פרילינג פון ישראל־פאָלק. שיבת ציון וועט ווערן אַ ממשות. ווען ? אין פופציק, אין זיבעציק, אין הונדערט יאָר אַרום, אפשר אין יאָר 1948"...

עס איז שוין געווען פאַר דער דריטער אשמורה. ער האָט אויפגעהערט שרייבן און די צוויי ווערטער "רוים" און "ירושלים" האָבן איצט ווי געזונגען אין אים אָן אויפהער און אַז ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צום פענצטער איז דער הימל געווען באַזייט מיט שטערן אַרום אַ בלינצלדיקער און גליווערנדיקער לבנה. די שטערן זענען געשטאַנען אין הימל ווי גאָלדענע אותיות און די לבנה האָט אויסגעזען ווי אַ פרישע רויז.

רחל בוימוואַל

# ניט אויסגעבראַכט

## כ׳וועל מוזן עפּעס צוטראַכטן...

כ׳וועל מוזן עפּעס צוטראַכטן, איך זע שוין.
(און צוטראַכטן — דאָס איז מיר שטענדיק ליב).
איך קאָן דאָך ניט, אַז אַלץ זאָל זיך פּאַרלעשן,
אַז יעדער זיין זאָל אָפּהענטיק און טריב,
אַז גאָרנישט זאָל ניט איינגעבן זיך מערער,
אַז אַלץ זאָל שלעפּן זיך אָט ווי עס גייט,
אַז אין דער לאַגע אין דער בּיטער-שווערער
ניט בלייבן זאָל קיין אינדזועלע פון פרייד,
קיין מענטש, וואָס פון די אַלע אונטערשיידט זיך. —
כ׳וועל מוזן עפּעס צוטראַכטן, פאַרשטייט זיך!

## ניט אויסגעבראַכט.

דו האָסט ניט אויסגעבראַכט אין גאַנצן
דיין מאַמעשאַפט —
האָסט נאָך און נאָך...
און פון דעם ״נאָך״ ביסטו פאַרשלאָפט.

דיין ווייבלעכקייט
האָסטו ניט אויסגעבראַכט —
האָסט נאָך און נאָך...
און פון דעם ״נאָך״ ביסטו פאַרשמאַכט.

האָסט אַלץ ניט אויסגעבראַכט
דיין מענטשלעכקייט,
דיין מעגלעכקייט.
עס קלאַפּט זיך אָן אין ענגע ברעגעס
דיין אָנברעגלעכקייט.

## ווי אַ בריק

אַ נאַכט מיט אַ שטורעם,
אַ נאַכט מיט אַ ווינט —
פון וואָלקנס געפורעמט,
מיט רעגן פאַרשפּינט.

עס קלאַפּט ווי מיט האַמערס,
עס דונערט און בליצט...
מיין זון און מיין מאַמע,
וואָס טוען זיי איצט?

אַ בליץ-שיין פאַרשרויפּט זיך
דאָרט ווייט אין אַ שויב.
מיין מאַמע כאַפּט אויף זיך,
צעחושט און פאַרטויבט,

אין פענצטער דערזעט זי
דעם רעגן, דעם גוס —
זי מורמלט. וואָס רעדט זי? —
ס׳איז מיר ניט באַוווּסט...

מיין אַלטינקע מאַמע,
מיין וואַרעמע טויב,
זי ברעכט זיך צוזאַמען,
איר רו איז גערויבט.
— — — — —

מיין זון אין אַרמיי איז
אין אָט אָ דער נאַכט.
און אפשר זיין ריי איז
צו שטיין אויף דער וואַך?

אַזאַ מין פאַרפלייצונג! —
זיך פאָרשטעלן שווער.
...מיט ביקס אויף דער פּלייצע
ער שפּאַנט אום הין-און-הער...

* *
*

פון זיצן און שטיין,
פון ליגן און גיין
קאָן מען דאָך ווערן מיד!
זיץ איך און שרייב אַ ליד,
שטיי איך און שרייב א ליד,
גיי איך און שרייב א ליד,
ליג איך און שרייב א ליד.

און די אָנגעשריבענע לידער
גיבן מיר כוח ווידער
צו זיצן און שטיין,
צו ליגן און גיין
און צו טאָן די אלע זאכן,
וואָס עס ווילט זיך גאָר ניט מאַכן

* *
*

אין אַ וועטער אַ וויסטן
אַל דאָס בייז ווערט געשטאַרקט.
ס׳קאָן אַ שאָס זיך אַ ריס טאָן,
צי אַ שטיין פון אַ באַרג . . .

כ׳קאָן מיין אומרו ניט צאַמען,
אַ יאָך אויף מיר דריקט,
צווישן זון און דער מאַמען
כ׳שפרייט זיך אויס ווי אַ בריק.

פון די דונערס און בליצן,
וואָס די אור-קראַפט צעבינדט
ווי מיין מאַמען באַשיצן?
ווי צו שטאַרקן מיין קינד?

כ׳ווער פּאָוואָליע אַנטשלאָפן.
ס׳שטילט דער שטורעם זיך איין.
מיטן טאָג קומט די שיין —
ס׳האָט קיין בייז ניט געטראָפן.

## אַ בריוועלע דער מאַמען

צעווישן שאַפונגען פון וועלטישן באַדייט,
געשריבענע אין גראַמען און אָן גראַמען
שטייט ווי פאַרשעמט, אַ ביסל אָן אַ זייט
דאָס עלטסטע ווערק — אַ בריוועלע דער מאַמען.

עס האָט איין לייענער סך הכל אויף דער וועלט,
סע שרייבט זיך אָפּט מאָל מיט אַ פּראָסטן בלייער.
נאָר די, וואָס וואַרט אויף אים, זי לייענט און קוועלט.
פאַר איר איז עס פאַרפאַסט, איר איז עס טייער.

איז לייג זשע אָפּ, זייַ מוחל, אָן אַ זייט
דאָס אַלץ וואָס איז אוממעגלעך צו פאַרזאַמען,
ווייל איינס נאָר קאָן פאַרשפּעטיקן די צייט —
אַ בריוו. אַ בריוועלע דער מאַמען.

## פון צוויי ביז פיר

פון צוויי ביז פיר.
די שטאָט — אַן אויוון אַ צעגליטער.
ס׳פאַרמאַכט זיך ווו אַ פענצטער, ווו אַ טיר.
שטייט אין דער לופט אַ גאָלד-געוועבטער ציטער.
עס רוט די שטאָט פון צוויי ביז פיר.

פריוואַטע מענטשן רוען און אַנשטאַלטן.
עס רוט דער פאַסטעך און דער ראש-העיר.
ס׳זוכט יעדערער אין שאָטן זיך באַהאַלטן
און איבערזיצן דאָרט פון צוויי ביז פיר.

נאָר אָט אַ גייט אַ מאַמע. פאַר די הענטלעך
זי האַלט צוויי יינגעלעך. דער דריטער לויפט נאָך איר.
ס׳איז צווישן זיי צו יאָר אין גאַנצן, קענטלעך —
דריי ברידערלעך — פון צוויי ביז פיר.

## אַ פויגל אונטערן טיש

שוין באַלד אַ שעה ווי ס׳זיצט ביי מיר
אונטערן טיש אַ פויגל.
ער צאַפּלט פון מיין מינדסטן ריר
און פינטלט מיט די אויגן.

ווען דורכן פענצטער האָט ער זיך
אַהער אַריינגעריסן,
האָט ער דאָ אַלע ווענט אויף גיך
מיט רעש אַרומגעשמיסן

און אומדערוואַרט האָט מיט איין פלי
זיך אונטער טיש פאַרקליבן,
ביי וועלכן כ׳בין פון אין דער פרי
געזעסן און געשריבן.

ער זיצט אין קאָרב, אין וועלכן כ׳וואַרף
צעריסענע פּאַפּירן.
נאָר איינס ער וויל, נאָר איינס ער דאַרף,
אַז איך זאָל אים ניט רירן.

ס׳איז נאָך מיין פרישטיק אויף דער שאָל
געבליבן ברויט אַ שטיקל.
איז וואַרף איך איצט פון מאָל צו מאָל
אַ ברעקעלע בשתיקה...

נאָר ניין, דער פויגל זיצט און שווייגט
און פּיקט ניט מיינע ברעקלעך.
ער האָט דערקלערט אַ הונגער-שטרייק.
און דאָס איז זייער שרעקלעך.

כ׳וואָלט אים אַרויסטרייבן געקענט,
נאָר כ׳וויל ניט, ווען כ׳דערמאָן זיך,
אַז אָן דער סטעליע, אָן די ווענט
וועט ער אַ שליידער טאָן זיך...

איז נעם איך גאָר און גיי אַוועק,
און זאָל ער זיך אַרומזען,
אַז אָפּן איז פאַר אים דער וועג.
און זיין אונטערן טיש פאַרשטעקט —
דאָס איז דער גרעסטער אומזין.

## ישראלדיקע יינגלעך

ישראלדיקע יינגלעך — זעלנער
מיט צעשפּיליעטע כאַקי-קעלנער,
מיט די איבערגעקערטע ביקסן,
מיט דעם הירשן-שפּרונג דעם געשיקטסטן,
ווען עס קומט אייך אַ ״טרעמפּ״ אַנטקעגן
אויף ישראלדיקע הייסע וועגן, —
יינגלעך מיט פעסטע קינען,
מיט אַ בליאַסק פון אויגן און ציינער —
אָדער איר וועט דעם מאָרגן געווינען,
אָדער קיינער!

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

### רחל בוימוואָל באַקומען דעם פּרייז פון יידישן שרייבער-און זשורנאַליסטן-פאַראיין אין ישראל

ביים שליסן דעם נומער דערוויסן מיר זיך, אַז די היי־יאָריקע ליטעראַטור־פּרעמיע פון יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין ישראל איז צוגעטיילט געוואָרן דער דיכטערין רחל בוימוואָל, וועלכע האָט עס שוין לאַנג־לאַנג פאַרדינט ווי אויך די שרייבער מאיר יעלין, אליעזר אַלעי, אליעזר פּאָדריאַטשיק און שמעון קאַניץ.

מיר באַגריסן אונדזער ירושלימער דיכטערין און אַלע אירע שותפים צו דער דאָזיקער פּרעמיע.

## חיים תורן

# אין אַ שמירה-נאַכט אויפן הר-הצופים

ווינטער תש״ח — מיט דרייסיק יאָר צוריק. ירושלים איז באַלאַגערט, קיינער גייט נישט אַרויס, קיינער קומט נישט אַריין. די תושבים, פון גרויס ביז קליין, זענען אין כסדרדיקער שפּאַנונג און טראָגן אויס שטיל, מיט געדולד און גבורה די פּאַרציע ליידן וואָס פאַלט זיי צו, יעדן זיין חלק. די גאַנצע שטאָט זעט אויס ווי איין לאַנגער פראָנט, די איינוווינער אירע — זעלנער אָן און אין מונדירן. שווער באַזונדערס איז דער גורל פון די גרענעץ־קוואַרטאַלן וואָס זענען כמעט אין גאַנצן אויסגעליידיקט פון זייערע איינוווינער און די הייזער זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַפעסטיקטע שוץ־פּאָזיציעס. די וועגן וואָס פירן צו דער שטאָט זענען בלאָקירט און שטייען כסדר אונטער אומאויפהערלעכן האָגל פון קוילן און אכזריותדיקע צוזאַמענשטויסן; דער וועג צום הר־הצופים איז אויך געוועזן אַ ציל־ברעט פונעם שונאס פּיילן. יעדער אַרויספאָר אָדער אַראָפּפאָר פונעם באַרג איז געווען ווי אַריין אין פּיסק פון אַ לייב. דאָס קליינע הייפעלע פּאַרטיידיקערס פון הר הצופים איז געווען נישטיק אין כמות און אין איכות — כמעט אַלע נישט ווי געהעריק אויסגעאיבטע זעלנער און נישט ווי געהעריק באַוואָפנט.

אין יענער ווינטער־נאַכט, באַגלייט מיט שטורעמדיקע רעגנס און באַרג־רייסנ־דיקע ווינטן, איז מיר אויסגעפאַלן צו האַלטן שמירה אין דער דריטער אשמורה, די שווערסטע און אומבאַקוועמסטע פון אַלע וואַך־שעהען; דאַקעגן איז מיר אויס־געפאַלן איינע פון די באַקוועמסטע פּאָזיציעס, ביי די אַראָפּהאַנגען פון באָטאַנישן גאָרטן, וואָס פאַראייניקט דעם אוניווערזיטעט מיט הדסה, אַנטקעגנאיבער דעם דאָרף אַנאַטאַ, דאָס אַמאָליקע ענתות. דאָ איז דאָס הינטערלאַנד געווען אַ ביסל געשיצט. מיר, די וואַכלייט, האָבן געדאַרפט גוט נאָכפּאַלגן, וואָס עס קומט פאָר אויפן גאַנצן שטח פאַר אונדז, נאָכשפּירן יעדע פאַרדעכטיקטע באַוועגונג אינעם שכנותדיקן דאָרף און גוט איינהערן זיך אין יעדן געשורש אינעם גאָרטן. ווען איך בין אָנגעקומען אויפן אָרט איז מיין מיטהיטער שוין געשטאַנען אויף דער וואַך, געציטערט פון קעלט און געקלאָגט זיך וואָס ער קען נישט אַ ביסל זיך דערוואַרעמען דורך רייכערן אַ פּאַפּיראָס. אַ שטום שוויגן האָט אונדז באַהערשט צוזאַמען מיט אַ שווערער מידקייט, וואָס האָט זיך צעגאָסן אין אַלע אברים אונד־זערע. דאָך האָבן מיר זיך באַמיט צו פאַרטרייבן דעם שלאָף פון אונדזערע אויגן און זיין וואַכזאַם און געשפּאַנט. שאַרף האָבן דורכגעשניטן די לופט, אויפרייסן האָבן זיך געהערט פון דער ווייטן. מיר זענען געשטאַנען שטיל, האַלב־פאַרפרוירן,

ביז דער מאָרגנשטערן האָט אויפגעלויכטן און פאַר אונדז האָט זיך דער מדבר־יהודה אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער פּראַכט און שיינקייט צוזאַמען מיטן שטיקל בלויקייט פון ים־המלח, וואָס האָט אַ ביסל פאַרטריבן די זאָרג און ציטער אין אונדזערע הערצער. ווען עס איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען דער נעפּל, וואָס האָט דעם גאַנצן אַרום פאַרוואַנדלט אין איין גרויסער טונקעלער און דראָענדיקער טונקלקייט, האָט דאָס זעען זיך פאַרבעסערט. די אויפרייסן און די שיסערייען האָבן אויפגעהערט און מיר האָבן זיך געקענט דערלויבן אַנצוהייבן אַ לייכטן שמועס. מיין באַגלייטער, איינגעהילט און איינגעוווּרעט אין זיין לאַנגן איבער דער מאָס דיקן מאַנטל, האָט אויסגעצויגן די אברים, געבליבן שטיין אין דער גאַנצער הייך זיינער און געפּליסטערט שטיל, ווי ער וואָלט פאַרגעזעצט אַ געדאַנק, וואָס האָט געעקבערט זיין מוח די גאַנצע וואַך־נאַכט און נישט געוואָגט אַרויסצוברעכן פאַרן מויל; — "פאַראַן שעהען ווען יעדער איינער פון אונדז איז עלול אַריינצופאַלן אין ענטוזיאַזם, פילן זיך צעברויזט און פאַרשיכורט פון שיינקייט"...

מיין בליק איז געפאַלן אויפן אַנטדרימלטן האָריזאָנט און אויף דער בלוילעכער פאַרע, וואָס איז אויפגעגאַנגען פון די בערג און פעלדזן־היילן. איך האָב געפרעגט: "איר מיינט, אַז יעדער איינער אין אונדזער לאַנד איז אין דער בחינה פון יענעם העלד פון שמעוניס אידיליע "דער יובל פון די פורמאַנעס", וואָס האָט פלוצים, אין איינער אַ נאַכט, געפילט אַז די בעלמע איז אַראָפּגעפאַלן פון אויג און עס האָט זיך אַנטפּלעקט דער כישוף פון דער נאַכט, אַפּגעדעקט, דערהויבן און נאָענט?".

"דאָס געבוי מיין איך", האָט ער געענטפערט, "אַ ספק צי מיר, וואָס שטייען דאָ, זענען מסוגל צו זען ריכטיק, צו באַגרייפן און ווי געהעריק אָפּשאַצן דאָס, וואָס עס קומט פאַר פאַר אונדזערע אויגן; מיר זענען לעבעדיקע עדות פון אַ העלדישער עפּאָפּייע, וואָס וועט דינען ווי אַ "שליסל" צו פאַרשטיין אונדזער גאַנצע לאַנגע געשיכטע. די מלחמה האָט געוואָרפן אַ שיין אויף דער קוואַליטעט פונעם ייד, וועמענס עיקר יידישקייט דריקט זיך אויס אין אומצערייסבאַרער פאַרבונדקייט צו זיין לאַנד, פאַר וועלכן ער איז מקריב זיין לעבן. די געשעענישן אין אונדזערע טעג קלערן אונדז אויף אַ סך ענלעכע פּאַסירונגען אין ווייטן עבר. מען קאָן נישט שרייבן אונדזער געשיכטע אָן צו פילן זי; דאָס קענען די פאַקטן, די פאַקטאָרן און די וויכטיקסטע און אַנטשיידנדיקסטע אימפּולסן, איז נישט גענוג. מען דאַרף זיי מיטלעבן, ווייניקסטנס אויך אין דיסטאַנץ פון דורות. דער וואָס שטייט אויף דעם פּלאַץ, פון וועלכן קאַסיוס האָט אַנגעהויבן די באַלאַגערונג אויף ירושלים און ווו טיטוס האָט אויפגעשטעלט זיין לאַגער און איינגענומען די שטאָט; דער וואָס שפּאַצירט אויף די שטעגן, אויף וועלכע עס האָט אפשר אַ מאָל געטראָטן דער נביא פון ענתות, קען גוט אַריינקוקן אין די לאַבירינטן פון די דורות און טיפער פאַרשטיין די געשעענישן, וואָס זענען טייל מאָל געוועזן פאַר אים אַ פאַרהוילן רעטעניש. און טאַקע היינטיקע נאַכט, זענען מיר קלאָר געוואָרן אייניקע היסטאָרישע פראַגן, וואָס האָבן מיך געמאַטערט שוין פון לאַנג; זיי זענען מיר קלאָר געוואָרן

אין שיין פון שטראַלנדיקן ליכט פון אויפגייענדיקן מאָרגנשטערן איבער באַלאַגערטן ירושלים, ערב דעם אויפקום פון דריטן בית״...

ער האָט געוואָלט ממשיך־זיין, אָבער אונדזער געשפּרעך איז איבערגעריסן געוואָרן דורך די מענטשן פון דער וואַך, וואָס זענען געקומען אונדז פאַרבייטן.

מיין באַגלייטער און מיטשמועסער אין יענער שמירה־נאַכט איז געווען דער היסטאָריקער, טרייער און איבערגעגעבענער הגנה־מענטש, גדליהו אלון ז״ל.

יידיש: **א. ש.**

## די פראַנק אַטראַן-פּרעמיע

## פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס

איז האָיאָר צוגעטיילט געוואָרן דעם ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ און אונדזער חשובן מיט־אַרבעטער דעם באַוווּסטן שרייבער פון פּאַריז בנימין שלעווין, וועמען מיר באַגריסן מיט גרויס פריינדשאַפט.

CONGRESS *for* JEWISH CULTURE | אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס

25 East 78th Street New York, N. Y. 10021 | 10021 ניו־יאָרק, נ״י 25 איסט 78סטע גאַס

ATRAN CENTER
For Jewish Culture

Telephones: TR 9-2232-2233 :טעלעפאָנען

Confederacion Pro Cultura Judia, Ayacucho 483/5, Buenos Aires, Argentina :ביוראָ אין בוענאָס איירעס

ד״ר עוריאל גאָקס
פּרעזידענט

חיים בעז
עקזעקוטיוו־דירעקטאָר

דעם 20טן דעצעמבער, 1977

יוסף קערלער
„ירושלימער אלמאנאך״
מרכז קליטה, קטמון
ירושלים.

זייער חשובער און ליבער פריינד קערלער
און מיטגלידער פון דער רעדאקציע פון
„ירושלימער אלמאנאך״:

די הייאָריקע זשורי פון דער פראנק אטראן־פרעמיע פון יידישן קולטור־קאָנגרעס האָט צוגעטיילט אייער זשורנאל די סומע פון 500 דאָלער..

מיר באגריסן אייך צו דער געלעגנהייט און האָפן, אז די דאָזיקע פרעמיע אָדער סובסידיע וועט אייך העלפן ארויסגעבן א ווייטערדיקן נומער פון אייער זשורנאל, וואָס האָט שוין באקומען אזוי פיל אנערקענונג אין אונדזער ליטעראַרישער משפחה. מיר ווילן אויך האָפן, אז דער באשלוס פון דער זשורי וועט אייך דינען ווי א דערמוטיקונג אויפצוהיטן אייער אייגענע אידענטישקייט ווי א ירושלימער גרופע אין דער ישראלדיקער יידישער ליטעראטור. גיט איבער אונדזערע הארציקסטע גרוסן צו אלע מיטארבעטער פון אייער זשורנאל. נעמט אָן אונדזערע וואַרעמע ברכות און בעסטע וואונטשן.

מיט פריינדשאפט,

חיים בעז
עקזעקוטיוו־דירעקטאר

### יאָסל לערנער

# ס׳וועט קומען דער גוטער ווינט...

## ווי אַ קינד

דעם דיכטער מאיר חרץ

ווי אַ קינד עס שמייכלט, גוגערט
דער קאַיאַר.
איך גלעט זיין קעפּל בלאָנדע האָר
און געהיט,
איך לערן אים צו מאַכעניוון
די ערשטע טריט.

דערצייל אים מעשהלער פון טויזנט
און איין טאָג,
ווינטש אים זיין באַהיט פון פּורעניות
און פּלאָג,
זיין זאָל ער אַ ליכטיקער,
מיט זון
און הימלבלוי —
כה לחי!

אַ גאַנצן טאָג פאַר יעדערן ווי אַ קאַיאַר
און נישט, חלילה, איבעריק,
צעצויגן —
אַ טאָג — אַ יאָר...

1973 — מעלות

## איך וועל צונויפקלייבן

פאַר שואל גיוועלדער

איך וועל צונויפקלייבן די פּאַלנדיקע שטערן
און זיי ברענגען צו דיר. —
טו עפּעס פאַר זייערטוועגן.

דו הערסט ?.
זיי שרייען, בעטן זיך:
קערט אונדז אום דעם הימל,
מיר זענען זיינע טרערן:
דאָ, אין דער וויסטער פרעמד,
וועלן מיר אויסגיין אין בענקעניש
און אין צער.
מיר וועלן פאַרשטיינערט ווערן...

די שיין וואָס צעשפּרייט ביי אונדזער פאַלן
איז נאָך ניט פאַרגאַנגען.
עס ציטערן נאָך אין די הייכן
אונדזערע געזאַנגען. —

וועל איך צונויפקלייבן די פאַלנדיקע שטערן
און זיי ברענגען צו דיר. —
טו עפּעס פאַר זייערטוועגן.

## אַך טי, רבונו של עולם

אַך טי, רבונו של עולם!
אבינו טי נאַש!
אונדזער לאַנד פון "זבת חלב ודבש",
דאַרף זאַפּט!
דאַרף קראַפּט!
דאַרף נאַפּט!
דאָס האָסטו געגעבן צו אונדזערע שונאים

מיליאָסן טאָנען...
אונדז —
זאַמד און שטיינער און כאַמסינען — —
און דאָך —
מודים אנחנו לך!!!

נאָר קיינער נישט קאָן נישט
אָט דאָס מעסטעלע גליק,
פון אַן אייגן שטיקל מדינה —
פאַרגינען...

זיי האָבן אונדז ליב ווען מיר קלאָגן
און וויינען... —
נאָר ווי זאָגט עס פּישקע דער קרומער?
— אַ קיענק זיי אין די ביינער!
1976 — קרית אונו

## דער הימל האָט אַ ים מיט טרערן

דער הימל האָט אַ ים מיט טרערן שוין פאַרגאָסן
אויף זיינער
און אויף אונדזער דאַליע. —
עס איז אים, קענטיק, גלייך ווי אונדז,
אויפן האַרצן אָנגעזאָליעט...

ער קען זיך ניט געבן קיין עצה
ווי פון די וואָלקנס זיך שיצן,
זיי מאַכן אים טויב מיט די דונערס,
זיי מאַכן אים בלינד מיט די בליצן.

צי איז אים ווי אונדז ניט באַשערט נאָך
זיך פון די גרוילן באַפרייען?
ווי מיר קוקט ער אויס זיינע אויגן,
סע זאָל זיך דער דרויסן באַנייען.

ווייל קומען עס וועט דאָך דער גוטינקער ווינט
און די וואָלקנס פאַרשטויסן
און ווידער זאָל שמייכלען דער גאַנצער אַרום
צו אונדז און צו אים
און צום דרויסן...
1977 — קרית אונו

* *
*

דער רויבפויגל מיט די צעשעדיקטע פליגל
קוקט נאָך אַלץ אַרויס
אויף רויב.
אין זיינע אויגן — פאַרלאָשענע שטורקאַצן —
צאַפּלט אַ פאַרבלוטיקטע טויב.

דער דרויסן קוקט אים אָן, באַוווּנדערט —
דעם סימבאָל
פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט —
דער הימל צייכנט אַרום זיין קאָפּ
אַ קרייז

און די זון באַצירט זיין ברוסט
מיט אַ גאָלדענעם האַקנקרייץ
און אַ מעדאַל —
"סערפּ און האַמער"...

1975 — קרית אונו

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

### אָוונט לכבוד רחל בוימוואָל

זונטיק, דעם 13טן מערץ 1978 איז אין הסתדרות־זאַל "תל־אור" אין ירושלים פאָרגעקומען אַ ליטעראַרישער אָוונט לכבוד דעם דערשיינען פון רחל בוימוואָלס לידערבוך "פון ליד צו ליד" איינגעאָרדנט דורכן ירושלימער אָפּטייל פון יידישן שרייבער־פאַראיין אין ישראל, דער ירושלימער יידישער קולטור־געזעלשאַפט, קולטור־אָפּטייל פון ירושלימער שטאָטראַט און ירושלימער אָפּטייל פון אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט.

טראָץ דער שווערער שטימונג נאָכן בלוטיקן שבת אויפן כביש חיפה־תל־אביב און טראָץ דעם שטאַרקן גוס־רעגן זענען דאָך געקומען עטלעכע צענדליק מענטשן און דער אָוונט איז ניט אָפּגעלייגט געוואָרן.

געפירט דעם אָוונט האָט פּראָפ' וואַלערשטיין. מיט אַ פאָרטראָג וועגן דער דיכטערינס שעפערישן וועג "פון ליד צו ליד" איז אַרויסגעטראָטן יצחק הרכבי.

די דיכטערין האָט אויפן אָרט צו רעדן און דערציילן וועגן זיך, געלייענט אירע סאַמע נייסטע לידער געשריבענע שוין נאָכן דערשיינען פון בוך. אַ סימן אַז דער שעפערישער וועג גייט ווייטער אָן. צום שלוס האָט די רעציטאַטאָרין הדסה קעסטין־העלער געלייענט לידער פון דערשינענעם בוך.

**יוסף חריף**

## צוויי מיניאַטורן

## פאַר נאַכט אין שפּיטאָל

די לעצטע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון האָבן געשוועבט איבער די שויבן ווי ליכטיקע שמעטערלינגען אין זייער פאַרנאַכטיקן פלאַטער, נאָכן איבער־געלעבטן טאָג, וואָס דאָס קורצע לעבן האָט זיי געשאָנקען...

די קראַנקן־שוועסטערס האָבן אָנגעהויבן גרייטן די חולים צום שלאָף, ביים בעט פון אַ גרייז־גרויען חולה איז געזעסן זיין פרוי, וואָס טרעט ניט אָפּ פון אים אַ גאַנצן טאָג ווי עס וואָלט איר אַ שאָד געווען יעדע מינוט וואָס זי לאָזט אים אַליין, ווי אַלע קוואַלן פון זייער ליבשאַפט וואָלטן דערוואַרט אויף ס'נײַי.

אַ זילבערנע האָר־פּאַסמע איז איר געפאַלן איבערן אויג און האָט ווי אויס־באַהאַלטן די טרער וואָס איז אַנגעלאָפן אויף אירע וויעס. אין דער פאַרנאַכטיקער דעמערונג האָבן די האָר אירע אויסגעזען ווי פאַרפרוירענער שניי, אין פּנים וואָס האָט אין זיך געהאַט אַ סך קינדערישעס, ווי עס טרעפט ביי עלטערע מענטשן. עס האָבן זיך איינגעגעסן איידעלע קאַרבן, פון צייט צו צייט האָבן אירע אָרעמס אויפגעציטערט ווי אין צוריקגעהאַלטן געוויין, און אפשר גאָר האָט אויפגעטויכט אין איר זכרון אַ דעראינערונג פון אירע בראשית־יאָרן מיטן געליבטן מאַן וואָס ליגט איצטער און וואַרט אויף אַ נס, די כוחות זאָלן אים נישט פאַרלאָזן, ס'זאָל אים געגעבן ווערן נאָך אַ טראָפּן לעבן.

די ליפּן פון דער פרוי באַוועגן זיך אין אַ לייכטן ציטער ווי זיי וואָלטן עפּעס זאָגן און איבעררייסן די שווערע שפּיטאָל־שווייגעניש, און אפשר גאָר וויל זיך איר עפּעס זאָגן איר געליבטן מאַן, דאָס וואָס זי האָט נישט באַוויזן ביז היינט אים צו זאָגן. זי האָט פאַרקלאַמערט איר האַנט אין זיינער ווי דאָס וואָלט פאַר־זיכערט דעם המשך צווישן אים און איר, ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און אויף זיינע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ לייכטער שמייכל, אויך ער, דאַכט זיך אויס, וויל איר עפּעס זאָגן, זי בייגט זיך איבער זיין בעט בכדי בעסער הערן זיין וואָרט, איר אויער באַרירט כמעט זיינע ליפּן, וואָס האָבן זיך פאַרפרעסט ווי צו אַ אָפּשייד־קוש, באַלד וועט זי דאַרפן פאַרלאָזן אים, איבערלאָזן אים צו אַ לאַנגער נישט דערשלאָפענער נאַכט, — אין דערוואַרטונג אויף אַ נייעם פרימאָרגנדיקן ווי־דערזען...

פּלוצעם באַווייזט זיך אַ יונגע שיינע שוועסטער ווי אַ ווייסער מלאך אַ מונטערע, און אַ פריילעכע, ווי אַ קעגנזאַץ צו דער אָנקומענדיקער נאַכט וואָס וועט פאַרנעמען זייערע קרעכצן און בענקענישן צו אַ שנעלער גענעזונג, די חולים שמידן צו זייערע בליקן צו איר, ביי דער אַלטער פרוי באַווייזט זיך אַ טריבער שמייכל אויף אירע ליפּן, זי פאַרלאָזט אויף אַ ווילע דאָס צימער, די שוועסטער פרישט אויף די געלעגערס, דעקט איין די קראַנקע ווי קינדער צום שלאָף, אַ סך

פון די חולים מאַכן אַ רושם ווי זיי וואָלטן דווקא דאָ אין שפּיטאָל צום ערשטן מאָל געגנאָסן פון אַ ביסל צערטלעכקייט, וואָס דאָס לעבן האָט זיי דערמיט נישט באַשאָנקן. זי העלפט זיי, די שוועסטער, איבערהאַלטן די לאַנגע אָנקומענדיקע שפּיטאָל־נאַכט וואָס וועט זיך שלעפּן אָן אַ סוף, אין קעגנזאַץ צום בליץ פון אַ קורץ לעבן.

אויך ער, דער אַלטער מאַן, גיט זיך איבער אין אירע הענט, וואָס בלאַנקען מיט ראַזעווער יוגנטלעכער פרישקייט, און אויס דאַנקבאַרקייט גלעט ער איר וואַרעמע האַנט, — די האַנט וואָס דערלאַנגט אים דעם בעכער מיט די רפואות.

מיט שטילינקע טריט באַווייזט זיך ווידער די אַלטע פרוי זאָגן אַ גוטע־נאַכט איר ליבן מאַן, אַ גוטמוטיקער שמייכל האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף איר פּנים, ווייזט אויס, זי האָט עפּעס באַמערקט... זי געגענט צום בעט פון קראַנקן, זייגע ליפּן באַוועגן זיך ווי אין פאַרלעגנהייט, ער וויל איר זאָגן פאַר איר פאַרלאָזן דעם צימער אַ האַרציק וואָרט, אָבער דווקא איצטער איז זיין צונג אַזוי שווער געוואָרן ,און כאָטש ס׳ווילט זיך אים אַ שמייכל טאָן, בכדי זי באַרויקן פאַרן אַוועקגיין, באַווייזט זיך אין זיין אויג אַ טרער און זיין בליק איז ווי פון אַ פאַרשולדיקט קינד.

פּאַוואָליע פאַרשלינגט דאָס בלאַסע ליכט אַלע ווינקעלעך פון קראַנקן־צימער, מיט שווערער מי האַלט די אַלטע פרוי צוריק אירע טרערן פאַרן אַוועקגיין און גלעט זיין האַנט... מיט דער זעלבער צערטלעכקייט ווי אַ מאָל אין די בראשית־יאָרן.

איבערן צימער האָט זיך אויסגעגאָסן אַ שטילקייט ס׳האָט זיך נאָך געהערט דאָס אָטעמען פון די קראַנקע וואָס זענען געלעגן אין זייערע זויבערע בעטן, ווי איינגעוויגטע קינדער צום שלאָף און דער אַלטינקערס צאַרטע שטים: אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט פאַר אַלע...

## די חתונה פון ענת

גרויס און שיין איז ענת, און פונקט ווי די אויסערלעכע שיינקייט אירע, שטראַלט אַרויס די אינערלעכע לויטערקייט און גוטסקייט פון אירע ברויגע קאַרשן־אויגן, וואָס זענען איבערפולט מיט יוגנטלעכער פרייליכקייט און פריש־קייט, ווי די פּרוכטביימער אַרום, ווי דער ווייגשטאָק, ווי די קוקורוזע און די בוימוואָל־פעלדער וואָס צייטיקן.

דאָ אויף די פעלדער אין די יהודה־בערג, וואָס פלמ״ח־חברה האָבן מיט פלאַנץ און געצעלט באַדעקט נאָך דער באַפרייונגס־מלחמה — איז זי אויסגע־וואַקסן.

פון דער צווייטער זייט ווינקט אַראָפּ די שטאָט בית־שמש אין איר פולער באַלויכטונג, אָט זעט זיך די פאַבריק פון עראָפּלאַן־מאָטאָרן, וווּ עס אַרבעטן די, וואָס זענען געקומען פון פאַרשיידענע גלותן. דאָ אויף דעם וועג פון צרעה און

אשתאול אין יענע אוראַלטע צייטן, אין די טעג פון די שופטים, האָט שמשון הגיבור געפירט זיינע מלחמות מיט די פלישתים.

אויף דער דאָזיקער באַנייטער ערד איז זי אויסגעוואַקסן, ווי הויך, שיין, גראַציעז זעט זי איצט אויס אין איר ווייסן חופה־קלייד און שלייער, וואָס באַק־רוינט איר קאָפּ און פאַלט פון די אַקסלען.

דער קיבוץ איז פאַרזען מיט קאָלירטע ליכטער, וואָס שפיגלען זיך אין איר צעשטראַלטן פּנים, און באַלייכטן די זעלבנער און זעלנערקעס, די ערשטע מאָבי־ליזירטע אין קיבוץ, וואָס זענען איצט געקומען זיך פרייען מיט איר פרייד — אין די אויסגעפוצטע אוניפאָרמען, זיי דערמאָנען דעם המשך, דעם אייגנאַרטיקן היס־טאָרישן וועג ביז היינט צו טאָג, און זיי האַלטן אונטער די חופה־שטאַנגען.

אויף אַ פּראָוויזאָריש אויסגעשפּרייטן עקראַן־לייוונט באַווייזן זיך בילדער:

עס קלינגען די ווערטער "עוד ישמע" — נאָך וועט זיך הערן דאָס קול פון ששון און שמחה, דאָס קול פון חתן און כלה אין די גאַסן פון ירושלים און אין די בערג פון יהודה...

ענתס באַשערטער איז געקומען פון ווייטן דרום־אַפריקע, זיינע עלטערן זענען נאָר־וואָס אָנגעפלויגן, זיי פרייען זיך פון דער פיינער מבינות פון זייער מייק, און כאָטש זיי רעדן ענגליש, ווישן זיי אויס אַ טרער פון אויג, בעת זיי שטייען ביי דער חופה, ווי אַ מאָל זייערע עלטערן אין דער אַלטער היים אין ליטע.

היימישקייט בעמט אַלעמען אַרום. אַ היימישע חתונה אין די בערג פון יהודה. די פאַרביקע ליכטער ווינקן זיך איבער מיט די מזל־טובן און עס פייכטן פון פרייד די אויגן...

אויף אַ פּראָוויזאָריש אויסגעשפּרייטן עקראַן לייוונט באַווייזן זיך בילדער:

די כלה פון "בית תינוקות" ביז צום חופה־טאָג און עס ווילט זיך אויסשרייען:

דאָ פּראָוועט מען אַ חתונה פון צווייטן דור פון פּלמ"ח!

יונגוואַרג צעטאַנצט זיך, אויך די גן־קינדער טאַנצן, ווי פעלד־בלימלעך.

און אין טאַנץ דער אַפּהילך פון יענע יאָרן, ווען די שופטים האָבן געמשפּט דאָס פאָלק, וואָס איז געקומען פון דער מדבר.

אויך איצט זענען זיי דורך פאַרשיידענע מדבריות אויפגעגאַנגען צו די זעלבע אור־אַלטע וועגן.

אַ חבר פון די ראשונים שפּילט פריילעכע ניגונים אויף אַ האַרמאָניע, עס דערמאָנט די אַלטע היים, און אַ טרער שפּאַרט זיך צו די וויעס, ווי ביי אונדזערע עלטערן אַ מאָל, אַ טרער אויף אַ יידישער חתונה.

באַרוועסע פיס און פיסלעך שוועבן אין דער לופט קוים באַרירנדיק די ערד. מ'טאַנצט האַנט ביי האַנט.

און עס דוכט זיך, אַז הינטער די פענצטער שטייען אַ סך נישט דערגאַנגענע דורות, וואָס רייסן זיך אַהער צו די, וואָס האָבן דעם וועג געצייכנט מיט אַזויפיל אויסדויער און גבורה.

מאיר חרץ

# נייע לידער

## ירושלים של מטה

אַזש ביז די וואָלקנס הייבט זיך אויף די שטאָט
און דורך די וואָלקנס העכער, ביז צו גאָט.
די שטאָט ביי נאַכט. זי לאָזט די שאָטנס בלויז,
פון שאָטנס בויט זי אויף זיך ביזן לעצטן הויז.

און מאָדנע, וואָס די שאָטנס האָבן מערער האַפט,
ווייל אויף דער ערד געבליבן און אויף דער ערד זי שאַפט
זיך איבער אויף דאָס ניי די גאַנצע שטאָט,
די זעלבע שטאָט וואָס אויבן דאָרט ביי גאָט.

די זעלבע שטאָט, די זעלבע גאַסן ביזן לעצטן הויז,
די זעלבע שטאָט, אַ שטאָט פון שאָטנס בלויז
געבליבענע צו וואַכן אויף דער פאַרלאָזטער ערד
און מיטן ערשטן פאַרבנשפּראָץ אויף ס׳ניי געבוירן ווערט.

## אונדזער פעלד, גאַס, שטאָט

אונדזער פעלד איז נעכטן ניט געווען קיין פעלד,
אונדזער פעלד איז נעכטן נאָך געוועזן וויסט,
ביז וואַנען ס׳איז געקומען אַ יונגער אידעאַליסט
און האָט זיך מיט זיין כלה באַזעצט אין אַ געצעלט
און ס׳האָט זיך אויסגעצויגן אַ פעלד צו זייערע פיס.

אונדזער גאַס איז נעכטן ניט געווען קיין גאַס,
אונדזער גאַס איז נעכטן נאָך געוועזן פעלד
און ס׳איז געוועזן היץ און ס׳איז געווען קעלט
און ס׳איז געוועזן רעגן און ס׳איז געוועזן נאַס,
ביז וואַנען ס׳איז די גאַס געוואָרן אויפגעשטעלט.

אונדזער שטאָט איז נעכטן ניט געווען גרויס,
אונדזער שטאָט איז נעכטן קוים אַ גאַס געווען
פון צוויי און צוואַנציק הייזלעך ווי דאָרט אין דאָמבראָווען
און היינט אַנטלויפט די יוגנט פון דער שטאָט אַרויס
און זוכט אַ נייעם מדבר צו ווייזן וואָס זי קען.

## דער מדבר רופט ניט

דער מדבר רופט ניט ווי סע רופט דער סטעפּ,
דער מדבר ציט דיך און זיין ווייטקייט שלעפּט
ער שלעפּט דיך אין זיין טיפעניש אַראָפּ,
ער שלעפּט דיך ביי די האָר, ער שלעפּט ביים קאָפּ,
ער שלעפּט אַ גאַנצע מחנה ביי די קעפּ,
דער מדבר רופט ניט, ווי סע רופט דער סטעפּ,
וואָס האָט קיין כוח ניט דיך ברענגען אויף אַן אָרט.
דער סטעפּ איז שטום, אין מדבר הערשט דאָס וואָרט.

## צי בין איך ניט

צי בין איך ניט גענוג נאָך מיד,
ניט אויסגעהאָרעוועט גענוג,
גענוג ניט דאָרשטיק נאָך אַ ליד
אויף אויסשטרעקן מיין האַלדז צום קרוג ?

איך האָב זיי קיין מאָל ניט געציילט
די קריגלעך ליימיקע מיט וויין,
די קריגלעך הייליקע מיט אייל,
די קריגלעך ליידיקע מיט שיין.

אָט גיי איך נאָך די קעמלטריט
מיט בליק אין מדבר ווייט פאַרקוקט —
צי גליט אין זאַמד דאָס מדבר־ליד
צי אינעם אַלטן ליים פון קרוג ?

אַט שטרעקט ער זיך צום הימלבלוי
אַ שווערער אויפֿן יונגן קאָפּ
פֿון יענער הויכער שמאָלער פֿרוי,
וואָס לאָזט אים אייביק ניט אַראָפּ.

נאָר היט מיך, גאָט, איך זאָל אַהין
זיך ווייטער רירן מיט אַ שפּאַן.
אויף קעמל רייט דער בעדווין,
דער באַלעבאָס פֿון קרוג, דער מאַן.

אַ קול קריצט אויס זיך און איך הער,
די אותיות קלינגען אויבן אָן:
״די פֿרוי דיין באָבע איז און ער —
דיין עלטערזיידע פֿון חברון״

״און דו, מיין אַלטער מידער ייד,
מוזסט יינגער ווערן מיט אַ מאָל
צו טרינקען פֿונעם קרוג דאָס ליד״
און ס׳האָט פֿאַרלאָשן זיך דאָס קול.

## די וואָלקנס צייכענען

די וואָלקנס צייכענען אַ מאַפּע אויפֿן הימל —
אַמעריקע, אויסטראַליע און איטאַליע ווי אַ שטיוול
און אַלע הענגען זיי איבער מיין שטיבל.

די וואָלקנס צייכענען אַ מאַפּע אַ געפֿאַרבטע
פֿון בערג און טאָלן און פֿון וועלדער, ימען
און אַלע שווימען זיי אויף שבת זיך צוזאַמען.

עס הייבט זיך אָן אַ דונערן און בליצן,
די וועלדער ברענען און די ימען שוויצן
און אותיות אויף לוחות פֿייערדיק זיך קריצן.

ווי גוט איז אַזאַ טאָג איז ביי דער שויב צו זיצן
אין קליינעם וואַרעמען און שבתדיקן שטיבל.

די וואָלקנס צייכענען אַ מאַפּע אויפֿן הימל.

## מאַך צו

מאַך די ווענט מיר און די סטעליע צו
און פאַרהענג די פענצטער מיט אַ נעפּל,
גיב דער שוועל מיינער אַ קליינעם טראָפּן רו
און מיין טיר לאָז איבער ניט געעפנט.

כ׳דעק זיך מיט די גראָע שעהען איין,
ביז סע ווערט מיר וואַרעם אין די גלידער.
ווען כ׳וועל אויפשטיין וועל איך עלטער זיין
און איך וועל אַנטשלאָפן ווערן ווידער.

כ׳הער אין שלאָף אין דרויסן פאַלט אַ שניי
און די שיין שניידט יעדן אין די אויגן,
האַלט איך זיי באַהאַלטן מיינע צוויי
אויגן און איך האַלט זיי אויסגעבויגן.

און אין חלום האַלט איך זיי פאַרשטעקט,
אויסגעהיט פון שיין און פּיין און ווייטיק,
ביז סע נעמט צום גליק מיינעם אַן עק
און קיין שום איז מערער מיר ניט נייטיק.

## בין מיד

בין מיד און איך לאָז מיך פאַרוויגן
פון קלאַנג, וואָס ווערט איינגעשטילט.
מיין אויער וועגט די וואָג פונעם ניגון,
מיין אויג מעסט די ברייט פונעם בילד.

דאָס בילד נעמט אַרום ווי אַ רייפל
דעם קאָפּ און ווערט ענג און ווערט נאָנט.
די רייף ציט זיך אויס, ווערט געכפּלט,
ווערט ווייט און ווערט האָריזאָנט.

בין מיד אַזוי מיד און אין דרעמל,
פאַרריגל זיך פעסט אין אַ טרוים
און אויפן האָרב פון אַ קעמל
איך וויג זיך צו צו אַ בוים.

איך פֿאָר אַריין אין די צווייגן,
פֿאַרבלעטער די אויגן מיט גרין,
מיין אויער וועגט די וואָג פֿונעם שווייגן,
מיין אויג ציט אַ פֿאָדעם דין.

מיין אויג ציט דעם פֿאָדעם און ציט אים
און אָט איז קיין פֿאָדעם ניטאָ,
און אָט דעם ניטאָ — איך פֿאַרהיט אים
ביז וואַן ער איז ווידער דאָ.

## אַ פֿייגעלע פֿליט

אַ פֿייגעלע פֿליט. לויטן פֿלי
דערקענט מען וואָס פֿאַר אַ פֿויגל.
אַ מיידעלע קוקט. לויטן ברי
דערקענט מען דעם גלי פֿון די אויגן.

אַ בחורל גייט. לויטן גאַנג
דערקענט מען דעם העלד פֿון דער וויטן.
אַ ווינטעלע בלאָזט. לויט דער זאַנג
דערקענט מען אין וועלכע זייטן.

אַ זינגערל זינגט. לויט דער קראַפֿט
פֿון קול דערקענט מען דעם זינגער.
ער שרייבט אויף דאָס ליד. לויטן כּתב
דערקענט מען די זיידענע פֿינגער,
די זיידענע פֿינגער פֿון זינגער.

ראָזע פּאַלאַטניק / בראַזיל

# יורדים

## (דערציילונג)

חיים איז נאָך לאַנג געשטאַנען אַ פאַרדמיונטער, געגאַפּט אויפן ווייסן שוים פון די ים־כוואַליעס, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ווייס־ווילדער געפלאַנץ — געלעבט אַ רגע און ... פאַרשווונדן. צו מאָל האָט חיים אויך נאָכגעוואָרפן פאַרבענקטע בליקן צום אַוועק־שוועבנדיקן פּאָרט ... פון ווייטנס זעט חיים נאָך קוים אַ שוואַך בלישטשל פון לייכטנדיקע לעמפּעלעך, אָט טויכן זיי אויף און באַלד טוקן זיי זיך אונטער; ביז אַ דראַסטישער אויסבויג פון שיף און — אויס מיטן לעצטן ארץ־ישראל־גרוס, נאַכט...

אין חיימס זכרון קומען ווידער אויף, שוין צענטליקער מאָל, די אַלע פּיינען, שווע־ריקייטן בעתן איינאָרדענען זיך אין ישראל. זיי קומען צו אים איצט די קאָמפּליקאַציעס, ווי אַ פאַרענטפערונג פאַר זיין ווערן אַ יורד ... חיים זוכט צו פאַרטויבן די פּיין פון געוויסן און וויל זיך אַליין איינרעדן, אַז נאָך אַלע יסורים ביי היטלערן, האָט ער גע־מיינט, אַז מען וועט אים דאָ טראָגן אויף די הענט, לסוף, ווידער קאַמפן, ווייטער קריי־גערייען, אפילו — געשלעגן ... ביז — ווען זיין ברודער אינעם הייסן בראַזיל האָט געשיקט שיפסקאַרטן, האָט חיים אַ זאָג געטאָן — גענוג מיט די מאַטערנישן! ...

ווי אויפגעוואַכט פון אַ טיפן שלומער, קוקט ער זיך אַרום ווי אַ פרעמדער: ער זעט נאָך אַזעלכע ווי ער; זיי קוקן אַלע אין די שוואַרצע האָריזאָנטן אַריין ... חיים דערקענט זיי — נישט איין מאָל זיך געטראָפן אין די רייזע־ביוראָען, געהאָלפן זיך אַרומרייסן ...

אָט זעט ער דעם צעפּאַטלטן זרח, מיט זיינע לאַנגע פּיס און שיקלדיקע אויגן. אַלע יידישע גהינומס האָבן שוין די דאָזיקע קרומע אויגן צוגעזען, אַלע פרעמדע גלותן — אַדורכגעשפּאַנט, דורך נסימדיקע וועגן זיך קוים דערשלאָגן קיין ישראל און דאָ, אַ נייע פּרשה — ״מעברות״, כאָטש שלאָף אין אַ רעגן אונטערן נאַקעטן הימל ... דעריבער, ווען זיין רייכע שוועסטער אין טשילי האָט אים צוגעזאָגט ״אויפריכטונג״, האָט זרח אַ שפּיי געטאָן אין זיינע פלאַכע דלאָניעס, גלייך ער וואָלט זיך ראַזמאַכעוועט צו אַ פריש געשלעג און אַרויסגעוואָרטשעט:

— ״כאַפּט עס דער וואַטנמאַכער, אינץ עמער הולכן פון דאַנעט״...

אַ ביסעלע טיפער אין דער שיף, זיצט אַן אָפּגעזונדערטער דער ווילד־באַוואַקסענער אוריש. נאָך אורישן האָט קיינער נישט געשיקט, ער באַלאַנגט שוין אויך נישט איצט צו קיינעם ... אוריש האָט אויסגעקעמפּט אַ בילעט אַזש קיין אַפריקע, פּונקט אַזוי האָט ער אויך געקענט פאָרן קיין האָנאָלולו, ס'איז אים סיי ווי אַלץ איינס, אורישן, נאָכן פאַרלירן זיין גאַנצע משפחה אין די גאַז־קאַמערן, וועט ער שוין סיי ווי אויף קיין אָרט קיין מאָל נישט קענען איינזיצן ... אורישן אַרט נישט מער זיין ווילד באַוואַקסן פּנים, זיין אָפּגעלאָזנקייט, ער קוקט איצט אין דער ווייטקייט, זעט גאָרנישט, הערט גאָרנישט, פאַרטעמפּט ...

דאָ זעט מען אויך מידע ווייבער, צעפלאַשעטע מיידלעך, פאַרשוויצטע בחורים און פריילעכע יונגוואַרג. אויף אַ סך פּנימער, טרויעריקע מינעס, צעקרומטע גרימאַסן און סתם אומצופרידענע מענטשן, גלייך זיי וואָלטן פּלוצים פון אומגעאַנטע בענקשאַפטן

באַוועלטיקט געוואָרן... קוקן זיי אַלע שטיל צום פּלירט פון ים־כוואַליעס, וואָס אָט נעמען זיי זיך אַרום און באַלד צעשיידן זיי זיך, ס'אַ שפּיל אַזאַ, גלייך ווי ביי מענטשן...

אַ הויכע, דאַרע יידענע הייבט פּלוצים אָן רעדן, מיט אַזאַ תחינה־ניגון, גלייך זי וואָלט פאַרגעזעצט אַן איבערגעריסענעם שמועס:

— "ס'איבעץ חושך און וויסט געוועזן דאָרטן און דאַוואַל נישט לעכטיק געוואָרן — דאָ, איז ווער ווייסט וואָס עס דערוואַרט איבעץ ערגיץ אַנדערש?"...

אַ צווייטע פרוי, וועמענס ווייסע, גוט־געכאַליעטע הענט דערמאָנען אין חסידיש־נגידישן ייחוס, כאַפּט זיך מיט שרעק פאַר די אויערן:

— "יידענע, וויפל איז דער שיער — שוין צענטליקער מאָל געהערט, שוין גענוג".

"און איבעץ אָב מע זעך נישט גיקענט איינעסטן — הייבט אָן אַ דריטע, מיט אַ ברייט פאַרריסן פיגע־נעזל — ביין נישט גיקענט, וואָל נישט גיגאַט גיביק צים זשיפּיען... איין גרויסער — נישט מיט נישט"... גלייך זיי וואָלטן זיך אַלע געפילט אויף אַ באַשולדי־קונגס־באַנק, ווו מען האַלט זיך אין איין פאַרטיידיקן און פאַרענטפערן און דאָך פילט מען זיך אַלץ שולדיק...

לסוף דרייען אַ סך אום זייערע קעפּ אויף צוריק, ס'איז זיי פּלוצים אַזוי טרויעריק געוואָרן און ס'דאַכט זיך יעדן, אַז מען זעט נאָך אַ קליין פּיצעלע ליכטל פונעם פאַר־שווינדענעם פאָרט... ווייל אין אמתן זעט מען שוין גאָרנישט, גאָרנישט, בלויז דער ים איז איצטער שוואַרצער ווי די פינצטערע נאַכט, זיינע ברויזנדיקע טיפעבישן זידן, קאָכן, שטורמען, פאַרטויבן די פאַרטיידיקונגס־רייד און פאַרשלומערן די אינערלעכע באַרעכטיקונגען... אויך דער פאַרכמאַרטער הימל איז אָנגעפילט מיט ימישן געברום, אָט וועט דער שוואַרצער הימל זיך אויסמישן מיט די צעשטורעמטע כוואַליעס און פאַר־שלינגען די שיף מיט אַלע צער־פולע יורדים...

* * *

אין אָנהייב איז חיימען טאַקע נישט געפעלן געוואָרן ישראל. צוערשט געמוטשעט זיך אין אַ פאַלאַטקעלע, זיינע צוויי קינדער געשיקט אין אַ גן־ילדים, ס'ווייב האָט גע־אַרבעט אין קיך, ער, אויפן פעלד, דערנאָך אינעם פּיצל שטיבעלע ווו ס'איז תמיד געווען טונקל. דורכן קליינעם פענצטערל איז קיין שטראַל פון זון נישט אַריינגעדרונגען, קיין סימן פון אַ לבנה זיך נישט באַוויזן... אָבער צו ביסלעך האָבן זיי אויסגעפונען, אַז אויף זייער שוועל שמייכלט די לבנה גלייך אין פנים און אויפן פעלד, זאַפּט מען איין ליכטיקייטן אויף יאָרן... האָט מען שוין אָנגעהויבן פילן עפּעס אַ באַזונדערן טעם אין דער דאָזיקער שווערער אַרבעט, עפּעס איז געוואָרן נאָענט, היימיש, אייגן... האָט זיך פּלוצעם אָפּגעזוכט אַ רייכער ברודער אין בראַזיל, וואָס האָט זיי — פון ווייטנס אויסגעמאָלן זיין "רויטן קאָטש מיטן שוואַרצן קוטשער". די ברויזנדיקע אַטלאַנטיק ליגט אים ממש צו די פיס... היינט — די מחיהדיקע זון, וועלכע וואַרעמט דאָ אַ גאַנץ יאָר, ווי אַ היימישער קאַלד־אויוון; — "איז בקיצור, ביסטו דאָך נישט מחויב זיך דאָרטן צו מוטשען? און — ווייסט דאָך, ברודער, אַז ביי אַ שווערן וואָגן איז גרינג צופוס צו גיין"...

האָט עס טאַקע חיימען אויפגערודערט. דאָס שוין צוגעוווינטע האָט פּלוצעם גענומען אויסקוקן שלעכט, נו, האָט חיים גענומען אַרומלויפן אין די רייזע־ביוראָען, דאָרטן גע־טראָפן נאָך אַזעלכע ווי ער. מען האָט זיך געהאַלפן אַרומקריגן, אַרומרייסן, ביז דאָס הייפעלע פאַרבלאָנדזשעטע זוכער זענען לסוף געוואָרן — יורדים...

חיימס ברודער, סעניאָר סעוועק, וואָס האָט זיך אין ריאָ שוין "דאַראַביעט" צו אַ 12־שטאָקיקן גולם (אַזוי ווילצלט מען זיך דאָ וועגן די "אויפגעקומענע" הויכע בנינים). ער האָט זיך שוין לאַנג דאָ באַפרייט פון זיינע היימישע "סענטימענטאַלע פאַטשוטשיס",

ווען ער האָט געהערט זיין ברודערס "שטאָלצירן מיטן ישראל־דלות", זיך גרויסן מיט עפּעס אַ קאַמף פאַר אַן אייגן פריי לאַנד, ווען ווען וועלכן זיין געפונענער ברודער חיים, דלאַביעט אים כסדר אין קאָפּ, האַלט אים אין איין מוטשען וועגן אַ מאָרגן, וואָס וועט אין ישראל זיכער אַ מאָל אויפשיינען, האָט עס סעוועקס אויסגעפּראַנסעוועטן שרונט צעפּלאַשעט און זיין גוט־געכאַליעט פּנים דענערווירט... ניין, נישט אויף אַזאַ ברודער האָט סעוועק געוואַרט, אַ מענטש דולט אים כסדר אַ ספּאָדעק וועגן עפּעס אַ מאָרגן, בעת היינט איז אים דאָ אַזוי גוט ?...

סעניאָר סעוועק האָט אויך נישט פאַרטראָגן חיימס אַנידערזעצן זיך, דווקא אויפן קלענסטן בענקעלע פון זיין גרויסן סאַלאָן, חיימס שווערע הענט תמיד מיט די לאַנגע פינגער אין זיין געדיכטער טשופּרינע, ווי אַ שטאָלענע גראַבליע פאַרשטעקט אין אַ צעוואָרפענעם סנאָפּ־שטרוי, חיים פלעגט אויסטאָן דעם שטייפן קאָלנער, צעכראַסטעט דאָס נייע העמד און ס'רוב — דווקא אין די פרייטיק־צונאַכטסן, ווען סעוועקס דינער־שאַפט האָבן געגרייט די קאָרטן־טישלעך, — איז חיים אויף זיין נידעריקן בענקעלע סעוועקן תיכף אַריינגעפאַרן מיט גאַליקע רייד, וועגן זיינע בענקשאַפטן צו אַ "היימישן שבת קודש"... "די אָרעמע ווינקעלעך דאָרטן — פלעגט חיים אַרויסזופן צווישן זיינע שיטערע ציין — זיי פאַרטונקלען דאָך די היגע גלאַנצנדיקע פּאַלאַצן, וואָס זענען, — לויט חיימען — הויל פון אינעווייניק, שטראַלן פון דרויסן און אַ פּוסטקייט יאָגט דאָ דורך אַלע טירן־פענצטער...

ניין! נישט דאָס האָט חיים געמיינט, זיך פאַרגעשטעלט...

חיים, מיט זיינע פאַרבענקטע מחשבות און צעטרייסלטע נערוון, האָט מיט זיינע ביטול־רייד באַלד געשאַפן אַ מחיצה צווישן זיין חוזק־קוק אויף סתם "גבירהאַקראַטיע" און סעוועקס עולם־הזהדיקן חיי־שעה...

חיים האָט ס'רוב אַריינגערעדט אין זיין ברודער:

— אמת, סעוועק, עס איז מיר אין אַנהייב נישט גוט געווען אין ישראל, אָבער דאָס איז געווען אַזאַ מין שלעכטס, באַהויכט מיט וויזיע, האָפענונג פאַר אַ בעסערער צוקונפט, אַן אָנגעפּילטע מיט אַ היימישן תוכן... דאָס זענען אַלץ אַזעלכע וויזיעס וואָס לעבן נאָך אין מיר פון דער געוועזענער, אַלטער היים... אָט דאָס גרויסע גוטס וואָס איך האָב ביי דיר געטראָפן, מיניעט, ווי אַ פאַלשער בריליאַנט, וואָס פאַרבלענדט די פּוסט־קייט... אפילו דאָס קהלען זיך דאָ, איז בלויז לשם אַ ביסעלע כבוד, עס דערגייט נישט צום נשמהלע... ס'אַ מין קלייזלען זיך פאַר ווילטאָג. אָבער דאָרטן, אין ישראל, "נויט ברעכט אייזן". מען קריגט זיך דאָרטן אויך אָרום, אָבער, מען וויל עפּעס אויף אַן ערנסט און מען ווייסט וואָס מען וויל"... אָט די דאָזיקע קריגערישע רייד, מיט וועלכע דער צעטרייסלטער חיים האָט געוואָלט ראַטעווען זיין אייגענעם אומעט, דאָס איז דעם רייכן סעוועק נישט ליב געווען צו הערן. שוין לאַנג ווי ער, סעוועק לעבט מיטן זאַ־גלאַזן היינט און האָט דערוייל אין דער אדמה דעם שרעקנדיקן מאָרגן:

— גיי שוין, גיי, חיים — פלעגט סעוועק אָפּט צונישט מאַכן זיין ברודערס רייד — "כ'פאַרשטיי באמת נישט דיינע טעגלעכע זיפצעלעך און קרעכצעלעך, סיידן, זעסטו, ווען בענקסט צוריק אַהין, נאָכן שווערן אָקעראַייזן ?, טאָ רעד זשע קלאָרע רייד, לייג מיר נישט אַריין די שמד אין דער יראה... איז מילא נו ? ביסטו דאָך דאָרטן שוין געווען ? און מיט קיין פּאָליציי האָב איך ענק דאָ נישט אַהער געבראַכט"...

חיימס געטריי וויב, חנהלע, וועמענס שלאַנקער גוף און הימל־בלויע אויגן, מיטן גילגול פון אַן־אייביק בענקנדיק הארץ, אויך זי איז דאָ אַרומגעגאַנגען, ווי אויף גע־שליפענעם גלאָז... חנהלע האָט נישט פאַרטראָגן די הי־געקינצלטע מאַניערן, זייערע בריליאַנטענע "קאָליעס" אויף די העלדזער, דימענטענע "סיגנעטן" אויף די פינגער און געליישטע ביכער, מיט געגילדטע לוקסוס־רוקנס אין די קרישטאָלענע שויבן־שענק און

דער "מלך אייכל" אויפן מעכאַניאַווע טיש . . . חנהלען האָט זיך אָפּט געדאַכט, אַז דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַ בייזער חלום און זי וואָלט זיך גערן געוואָלט אויפכאַפּן פונעם דאָזיקן נאַרישן חלום, זי וואָלט מיט פרייד געוואָלט צוריק אַהין, צו יענעם קאָלעקטיוון טעפּל געקעכץ, וואָס זי פלעגט אין ישראל גרייטן פאַר אַ הונדערט אירע . . . אָט אין דעם האָט חנהלע יאָ געפילט אַ זין־תוכן . . .

חיימס און חנהלעס אַנטוישונגען האָבן זיך נאָך שאַרפער גענומען אָפּשפּיגלען אויף זייערע צוויי דריבנע טעכטערלעך, אין וועמענס בלוט עס האָט שוין געריזלט ארץ־ישראל־אַטמאָספערע . . . פריילעכע בטבע, זענען זיי דאָ געזעסן שטילע, געצווימטע און זיך געפילט, ווי אָרעמע קינדער אויף אַ רייכער חתונה . . . איין מאָל, דורכן קליינעם סופיט־פענצטערל האָט אַריינגעפינצטערט אַ שוואַרצע נאַכט, האָט חנהלע, מער געפילט ווי געזען, דעם שווערן צער פון אירע אַנטמוטיקטע קינדער . . .

— "חיים, כ'קען נישט מער צוזען די קינדערס פּיין — האָט חנהלע אַריינגעשושקעט אין איר מאַנס אויער — זאָג, חיים, צוליב וואָס האָבן מיר געדאַרפט די גאַנצע גראַטשקע? כדי דאָ אָנצוקוקן גלאַנצנדיקע תכשיטים און נישט פילן קיין טעם, קיין פּיצל זין? צוליב דעם האָבן מיר געדאַרפט פאַרלאָזן אונדזער לאַנד? כ'לעבן, חיים, פע" . . .

און חיים, מיד פון אַרומקריגן זיך מיט קהל, מיטן אייגענעם ברודער, און מיט וועלן יעדן געבן צו פאַרשטיין דאָס, וואָס קיינער פון זיי וועט דאָ שוין קיין מאָל נישט קענען באַגרייפן . . . חנהלע האָט אַ שטילן פאַרלעש געטאָן דאָס קליינע נאַכט־לעמפּעלע און אַזוי, אין דער פינצטער, ווו מענטש און שאָטן זענען געוואָרן איינס, האָט איר חיים שטיל אַריינגעפליסטערט:

— "נאָך אַלעם, חנהלע, וואָס האָבן מיר דאָ צו זיין, אַז וועגן טרעבלינקער גיהנום האָט מען דאָ בלויז געהערט, דעם חלף אויפן האַלדז — נישט געפילט, דעריבער וועלן זיי אונדז קיין מאָל נישט קענען באַגרייפן . . . ס'איז אונדזער גורל און מיר דאַרפן אים טראָגן מיט פאַרשטענדעניש . . . כ'וועל נאָך אפשר דאָ אַ פּרווו טאָן, ווי אַנדערע, צו ווערן אַ "קלאַפּער", און אויב עס וועט טאַקע נישט קלאַפּן, איז דאָך די בריק אויף צוריק נישט איבערגעריסן? אדרבה, די בריק איז איצטער שטאַרקער, פעסטער, נו, וועלן מיר מאַכן — השיבנו נאַזאַד" . . .

און חיים האָט באַלד געפּרוווט, נאָר אַנשטאָט "קלאַפּער", האָט ער בעסער פאַרקאַשערט די אַרבל און אָנגעהויבן אין אַ יידישער סטאָלעריי, צווישן אַ סך שוואַרצע אַרבעטער, וואָס האָבן געהאַט אַזעלכע קרומע פייערלעך אין זייערע אויפגעפּראַלטע נעגער־אויגן און חלפים — בליאַסק אין זייערס אַ זייטיק קוקעלע . . . נישט געווען, חלילה קיין שלעכטע מענטשן, פאַרקערט, תמיד מיט געזונקענע קעפּ, הכנעהדיק צוגעלאָזן, אָבער, ווילד . . . פאַר יעדער קלייניקייט איז געווען אַ שטופּ, אַ סטאַרקע, אָדער אַ מגושמדיקער לאַך . . . און טאָמער האָט חיים נישט מיטגעהאַלטן אין דער הפקרות, איז באַלד געפאַלן דאָס וואָרט — "גרינגאָ" (ביסט אַ פרעמדער). ער קען זיך טאַקע זיין אַ מיוחס, חיים, געווען אין אוישוויץ, צוגעזען אַלע מינים טויטן, אָבער דאָ קען ער קיינעם קיין מענטליק נישט מאַכן . . .

און אַז חיים האָט אַ מאָל, אַזוי זיך צו שטילן זיין כעס, זיי אַ פרעג געטאָן כלומרשט שפּאַסיק: "זאָגט, וואָס האָט איר צו מיר?" האָט איינער, אַ ביסל שיכורלעך חיימען אַדורכגעשפּיזט מיט זיינע פייערדיקע אויגן און אויך, כלומרשט שפּאַסיק, צוריק געענטפערט:

— "דאָ! איז נאָסאָ סערראַ" (ס'איז אונדזער ערד, דאָ).

חיים האָט דעמאָלט אַ גאַנצע נאַכט נישט געקענט איינשלאָפן, כסדר געמורמלט:

— "אָט דאָס איז עס, ענדלעך געפּאַקט דעם שטן ביים קאַרק . . . ס'איז זיין ערד, זייער לאַנד, אפילו דער הימל איז דאָך דאָ — זייערער" . . .

איצט איז חיימען אויך קלאָר געוואָרן, למאַי זיין אויסגעצאַצקעטער באַלעבאָס חנפנט אַזוי אָפט זיינע שוואַרצע אַרבעטער. נישט איין מאָל שוין באַמערקט, ווי דער אויסגע־שלייערטער פאַבריקאַנט, מיט געפּוצטע נעגל און שטייפן קעלנערל ווייסט זייער גוט, אַז מיט זיין גאַנצן אויפגעבלאָזענעם סטאַזש, איז ער, אין גרונט גענומען אין די הענט פון די דאָזיקע האַלב־ווילדע, כאָטש גוטע מענטשן, אָבער אָן קולטור, מיט פליענדיקע פייערלעך, וואָס קענען זיך אַ מאָל צעפלאַקערן . . .

און די זעלבע אונטערטעניקייט, באַהאַלטענע מורא, האָט חיים אויך באַמערקט ביי זיין אייגענעם ברודער אונז נאָך צענטליקער אַנדערע, ענלעכע פאַבריקאַנטן ווי סעוועק . . .

לסוף האָט חיים נאָך אויסגעפּרווט צו ווערן אַ "קלאַפּער", זיך באַהאַנגען מיט פאַרשידענע קאָלירטע בלוזקעלעך, בינדעס, שקאַרפּעטן, געטשאָפּעט מיט זיינע מידע פיס אויף ליימיקע בערג, אויסגעקוקט פון ווייטנס, ווי אַ גייענדיקער באַזאַר . . . און ווען ער האָט זיך אַ שוועו־דערשוויצטער, אין שווייס אויסגעווייקטער, און טיף־פּרייכנדיקער קוים דערשלעפּט צו די ערשטע פּאָר שטיבעלעך, איז פּונקט ווי אויף להכעיס, האָבן דעמלט אַ סך געענטפערט :

— "סאַי דאַקי ! גרינגאָ" . . . (אַוועק פון דאַנעט, פרעמדער).

דערביי האָט חיים אויך באַמערקט, ווי אַ סך בראַזיליאַנער שטייען מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, אָפענע ברוסטן, אַ געזונטער שווייס רינט זיי איבער די פאַרברוינטע פּנימער און אין זייערע שוואַרצע אויגן ליגט אַזאַ שטילע, זיכערע רו . . . זיי שטייען דאָך אין זייערע אייגענע גערטנער, אַקערן דאָס אייגענע פעלד, באַוואַסערן זייער אייגן שטיקל ערד . . .

דעמאָלט האָט אין חיימען זיין יידיש בלוט אַ הייסן זוד געטאָן, ס'איז אים באַפאַלן אַ טיפע, פריער אומגעאַנטע בענקשאַפט . . . און ער, חיים האָט געמורמלט צו זיך אַליין :

— "האָסטו דען, חיים, נישט געטאָן דאָס זעלבע דאָרטן ? בלויז, האָסט עס דעמאָלט נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט" . . .

און ווען חיים איז אַהיים געקומען אַן אַנטוישטער, איז ער אַ פאַרצווייפלטער שטייען געבליבן לעבן ברודער סעוועק, מיט זיינע מידע הענט, אויסגעלאָשענע אויגן און אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ : — ברודער, איך קען נישט מער . . .

סעוועק, שוין מיט אַדורכגעווייטיקטער פּראַקטיק, האָט באַטראַכט חיימען פון אַלע זייטן און מיט שטילער רוגזה, בייזלעך אַרויסגערעדט :

— "וואָס האָסטו געמיינט, חיים, אַז עס פאַלט דאָ "מן" פון הימל ? מען טראָגט אונדז אַקעגן די מיליאָנען אויף גאָלדענע טאַצן ? . . . געדולד, ברודערקע, מען ווערט דאָ נישט איבער נאַכט דאָס, אויף וועלכן איך האָב דאָ געהאָרעוועט דרייסיק יאָר. יאָ, יאָ חיים, איר אַלע, יורדים, דאַרפט דאָס נישט פאַרגעסן . . .

* * *

זינט יענעם טאָג, האָט חיים שוין געוווסט, אַז פאַר אים און נאָך אַזעלכע — יורדים, מיט גהינומס אין די הערצער, גאַז־אויוונס אין די מחשבות, איז ניט פאַראַן קיין בעסער ווינקעלע אויף דער גאַנצער, ברוטאַלער וועלט, ווי נאָר דאָרטן, וווּ מיר וועלן אויך קענען אַ דרייסטן זאָג טאָן : — "ס'איז אונדזער ערד — דאָרטן איז אויך אונדזער מקום מקלט" . . .

ביז איין מאָל איז חיים שטיין געבליבן לעבן זיין פאַרטרויערטער חנהלע, מיט ליבּ־שאַפט אַריינגערעדט אין איר צאַרטן פּנים :

— "חנה'שי, מיר פאַרפּאַקן צוריק דער באַבעס קופערס אויף רעדלעך, ס'איינציקע וואָס מיר האָבן געראַטעוועט פון טרעבלינקער גהינום . . . לאָמיר עס צוריק פירן אַהיים . . . אַהיים . . .

חנהלעס דערפרייטער קאָפּ, איז גליקלעך אַ פּאַל געטאָן אויף חיימס געטרייער ברוסט און אַזוי, צווישן אַ הויכן כליפּ און אַ שטילן לאַך, געשטיקט אין אויפגעלייזטע טרערן — ארויסגערעדט:

— "מילא אינץ, יאַק אינץ, אָב מע שוין אינדזערס 'אָפּגעיאַזדעוועט', אָבער אונ־דזערע 'שניעקיס', זיי חלשן דאָך קריק צו דער דאַרטיקער 'סטאַדאַלע', טאָ לאָמיר זיי פירן צו זייער וועלט"...

# קולטור-אינפאָרמאַציעס

## יידישער-קלוב אין באר-שבע

צווישן די העכער 30 יידיש־קלובן, וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין קאָמיטעט פאַר יידיש און יידישער קולטור אין ישראל, צייכנט זיך אויס דער קולטור־קלוב אין באר־שבע.

די שטאָט־פאַרוואַלטונג פון באר־שבע האָט אָפּגעגעבן אין רשות פון קלוב דעם שטאָ־טישן קהילה־צענטער און באַטייליקט זיך אין אַלע יידישע קולטור־אונטערנעמונגען.

די יידישע קולטור־געזעלשאַפט אין באר־שבע האָט זיך אַקטיוו אָנגעשלאָסן אין אַלע אַקציעס, וועלכע ס'האָט אונטערגענומען דער קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל: געזאַמלט אונטערשריפטן אויף דער פּעטיציע צו רשות השידור וועגן יידיש־פּראָגראַמען אין טעלעוויזיע און פאַרגרעסערן די צייט פון די ראַדיאָ־אוידיציעס, פאַרשפּרייט ביכער פון יידישע שרייבער ווי אויך די ליטעראַרישע אויסגאַבעס "די גאָלדענע קייט" "ירושלימער אַלמאַנאַך" "ביי זיך" און אַנדערע.

ביים קלוב עקזיסטירט אַ דראַמאַטישער קרייז, אַ יידישע ביבליאָטעק, גיט אַרויס פון צייט צו צייט יידישע ביולעטינען, אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט מיט לעקציעס וועגן יידישער געשיכטע.

די אַקציע פאַר איינפירן יידיש אין די מיטלשולן, האָט מצליח געווען מיט אַן התחלה פון 42 תלמידים אין דער גימנאַזיע א"ב "הימלפאַרב". דער משרד החינוך האָט דעם קלוב געגעבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פאַרצוזעצן די אַקטיוויטעטן צוליב איינפירן יידיש אין אַלע מיטל־שולן אין באר־שבע. זיי האָבן אויך געגרינדעט אַן אָוונט־שולע צו לערנען יידיש פאַר דערוואַקסענע, ווי אַן אָנהויב — מיט 25 תלמידים פון 18 ביז 31 יאָר אַלט, אָנגעפירט פון לערער חיים שוחט. דער לערער קריגט זיין געהאַלט פון דער שטאָטפאַר־וואַלטונג. דער קלוב און די ביבליאָטעק איז אָפן יעדן טאָג. עס איז אַן אָנגענעמער ווינקל פאַר די ליבהאָבער פון יידיש און יידישער שפּראַך.

ביים קלוב פונקציאָנירט אויך אַ קורס פאַר געשיכטע און געאָגראַפיע פון ישראל, אָנגעפירט פון היסטאָריקער שבועלי.

זיאַמע טעלעסין

# פון פאַרשיידענע העפטן

## אונטערשפּאַרן

דאָס קאַרשן-ביימעלע, וואָס איז נאָך אַזאַ צאַרטס,
אַ קאַרשן-בוים צו זיין האָט זיך פאַרמאָסטן.
עס האָט זיך זייער שטאַרק דערפרייט מיין האַרץ,
ווען כ׳האָב אויף אים דערזען די ערשטע קנאָספּן.

ניט איינברעכן אים זאָל דער שטורעם-ווינט,
און אויסטראָגן עס זאָל דאָס ערשטע קאַרשן-הענגל, —
אים אונטערשפּאַרן דאַרף מען מיט אַ דרענגל,
און צו דעם דרענגל פעסטער אים פאַרבינדט.

## אויפן טויט פון אַ דיכטער

מיר ווערן אַלץ ווייניקער, ווייניקער...
איז וואָלטן מיר ווערן כאָטש אייניקער,
איינער צום אַנדערן גינציקער, —
מיר ווערן דאָך ווינציקער, ווינציקער...

אָט-אָט און עס קאָן איבערוואַנדערן
אַהין — אינעם לאַנד אינעם אַנדערן,
ווו מ׳עסט ניט קיין הערינג מיט ציבעלע,
נאָך עמעצער פון די פאַרבליבענע.

אַהין — ווו געפינסט ניט קיין קרענעצע,
ווו ס׳פעלט פון אַ טרונק טאָן די פרייד.
ווער ווייס ווער קאָן זיין נאָך דער עמעצער
פאַר ווענען דער וועג איז שוין גרייט.
איז גיט לאָמיר...
דאַרף מען נאָך רייד?...

## דער טאָל

אַ טיפֿער טאָל איז צווישן אונדז געלעגן.
אַ טאָל אין בוכשטעבלעכן זין פֿון וואָרט.
עס זאָל אַראָפּצו שלענגלען זיך אַ שטעגל,
עס זאָל אַרויפֿצו קלעטערן אַ שטעגל,
אַן אָנוואַלגער פֿון שטיין געווען איז דאָרט.

דעם טאָל אַריבערגיין געוועזן איז אַ גליק,
וואָס דו האָסט ניט צעבראָכן דעם געניק.

און דאָך מיר פֿלעגן איבער אָט דעם טאָל
גיין איינער צו דעם צווייטן אַלע מאָל.

און אָט איז שוין דער טיפֿער טאָל פֿאַרשאָטן.
אַיעדע קרומקייט דער בולדאָזער האָט פֿאַרגלעט.
ווי ס׳האָבן זיך צעוואָקסן דאָ געראָטן
די יונגע ביימעלעך, וואָס לייגן שוין אַ שאָטן
אויף יעדן שטעגל וואָס מיט זשוויר איז אויסגעבעט.

די גאַנצע געגנט איז געוואָרן ווי אַ נייע,
דאָ דורכצוגיין איז פּשוט אַ מחיה.

נאָר גראַדע איצטער (פּרוּוו עס צו פֿאַרשטיין)
מיר האָבן איינער צו דעם צווייטן אויפֿגעהערט צו גיין.

## פֿריינטשאַפֿט

איך האָב מיט אים געמאַכט ניט איין לחיים.
געקוילעט ניט איין הערינג צו פֿאַרבייסן.
נאָר ס׳פֿלעגט אָן דעם מיין פֿריינטשאַפֿט אויכעט סטייען.
ס׳איז שווער געווען פֿון אים מיך אָפּצורייסן.

צו אים די צייט די גאַנצע, וואָס איך קאָן אים,
כ׳פֿלעג אויפֿריכטיקייט שלעפּן גאַנצע קאָרבן.
די זעלביקע געהאַט מיר האָבן שונאים.
די זעלביקע מיר האָבן פֿריינט דערוואָרבן.

ס'איז דען אַוווּ פֿאַראַן אַ קאַנט אַ שטילער?
ס'איז אויך ניט שטיל ביי אונדז דאָ אויפֿן פּערטל.
מיר האָבן אפשר זיך אַ מאָל צעוווערטלט,
מיר זאָלן ווען מילחמהווען — חלילה!

נאָר אָט האָט ער זיך מיט אַ מאָל פֿאַרקנעפּלט
מיט די וואָס זיינען פֿרעמד מיין האַרץ און זינען, —
איז ווי אַ בגילופֿנדיקער נעפּל
צו ביסלעכווייז מיין פֿריינטשאַפֿט נעמט צערינען.

## וואָלסט געזונגען אונדז...

**דער זינגערין ראָזע פּלאָטקין — צו איר אָנדענק.**

שטאַרב ניט, שטאַרב ניט, רייזעלע,
פֿאַרבלייב מיט אונדז דאָ ווידער.
זאָג, אויף ווער ווען, רייזעלע,
לאָזסטו דיינע לידער?

ווער ווי דו וועט, רייזעלע,
אויסזינגען אונדז קאָנען
פֿון דער מחותנתטע
מיט די מחותנים? *

ווער וועט נאָך אַזוי ווי דו
קאָנען גוט פֿאַרוויגן
אונדזער קליינעם יאַנקעלע
מיט דעם שיינעם ניגון? **

וואָס וועט מיט די פּיקערס זיין
אויפֿן קאַרשן-צווייגל,
ווען עס וועט "דאָס פֿידעלע"
בלייבן ביי דיר שווייגן? ***

* מחותנתסטע מיינע — פֿאָלקסליד.
** שלאָף זשע איין, יאַנקעלע — געבירטיק.
*** דאָס פֿידעלע — קוויטקאָ. לידער פֿון ר. פּלאָטקינאָס רעפּערטואַר.

שטאַרב ניט, שטאַרב ניט, רייזעלע,
זאָל דיר ווערן גרינגער.
ווילסטו — כ׳וועל דיר אָנשרייבן
אַ נייע ליד צום זינגען.

דאָס וועט זיין אַזאַ מין ליד —
זאָג נאָר, צי ס׳געפעלט דיר:
ס׳איז אַ שטעטעלע געווען...
אין די מינסקער וועלדער.

דאָרטן האָט געלעבט אַ שמיד
שוואַרץ, ווי אַ ציגיינער.
און געווען זיינען ביים שמיד
זיבן מוידן פיינע.

איינע צווישן אַלע זיי
איז געווען די שענסטע.
אָט די איינע צווישן זיי
אויסגעצייכנט קענסטו.

וווקסיק, מיט אַ שוואַרצן קאָפּ
און די אויגן קאַרע.
אַלע פלעגן אויף דער גאַס
מאַכן איר אַ וואַרע.

איי, האָט זי געהאַט אַ שטים!
איי, האָט זי געזונגען!
שטאַרבן פלעגן זיי נאָך איר
די שטעטלדיקע יונגען.

נאָר עס האָט אָבער דער מויד
קיינער ניט געפעלן...
וואָלסט געזונגען אונדז די ליד
און מיר וואָלטן קוועלן.

צי איך וואָלט דיר אָנגעשריבן
גאָר אַזוינע סטראָפּן:
ווי די מויד די זעלביקע
האָט אַ יאַט געטראָפּן.

גרין איז קאַמאַרויקער וואַלד,
סאָסנע-קעפּ געדיכטע.
ס׳איז געווען יענער יאָט
נאָך אַ יונגער דיכטער.

דאָ וואָלט איך דיר צוגעטראָכט
זייער שיינע ווערטער, —
ווי אַזוי ער איז געוואָרן
דעמלט דיין באַשערטער.

ווי עס האָט זיין האַרץ געברענט
מיט אַ העליש פייער . . .
וואָלסט געזונגען אונדז די ליד
און מיר וואָלטן טייען.

צי איך וואָלט דיר אָנגעשריבן
גאָר אַ ליד אַזאַ מין :
. . . ס׳האָט געלעבט אַ יינגעלע
מיט זיין טאַטע-מאַמע,

דער טאַטע — אין איין זייט אַוועק,
די מאַמע — אין אַ צווייטער,
דאָס יינגעלע — אוי ווײ איז מיר !
אַ פייער האָט פאַרווייט אים . . .

ווּ איז צעשטויבט זיין הייפל אַש —
ביז איצט דאָס ווייסט ניט קיינער . . .
דו וואָלסט געזונגען אונדז די ליד
און מיר ? — מיר וואָלטן וויינען . . .

איז וואָס זשע שוויַגסטו, רייזעלע ?
פאַרמאַך זשע ניט די אויגן !
אוי, דו ביסט שוין, רייזעלע,
ווייט פון אונדז פאַרפלויגן . . .

# לייב קורלאַנד

## מאיר און זעלדע

(דערציילונג)

א

ער גייט. זיין קאָפּ פאָראויס און צו דער ערד, ווי ער וואָלט אים נישט געקאָנט אויפהייבן, אָדער ער וואָלט זיך געשווירן נישט צו קוקן קיין מאָל מער אין הימל. איז ביי אים דער האַלדז אויסגעצויגן, און פאַרהויקערט דער רוקן. זעלטן שענקט ער אַ בליק די כוואַליעס, וואָס גייען אַליין, ווי זיינע פיס, צום בית־עלמין, ביי יענעם עק כינרת. און ער שוויגט ווי אַ מצבה.

ב

זעלדע, די קראַנקן־שוועסטער, וואָס האָט אים געפלעגט אין שפּיטאָל, זייט מ׳האָט אים געבראַכט פון פראָנט, זעט אים פאַרבייגיין איר הייזל. זי האָט אויף אים רחמנות. די דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז ביי אים אַ פּסיכישע שווייגעניש. אַ רעאַקציע אַזאַ — זיין גאַנץ אויפפירן זיך. ער האָט אַ צייט נאָך דער אָפּעראַציע גערעדט, געווען נאָרמאַל. נאָר ערשט, ווען ער האָט אָפּגעפּונען אויפן בית־עלמין זיינע פּאַטראָל־חברים, וואָס זענען צוזאַמען מיט אים פאַרשיט געוואָרן אונטער אַ האָגל פון באָמבעס — האָט ער אויפגעהערטריידן, געוואָרן אַנדערש. דאָס איז בײַ אים אַ פּראָטעסט, אַ שטום געשריי קעגן מלחמה, קעגן באָמבעס.

ג

ווען זעלדעס מאַן איז געפאַלן אויפן גולן, איז מאיר געקומען צו איר יעדן טאָג פון שבעה, געשטאַנען אויף דער שוועל, געקוקט צום דיל, אויסגעשטרעקט זיין לאַנגען האַלדז צו איר צער. און געשוויגן.

ד

ווילדגראָז איז געוואַקסן אין זעלדעס גאָרטן, הינטער איר הייזל, און גע־שפּרייט שטיקנדיקע וויקל־אָרעמס אַרום בלומען־העלדזער. בלומען־קעפּלעך האָבן זיך געריסן פון געקלעם מיט געבעט אויף לופט, מיט געבעט אויף רעגן. האָבן זיינע לאַנגע הענט געהערט זייער געבעט.

ה

האָט זי צו אים געזאָגט: "דער גאָרטן איז דיינער. די בלומען דאַרפן לאַנגע מענער־הענט. מיינע זענען געמאַכט פאַר קראַנקע".

ו

שפּעטער האָט זי געזאָגט: "דאָס הייזל איז דיינס. איך דאַרף האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצושוויייגן.

ז

ווען זי גייט אַוועק פאַר טאָגס צו די קראַנקע, גייט ער אַוועק, מיט פרישע בלומען, צו די קברים אין דער חיילים־אַליי.

"בוקר טוב, מאיר"

"בוקר טוב, זעלדע".

ח

"ערב טוב, מאיר"

"ערב טוב, זעלדע".

ט

"איך פיל אַ לעבן הינטערן נאָפּל" — האָט זי געזאָגט.

"האַ?"

"אַ לעבן, מאיר!"

"אַ לעבן, זעלדע, האַ?"

י

"מ׳וועט אים רופן עמנואל. נאָך מיין עמנואלן"

"מ׳וועט אים רופן שלום, נאָכן שלום".

יא

"מ׳וועט אים רופן עמנואל!

"מ׳וועט אים רופן שלום!"

יב

איצט גייט זעלדע יעדן פרימאָרגן אין שפּיטאָל, פלעגן די קראַנקע.
און מאיר בלייבט אין הייזל. פלעגן די בלומען. פלעגן עמנואלן.

## שטיל לעבן
(מיניאַטור)

בלאָ איז די יונגע פּאַלמע ביים כינרת, גרין איר שאָטן אין וואַסער, און געל איר איינזאַמקייט אינעם ברעגיקן געזאַמד.

זי שטייט ווי אַ פיש, מיטן קאָפּ אין דער ערד, מיט שיפּן אַוועקשטייענדיקע, און סאַמע אויבן — דער עק פונאַנדערגעשפּרייט שירעמדיק.

דער ווינט דראַפּעט זיך אויף די שיפּן־לייטערלעך מיט בוזעמס פול מיט כוואַ־ליעס און שאָקלט זיך בלאָ און גרין און געל.

,אַ מעווע, מיט אַ בויך פול מיט וואַסער, און אַ פיש־רעזערווע ביז מאָרגן, האַלט אונטער דעם תפילהדיקן מנחה־געשאָקל, אַהין און אַהער, אַהין און אַהער.

די זון, ערב־שקיעהדיק, וועבט אַ רויטע פישער־נעץ אַרום דער פּאַלמע, און וויל זי פאַנגען, וויל זי פאַנגען. און איז זיך גיך מייאש.

אַ פישער שלאָגט צו צום ברעג. פאַרציט אַ דיקן שטריק אַרום דעם שטאַם, און באַדויערט וואָס די פּאַלמע איז יונג, גאָר יונג, און אַליין. וועט זי אויסהאַלטן בייזע ווינטן, בייזע כוואַליעס?

עטלעכע מעוועס דרייען זיך אין קרייז. וואַרטן אויס ביז דער פישער און דער טאָג וועלן אַוועק. באַלד וועלן זיי וואַרפן זיך אין קאַמף פאַר אַ בעסער אָרט אינעם שיפל, פאַר אַ פאַרבאָרגן ווינקל צום גלוסטן, צום פאַרן זיך.

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

### יונה בערקמאַן — חתן פון דוד פּינסקי־ליטעראַטור־פּרעמיע

מוצ״ש דער 13טן מאַי 1978, אין די ראַמען פון די פייערונגען 30 יאָר מדינת ישראל, האָט דער ראש העיר פון חיפה ה׳ זיידיל אין גרויסן זאַל פון חיפה׳ר שטאָטראַט צוגעטיילט די ליטעראַטור־פּרעמיע א.נ. פון דוד פּינסקי דעם דיכטער יונה בערקמאַן פאַר זיין לידערבוך "ווייפריייד". די זשורי איז באַשטאַנען פון די ה״ה יונגמאַן, מיקאַם און רעזניק.

מיר באַגריסן אונדזער מיטאַרבעטער דעם דיכטער יונה בערקמאַן מיט דער באַקומענער פּרעמיע.

## יוסף קערלער

# צוטרוי

### און אַז דו וועסט ווע̇לן.

יהודה עלבערגן

און אַז דו ווע̇סט ווע̇לן,
אַלמעכטיקער,
קאָנסטו דאָס טאָן:
גיב מיר קראַפּט
אַרויסצוקריכן פון דער אייגענער הויט,
פון די אינגעווייד̇ן,
פון די אייגענע ווונדן און ווייטיקן —
כ׳מוז אויף אַ ווײַלע כאַטש
אַ בליק טאָן
אויף דער פּראַכט פון אַלטן
עץ הזית,
מיט יונגע צאַפּלענדיקע בלעטעלעך
אויף זײַנע
אויסגעהאָרעוועטע,
אויסגעקרימטע צווײַגן . . .
לאָז אויך מיר הערן,
ווי די ווינטן פון ירושלים
שפּילן אויף זיי אויס
אַ לויבגעזאַנג
צו דיר,
מײַן פאָטער!

## שענער

אויב פאַלן —
איז ווי אַ הירש אין מיטן שפּרונג

מיט די צעצווייגטע הערנער
אונטער
די צעבליצטע הימלען

אויב פאַלן —
איז ווי אַן אָדלער אין סאַמע פלי,
מיט הייסער ברוסט
אויף שאַרפסטן פעלדזן-שפּיץ...

— שיין?

שענער, —
ווען קיינער מערקט ניט,
ווען לייטן דרייען זיך
אין וואָכעדיקער יאָג-ראָד,
פּלוצים און געוויינלעך —
פאַלן ווי אַ מענטש,
אונטער דער לאַסט
פון טריישאַפט
און פון צוטרוי.

## ס'איז ווערט...

אַניעלען

כ'בין אפשר טאַקע, ווי דו זאָגסט,
אַ שטיקל סוס —
פאַר יעדן איינציקן געפּין איך אויס
אַ זכות,
נאָר נישט פאַר זיך
און, ווי דיר דאַכט, אויך נישט פאַר דיר...
טאָ וויפל איז דער שיער:
אַזוי פיל מאָל האָט מען מיין צוטרוי
אויסגעלאַכט,
און כ'קרענק נאָך אַלץ נישט
מיט קיין שטעכיקן פאַרדאַכט!

טאָ זאָל דאָס דיך נישט קימערן,
מיין אויסדערוויילטע,
פאַראַן נאָך טיפּשים, פּונקט ווי איך,
זאָל זיין געציילטע:
נאָך יעדן קין-קלאַפּ,
זיי הייבן אויף זיך,
טרייסלען אָפּ דעם שטויב
צוזאַמען מיט אַ שטיקל האַרץ,
וואָס גלויבט
און שפּאַנען ווייטער, עטוואָס איינגעבראָכן,
געבענטשט מיט יענער קללה,
צי געשטראָפט מיט יענער ברכה
פון שענקען צוטרוי דעם וואָס קומט אַנטקעגן...
און אויב דו ווערסט, מיין טייערע, מיך פרעגן:
צי איז עס ווערט?
כ׳וועל ענטפערן:
אויב איינער צווישן צען איז דאָס דערווערט
איז פאָרט כדאי צו וואָגלען אויף דער ערד.

## פורים פון תשל״ח

סאַראַ פּורים!
ס׳ציען פון די בערג אַראָפּ
די כמאַרע-נעפּלען
און טאַפּן איבער
ווי מיט לעפּקע לאַפּעס
דאָס דערשראָקן גראָז פון פייכטע טאָלן...

סאַראַ פּורים!
דער הימל איז, ווייזט אויס, דערצאָרנט —
זאָל כאָטש באַווייזן זיך
אַ שפּעלטעלע אַ בלויס:
אַ שמץ פון אַ שטיקל פרילינג-נס!

ס׳בליצט און דונערט
ס׳פּליוכעט בייז און קאַלט
אַ שלאַקס-רעגן,

נאָר זע, די אויסגענעצטע קינדערלעך
אין מיטן גאַס
זיי פרייען זיך, זיי טאַנצן
און זיי זינגען!
און ס׳קלינגען גלעקלדיק
און פריש
די שטימעלעך ווי ביי די פרילינג-פייגעלעך —
פילפאַרביקע קאַליבריס...
די אסתרלעך —, די מלכהלעך,
די צדיקימלעך און די "רשעימלעך"
און אַלע שטראַלנדיקע אחשתרנימלעך —
זיי לאַכן זייער פורים-שפיל
אַרום אַ לץ,
געקליידט אין בגדים רוצחישע —
אַרום אַן אַראַפּאַטן-מאַסקע...

זאָל זיין, אַז אונדזער ליבער פורים
שפּילט אויך אַ פּורים-שפּיל אַזאַ,
און קומען וועט ער,
אונדזער אויסגעבענקטער נס
אין קליידונג פון אַ פינצטערן
מחבל?...

די קינדערלעך, די יידישע,
זיי ווייסן אפשר עפּעס מער פון אונדז?

## אוי, לעבן מיינס...

אוי לעבן מיינס, —
מיין לעבעניו,
צו וועלכע שוואַרצע יאָר —
איך צאָל און צאָל אַלץ רבי-געלט
און כ׳זע נישט קיין קאַיאָר,

דו צימבלסט מיך,
דו נעריקסט מיך —

נישטאָ קיין גאַנצער גליד,
די ווונד-ריסן איך צערעוווע
מיט גראַמען פון מיין ליד...

די יאָרן מיינע שראַמען זיך,
די נאַרישקייט — פאַרבלייבט
און ס'לייכט די קינדער-שטאַמלעניש
דורך דעם צעשמיסן לייב.

די יאָרעלער, זיי זאַמלען זיך,
ווי רינגען אויף אַ שטאַם
מיט יינגלשקייט זיי גראַמען זיך
ביז צו דעם לעצטן גראַם.

באַגלייך ס'וואָלט קיינמאָל קיינער ניט
מיין צוטרוי צוגערויבט —
מיין גורל ברעכט די ביינער מיר
און כ'זינג צו דעם א לויב:

לאַנג לעבן זאָלסטו,
לעבן מיינס,
דיין קאַנטשיקל סע שניידט!
מיין ליובעניו, מיין רביניו,
נישט יאָג מיך פאַר דער צייט!

## מה רעש?

און טאָמער ביי דעם האַרצן
אזוי נודנע נאָיעט
דאַרף מען טאַקע איינוויקלען
די גאַנצע וועלט אין טרויער?

מה רעש? —
די שרפהנדיקע זון
זי שמייכלט היימיש פון זעניט
דער סאַמע עלטסטער איילבירט-בוים —
אין סאַמע יינגסטן צוויט!

מה רעש,
ווי פרישער קוואַלן-טוי,
אויף הייסן שלייף איך שפּיר:
מיין מאַמע-קינד, מיין מאַמע-פרוי,
מיין איינע איז מיט מיר.

מה רעש?
מיין זון, לאַנג לעבן זאָל,
דער שומר פון גליל:
איין האַנט איז וואַך אויף קאַלטן שטאָל
די צווייטע צערטלט שטיל, —

מה רעש? — אַ גאָלדן פישעלע —
די ערשטע מיידל-האַנט
און ס׳גאַפן באַרג און טאַליקייט,
לבנהקייט פון לאַנד.

מה רעש,
מה רעש? —
אַ זיסער זיפץ און אויך
אַ טיפער קרעכץ —
איך האָב א לאַנד מיט אַל דאָס גוטס,
מיט אויך נישט ווייניק שלעכטס

מה רעש?
ווער מאַכט עס היינט אַ רעש?
וואָס קאָן אַ האַרץ דען טאָן
אויב ס׳קלאַפּט אין דעם דאָס הייסע אַש
פון מיינע זעקס מיליאָן?

הרב מנחם גוטמאַן

# אַ מעשה וועגן בעל־שם־טוב

יענער שבת־שירה איז אין מעזשבעזש געווען אַ פריידיקער און פריילעכער. חוץ די שטענדיקע חסידים און תלמידים, וואָס האָבן געלערנט אין בעל־שמס בית מדרש, זענען אויף יענעם שבת געקומען צום בעל־שם נייע אורחים, חשובע לומ־דים פון די אַרומיקע שטעט און שטעט־לעך אין וואָלין, פּאָדאָליע און די קאַר־פּאַטן, צווישן זיי אפילו גאונים פון דער ליטע.

געווען איז יענער ווינטער אַ מחוץ לדרך־הטבע ווינטער. אָנהייב חודש טבת האָבן זיך געשטעלט קעלטן און פרעסט און שפּעטער אויך ווינטן און זאַווערו־כעס. די חסידים און לומדים, וואָס זע־נען געקומען צום מנהיג, זענען ניט גע־קומען צו וואַרעמען זייערע גופים, דעם חומר, נאָר זייערע נשמות, זיך געוואָלט צעפלאַקערן אַרום דעם אש־קודש, דעם הייליקן פייער, פון מנהיג החסידות. חוץ דעם איז יענער שבת־שירה אויס־געפאַלן אַ טאָג פאַר חמשה־עשר בשבט, ראש־השנה לאילנות, דער ניי־יאָר פון די ביימער. דער בעל־שם־טוב איז גע־ווען דער "אילנא דחיים", דער לעבע־דיקער בוים פון דור, ווייל ווי אַ בוים, וואָס שיצט מיט זיינע צווייגן און בלע־טער די פירות, אַזוי האָט דער בעל־שם מגין געווען אויף זיינע תלמידים, חסידים, וואָס זענען געקומען זוכן שוץ אין זיין שאָטן און נהנה זיין פון זיינע גייסטיקע פירות.

שבת פאַר נאַכט, "שעת רעווה דרע־וין", ווען די גאַנצע אַטמאָספערע איז זאַט פון קדושה און די לופט איז בלוי פון קדושה, ביי דער דריטער סעודה, האָבן די תלמידים אַרומגערינגלט דעם רבין ביים טיש און געוואָרט מיט גרויס התלהבות, מיט אינערלעכן געצאַפּל אויף זיין וואָרט. און אַז דער בעל־שם האָט געזאָגט תורה זענען זיינע רייד געפאַלן פון מויל ווי ברענענדיקע קוילן. דער בעל־שם האָט זיין תורה ניט פאַרשריבן, ווייל דאָס געשריבענע — האָט ער גע־זאָגט — איז דאָס פאַרגליווערטע, און דאָס גערעדטע איז לעבעדיק. פאַרשרי־בענע ווערטער זענען געגליכן צו טויטע אויסגעריסענע שטאַמען און דאָס גע־זאָגטע צום לעבעדיקן וואָרצל. נאָר אין מויל פון די "יודעי־חן, פון די, וואָס וויסן דעם מיין, די נשמה פון דער זאַך, ווערט דער כתב צוריק לעבעדיק. בלויז געציילטע פון זיינע תלמידים, ווי ר' יעקב יוסף פּאָלאָנער און ר' בער מעזריטשער האָבן פאַרצייכנט דעם רבינס תורה, און אַזוי זענען אויפגע־שריבן געוואָרן די ספרים "תולדות יעקב יוסף" און "מגיד דבריו ליעקב".

ליכטיק איז געווען ר' ישראל בעל־שם־טובס תורה און זיינע כוונות — טיפער ווי די אָפּגרונטן. אין זיינע טעג־לעכע חזיונות האָבן זיך באַוויזן אחיה השילוני און אין זיינע נעכט דער זוהר־דיקער ר' שמעון בן יוחאי; און אַלץ האָט ער געוווּסט, קיין זאַך איז פאַר אים ניט געווען פאַרגראָבן. ער האָט געשפּירט דעם אָטעם פון דער יצירה, פון באַשאַף; באַנומען אַלע קלאַנגען פון דער נאַטור; דעם ציטער פון אַ בלאַט און דעם שאָרך פון ווינטל. ער האָט געפילט ווי אַ גרעזל וואַקסט און האָט פאַרשטאַנען דאָס רעשיקע לשון פון שטורעם און זאַווערוכע, ווי דאָס שטומע לשון פון ליים, באַרג און היגל.

די קבלה האָט אים דורכגעלויכטן דעם סוד פון די זאַכן. ברענענדיקע זעקס־פליגלדיקע מלאכים האָבן מיט אים גערעדט. ער האָט אין יעדן עצם געזען סודות, אָבער פאַר אים האָבן זיך די סודות געעפנט, געשטאַנען פאַר אים ווי געהאַרכזאַמע קנעכט. נסים זענען אויפגעגאַנגען מיט יעדן טראָט זיינעם און עס איז געווען ווי אין פסוק שטייט ״והיה כעץ שתול... ונשא פרי למעלה״, ווי אַ בוים זענען זיינע וואָרצלען טיף אין גרונט און טראָגן פרוכט אויבן.

אָבער אין יענעם שבת פאַר נאַכט, ביי שלוש־סעודות האָט דער רבי ניט געזאָגט קיין תורה. ער איז געווען פאַרטיפט אין כוונות, און בלויז פון צייט צו צייט אויפגעהויבן די ליכטיקע אויגן און געקוקט אין מרחקים.

ביים טיש, לעבן בעש״ט, איז געזעסן זיין בייער גרויסער תלמיד, אַ ליטווישער למדן, וואָס איז געוואָרן אַ חסיד, ר׳ פנחס שקלאָווער, וועמען מען האָט גערופן דער חכם פון די תלמידי הבעל־שם־טוב. און אַז דער רבי האָט פלוצלינג געעפנט די אויגן און אָנגעהויבן שמייכלען, איז ר׳ פנחס געחוען דער ערשטער וואָס האָט אים געפרעגט: ״לשמחה מה זו עושה? וואָס עפּעס אַזאַ ליכטיקער שמייכל?״ אַנשטאָט תורה האָט אים דער בעל־שם געענטפערט מיט אַ משל:

אין אַ ווייטער מדינה האָט אַ מאָל אַ גרויסער שר אויפגעבויט אַ פּאַלאַץ. ס׳האָט גענומען יאָרן און יאָרן ביז דער פּאַלאַץ איז פאַרטיק געוואָרן און ער האָט אָפּגעקאָסט אַ מטמון, טויזנטער גאָלדענע רענדלעך. ויהי היום, מאַכט זיך, אַז אַ צדיק איז דורכגעפאָרן די שטאָט, ווו דער פּאַלאַץ איז געשטאַנען. געווען איז דער צדיק אַ נסתר, איינער פון די ל״וניקעס, פון די זעקס און דרייסיק צדיקים, וואָס אויף זיי שטייט די וועלט. ווען דער פאַרבאָרגענער צדיק איז דורכגעגאַנגען דעם שיינעם גאָרטן מיט די הויכע ביימער, באַלאָדענע מיט פירות, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעקליבן אַ בוים און לעבן אים זיך געשטעלט דאַווענען מנחה. געווען איז עס אַ שבת־דיקע מנחה, וואָס ווערט פאַררעכנט אין הייליקן ״זוהר״, ווי די חשובסטע תפילה פון אַלע שבת־תפילות. געזאָגט האָט דער צדיק מיט גרויס דבקות דעם וויג־טערדיקן קאַפּיטל תהלים ״ברכי נפשי״, ווו דער געטלעכער משורר דוד המלך באַזינגט די נאַטור, דעם דומם, וואָס מאַכט שפּראָצן די גראָזן און מאַכט וואַקסן פירות פאַרן געגוס פון די מענטש־קינדער. — — ״מפרי מעשיך תשבע הארץ, ישבעו עצי ה׳ ארזי לבנון אשר נטע... יצא אדם לפעלו ולעבודתו עדי ערב... מה רבו מעשיך ה׳ כולם בחכמה עשית, מלאה הארץ קניניך״ — ״פון די פרוכט פון דיין ווערק ווערט זאַט די ערד. אַנגעזעטיקט זענען די ביימער פון גאָט, די צעדער פון לבנון וואָס ער האָט פאַרפלאַנצט. ווי גרויס זענען דיינע מעשים, גאָט, דו האָסט זיי אַלע מיט חכמה באַשאַפן, פול איז די וועלט מיט דיינע ווערק.״ — —

און דער בעל־שם האָט ממשיך געווען, פאַרגעזעצט דערציילן:

אין מיטן צדיקס תפילה האָט אָנגעהויבן נידערן אַ שלאַקס־רעגן. אים איז איינגעפאַלן, אַז דער שר האָט אויפגעבויט דעם פּראַכטפולן פּאַלאַץ נאָר צוליב דעם כדי ער, דער צדיק זאָל דאָ אַ מאָל קומען און דאַווענען אַ מנחה און ער איז אַריין אין פּאַלאַץ זיך צו שיצן פאַרן רעגן...

שפּעטער, ווען דער רעגן האָט אויפגעהערט און די זון האָט אָנגעהויבן אַרויסשיינען פון די צעפליקטע וואָלקנס, איז דער צדיק ווידער אַרויסגעגאַנגען פון פּאַלאַץ, כדי ממשיך זיין דאָס תהלים זאָגן אונטער די ביימער, און דאָ — זעט אַ וווּנדער! ווי נאָר דער צדיק האָט פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ, האָט דער בנין אָנגעהויבן זינקען טיף אין דער ערד, ביז ער איז אין גאַנצן איינגעזונקען... — דער בעל־שם האָט זיך צעלאַכט און די יושבים, די תלמידים, האָבן פאַרשטאַנען דעם רמז, דעם מוסר השכל: די השגחה האָט צוגערייט דעם

גאַנצן פּראַכטפולן פּאַלאַץ פאַר איין תפי־לה פון איין צדיק, די תפילה פון אַ ל״וניק. דער ״ליטוואַק״ ר׳ פּנחסל האָט מער ווי אַלע אָנגעקוואָלן פון רבינס משל.



מוצאי שבת, נאָך הבדלה האָט דער בעל־שם אַריינגערופן זיין שטענדיקן בעל עגלה, דעם אַנטרייבער אַלעקסי, אים געהייסן איינשפּאַנען פערד און וואָגן, ווייל מען גרייט זיך צו אַ נסיעה. דער בעל־שם האָט זיך נוהג געווען מיטצו־נעמען אויף זיינע נסיעות אַ מנין פון זיינע חשובע תלמידים. דאָס מאָל איז דער נייער תלמיד, ר׳ פּנחס שקלאָווער געווען צווישן די מיטפאָרער. פאַר דער נסיעה האָט דער בעל־שם אַנטפּלעקט פאַר די תלמידים, אַז מען פאָרט קיין לעמבערג. פאַרוואָס דווקא קיין לעמ־בערג? ווייל עס זענען דעמאָלט געווען שווערע צייטן. דער טערק האָט געפירט מלחמות מיט די אייראָפּעישע מדינות און אחינו בני ישראל זענען געווען די קרבנות פון די מלחמות.

ווי באַוווּסט, פלעגט דער בעל־שם דורכמאַכן זיינע שווינדלענדיקע רייזעס מיטן כוח פון אַ ״שם״ פאַר ״קפיצת הדרך״. זיין מנהג איז געווען, ווי נאָר די הייזער פון מעזשעביזש זענען פאַר־שוווּנדן און מען האָט זיך געפונען ביים שיידוועג, פלעגט ער הייסן דעם בעל עגלה אַלעקסי אויסדרייען דאָס פּנים צו די זיצנדיקע אין וואָגן און די פערד האָבן שוין אַליין געוווּסט זיך צו יאָגן און יאָגן און דערלויפן ביז דער שטאָט. ווען דער בעל־שם מיט זיינע תלמידים זענען אין גרויען פרימאָרגן אָנגעקומען קיין לעמבערג, איז שוין געווען חמשה־עשר בשבט.

נאָכמיטאָג האָט דער בעל־שם גע־זאָגט דעם ״מנין״, אַז זיי וועלן אַרויס־גיין מיט אים אין וואַלד, דאָרטן דאַוונען מנחה צווישן די ביימער, כדי צו געבן אַ ״תיקון״ די ביימער פון גאָט ברוך הואס באַשאַף טאָקע הייַנט, אין ראש השנה לאילנות. ווי נאָר דער רבי מיט די תל־מידים זענען אַרויס פון שטאָט, האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ געדיכטער שניי, וואָס האָט באַדעקט די ערד ווי מיט ווייסע תכריכים.

געקומען אין וואַלד האָבן זיי געזען די ביימער איינגעהילט אין ווייסע צו־דעקן, דער גאַנצער וואַלד איז געווען איין שטיק ווייסקייט. דער בעל־שם האָט באַקוקט די ווייסקייט, די פאַרפרוירענע ביימער און די פּראַסטיקע ליכטלעך — די צווייגן, נאָכדעם האָט ער זיך אַרומ־געוויקלט מיט זיין גאַרטל און אָנגע־הויבן זאָגן דאָס קאַפּיטל ״אשרי יושבי ביתיך״ — ווייל איז צו די, וואָס זיצן אין דער היים... דאָ איז קאַלט, פּראָס־טיק, אַלץ גליווערט... דער בעל־שם האָט געזען ווי אַ טרויער ליגט אויסגע־גאָסן אויף די פּנימער פון זיינע באַ־גלייטער. דאָרט, אין דער היים, זענען זיי דאָך געוווינט געווען צו פּראַוון דעם וואָכעדיקן יום־טוב מתוך שמחה, ביי גע־גרייטע טישן מיט ארץ־ישראל־פּירות, און זיך כאַטש אין דער מחשבה אַרי־בערגעטראָגן אין יענעם ווייטן וואַרעמען הייליקן לאַנד... און היי־יאָר? — קריג און מלחמות. מען איז אָפּגעריסן פון דער וועלט און מען קאָן אפילו ניט באַ־קומען קיין נייע זיסע פּרי פון ארץ־הקודש אויף אַ ״שהחיינו״. דער דרך החסידות — האָט דער רבי געלערנט — איז נאָר דורך שמחה, ווי עס שטייט געשריבן ״עבדו את ה׳ בשמחה, בואו לפניו ברננה״ — דינט גאָט מיט פרייד, קומט פאַר אים מיט געזאַנג, נאָר גיי זיי פריילעך ווען אויף דער וועלט איז מלחמה, עס גיסן זיך טייכן בלוט און איין צרה יאָגט די אַנדערע...

האָבן זיך די תלמידים מצער געווען, אָבער אויפן רבינס פּנים איז געווען אויסגעגאָסן אַ מנוחהדיקע פרייד. ער איז געשטאַנען לעבן אַ פאַרפרוירענעם בוים, די ליכטיקע אויגן געווענדט צום פאַרגליווערטן הימל און געזאָגט: ״עיני־כל אליך ישברו ואתה נותן להם אכלם בעתם״ — אַלע אויגן זענען געווענדט צו דיר, רבונו של עולם, און דו גיסט

זיי זייער שפּייז אין דער צייט. ער האָט געבעטן אויף פּרנסה, מזונות און גע־מאָנט ביים רבונו־של־עולם די פּירות פון סעזאָן אין ארץ ישראל. דאָרט איז דאָך כולו זומער. — "אַי־אַי, רבונו־של־עולם, "פּותח את ידיך ומשביע לכל חי" — דו עפנסט דיין האַנט און זעטיקסט אַן יעדעס לעבעדיקע באַשעפעניש."

טראָפּנס שווייס זענען גערונען פון בעל־שמס פּנים, ווי עס וואָלט דאָ ניט געווען קיין חמשה־עשר־בשבט־קעלט, נאָר תמוז, און פּלוצלינג, זענען די בליי־ענע וואָלקנס זיך צעגאַנגען און אַ זון האָט אָנגעהויבן שטראַלן אויף יעדן בוים, אויף יעדן בלעטל. די ביימער האָבן אָנגעהויבן אויסשיילען פון זיך די ווינטער־קאָרע, באַגילדט געוואָרן מיט זון־קרוינען. — דער רבי האָט געזאָגט די פּסוקים און מיט יעדן פּסוק האָט זיך באַוויזן אַ גרין בלעטל אויף אַ צווייגל, ווייסע בלומען און גרינע קנאָספּן ווי אין ניסן האָבן זיך באַוויזן אויף די וואַלד־ביימער. דער בעל־שם האָט **געענדיקט "אשרי", אָפּגעזאָגט** האַלב־קדיש און זיך געשטעלט שמונה־עשרה.

ווען די תלמידים זענען אויסגעשטאַנען די תפילה און געוואַרט אויפן רבינס חזרת הש"ץ, האָבן זיי דערזען פּירות אויף די ביימער, ממש ארץ־ישראל־פּירות אין וואַלד ביי לעמבערג, אויף דער קאַלטער און פרעמדער גלות־ערד... פּלאי־פּלאים! זייערע הערצער און נש־מות האָבן מיטגעזונגען מיט די ביימער, מיט די פּירות, "אז ירננו כל עצי היער" — דעמאָלט וועלן זינגען אַלע וואַלד־ביי־מער, "צדיק כתמר יפרח" — "דער צדיק וועט בליען ווי אַ טייטלבוים". געענ־דיקט די תפילה, האָט דער בעל־שם אָפּ־געריסן עטלעכע פּירות פון די ביימער, געגעבן יעדן תלמיד אַ פּרי און מיט גרויס כוונה האָבן אַלע געמאַכט די ברכה "שהחינו", און עס האָט זיך גע־דאַכט, ווי אַלע ביימער אין וואַלד ענ־פערן "אמן!". טועם געווען פון די פּי־רות, האָט מען געמאַכט דעם "על העץ **ועל פּרי העץ" די לעצטע ברכה, און** דער בעל־שם האָט באַפוילן אַלעקסין איינשפּאַנען די פערד אין וואָגן.

זיך אַריינגעזעצט אין וואָגן, האָט דער בעל עגלה, ווי זיין מנהג איז געווען, גענומען די לייצעס און אַ זאָג געטאָן "וויאָ פערדעלעך", נאָר די פערד האָבן זיך ניט גערירט, ווי זיי וואָלטן מיט די קאָפּיטעס איינגעזונקען אין דער אדמה. מה זה? וואָס קען עס באַדייטן? — האָבן די תלמידים געווענדט די אויגן צום אַלץ־ווייסער דעם רבין? אָנשטאָט אַן ענטפער האָט ער זיי געפרעגט:

— האָט צומאָל איינער פון אייך מיט־גענומען מיט זיך אַ פּרי פון וואַלד?

— יאָ, איך! איך האָב גענומען איין פּרי, כדי צו באַווייזן די מתנגדים פון לעמבערג כוח־הצדיקים, דעם נס פון רבינס חמשה־עשר — האָט איין תלמיד געענטפערט.

— אויב אַזוי, עס גלייך אויף די פּרי — דעם נס, די ענדערונג אין מעשה־בראשית, דאַרף בלייבן צווישן אונדז, די פּירות זענען מן השמים און זיי זענען געגליכן צו מן, וואָס האָט געדינט אין דער מדבר. ביים מן שטייט "לא תותירו ממנו עד בוקר" — גאָרניט זאָל בלייבן פון אים... און אַז פון דער פּרי איז גאָרניט געוואָרן, האָבן זיך די פערדלעך מיטן כוח פון שם אָנגעהויבן יאָגן און יאָגן און מיטן סוד פון "קפיצת הדרך" זענען זיי נאָך עטלעכע שעה געווען צו־ריק אין דער היים.

און יענעם חמשה־עשר האָט דער בעל־שעם גערעדט צו זיין בייעם חריפותדיקן תלמיד ר' פּנחס: וויסן זאָלסטו מיין תלמיד, אַז אַ מענטש דאַרף אַ מאָל פאָרן **מיילן און מיילן, כדי זוכה זיין צו מאַכן** אַ "שהחיינו".

מהיום והלאה — פון יענעם טאָג אָן, האָט זיך ר' פּנחס שקלאָווער, וועמען מען האָט שפּעטער גערופן ר' פּנחס קאָרעצער, נוהג געווען צו מאַכן אַ סעו־דה, ביי וועלכער ער פלעגט דערציילן די מעשה פון חמשה עשר אין לעמבער־גער וואַלד.

עליע ווערבלון

# לירישע שורות

* *
*

עמעצער האָט מיר צוגעוואָרפן
אַ ליכטיקן באַגין,
סתּם-אַזוי... נעם!...
האָב איך אים גענומען —
כאָטש איך האָב אים גאָרנישט פאַרדינט —
אויף מיינע פּלייצעס,
צוזאַמען מיט די בערג,ביימער אין גרין.

אַ ליכטיקע משא טראָג איך אויף זיך
און מיטן וועג-נישט-וועג
גיי איך ערגעץ אַהין,
ווּ דער סוף און דער אָנהויב
זענען צוזאַמענגעשפּינט...
אָט-באַלד וועל איך אויך זיין
אין מיט פון זיין מיט,
וואָס איז דורכזיכטיק אַזוי
און ריין-ריין,
ווי ערשט-געפאַלענער טוי.

עמעצער האָט מיר צוגעוואָרפן
אַ ליכטיקן באַגין.
כ׳האָב אים גאָרנישט פאַרדינט...
נעכטן האָב איך דאָך אַליין געזען,
ווי די וועלט איז איינגעפאַלן,
ווי די הימלען צוזאַמען מיט די שטערן
זענען זיך צעפלויגן
שטיקער, שטיקער...
דאָס האָב איך דאָך געזען מיט מיינע
אייגענע אויגן...

און היינט... היינט איז ווידער זון,
ווידער בלויקייט און פיאָלעטן
אין הויכקייט, אויבן,
ווידער גרין פון גראָז אוןביימער
און ווידער פייגל,
ווידער פּאָרקנדיקע טויבן...
און די בערג פון ווייטן
אין טיול פון טוי באַצויגן.

ווייס איך ניט אַצינדערט
וועמען גלויבן:
דעם ווירבל פון דעם נעכטן,
אָדער גאָר די שלווה פון דעם היינט?
ביידן האָב איך זיי פאַר מיינע אויגן!

אַזוי פיל מענטשן האָבן היינט
פריינטלעך מיך געגריסט,
מענער, פרויען — סתם אומזיסט-אומנישט.
און מיין גרוס צו זיי
איז אויך אַזוי.
דער בלויער הימל
האָט אונדז אַלעמען באַקרוינט
און די זון — באַשיינט.

געלויבט זיי טאָג פון ליבשאַפט
סתם אָן שום באַשייד!
געלויבט זיי פרייד
אויף אַלער אייביקייט!

*　*
*

פאַר ל.ג.

בין איך געגאַנגען צו דיין שטיבעלע
דאָס קליינס
און אויף דער שוועל געזעצט זיך,
נישטאָ פאַר מיר קיין אַנדער היים.
די רחבות דריקט מיך — שיער צום אונטערגיין.
פאַר מיין נשמה דאַרף איך
עפּעס נאָענטס און קליינס...

געבענטשט זאָל זיין די זון
און די בלויקייט פון הימל,
וואָס האָבן פאַרפלייצט דעם אַרום-אַרום
און מיין געמיט, מיין האַרץ
און מיין בליק
מיט שיין פאַרגאָסן,
כאָטש אין מיין זכרון,
צי וויל איך, צי נישט,
הענגט נאָך דער נעכטן,
אַ שוואַרצער פאָרהאַנג,
אַ פלעק נישט נישט אָפּצומעקן
אפילו פון דעם ליכטיקסטן פרימאָרגן.

געבענטשט זאָל זיין די זון
און די בלויקייט פון הימל,
וואָס האָבן אויף אַ ווייל
מיט שיין פאַרגאָסן
דעם פיין . . . און די אַלע פאַרדראָסן.
כאָטש איך בין שוין נישט יונג,
זענען מיינע טריט
אין גאַנג
דורך בלויקייט און דורך זון . . .
און צו די ווייטע בערג
כ׳וויל דערלויפן,
אָדער גאָר אַ פלי טאָן
מיט איין שפרונג.

איך זאָג: — מיין פריינט,
נישט געבויהןָ ביסטו היינט
און ס׳איז שוין צייט,
ווי דער שטייגער איז ביי לייט,
די עלטער אָנצוטאָן אויף זיך
און נישט לויפן סתם-אַזוי גיך-גיך.
די יאָרן פאַרן מענטש
זענען אויסגעציילט,
זיבעציק, אַכציק, ניינציק
און אַן עק,

און דערנאָך... יעדער גייט זיך
אויף זיין ״הימעלע״ אַוועק,
צו קוקן פון דער הויך
אויף די קינדערלעך אַראָפּ
און ווי אַזוי די זון זי לויכט
אויף נייע דורותלעך אַראָפּ...

איך רייד די רייד צו זיך
און גיי זיך מיר מיין גאַנג גיך-גיך.

## נייע ביכער

**ישעיהו שפּיגל** — **״צווישן תוו און אלף״** — געזאַמלטע לידער. פאַרלאַג ״ישראל־בוך״. תל־אביב, תשל״ח—1978. 344 זייטן.

**ישעיהו שפּיגל** — **״צוויי דערציילונגען** — ״שני סיפורים״ מיידיש: **מרדכי אמיתי** (געדרוקט אין אָריגינאַל און אין דער העברעישער איבערזעצונג). ״ישראל־בוך״, תל־אביב תשל״ח—1978. 142 זייטן.

**אברהם ווייץ** — **״בעל־שם־טוב־מאָטיוון און אַנדערע דערציילונגען״** פאַרלאַג ״זלמן שניאור״ פאַריז, תשל״ז—1977. 240 זייטן.

**״וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידיש און יידישער קולטור פאַרגעקומען אין ירושלים דעם** 23סטן — 26סטן אויגוסט 1976״, אַרויסגעגעבן דורך דער וועלט־ביוראָ פאַר יידיש און יידישער קולטור מיט אַן אַריינפיר פון יצחק קאָרן. 248 ז״ז.

**י. הירשהויט** — **״דער ניגון פון נעכטן״** (דערציילונגען) פאַרלאַג י.ל. פרץ. תל־אביב תשל״ח — 1978. 256 ז״ז.

**אברהם לים** — **אין דער מחיצה פון שאַפער** — עסייען און קריטישע עטיודן בעיקר וועגן יידישע שרייבער און דיכטער אין ישראל. מיט אַ פּאָרטרעט פון מחבר געצייכנט פון **משה בערנשטיין**. פאַרלאַג י.ל. פרץ תל־אביב 1978. 270 ז״ז.

## פון רעדאַקציע

**דאָס בוך "די רויטע קאַפּעליע" פון לייב טרעפּער, אַרויסגעגעבן דורכן "ירושלימער אַלמאַנאַך, (יידיש — מ. מעלמאַן) — איז דערשינען מיט דער הילף פון די פריינד**

דוד זיסקינד — בעלגיע
שאַרל קנאַבלער — בעלגיע
סאָניא גאָלדמאַן — בעלגיע
לעאָן סאַלאָמאָן — פּאַריז
אַדוו. חיים קערבער — פּאַריז
א. אײַזער — פּאַריז
משה זאַלצמאַן — פּאַריז
ה. גאָלדפינגער — פּאַריז
י. פּערעלמאַן — פּאַריז
סולעוויטש (לאַרגאָ) — דאַנקערק
יודל קאַרמאַן — פּאַריז
הערש מאיר פּראַווערמאַן — פּאַריז
י. שפּיגל — ניו־יאָרק
מ. גאָלדשטיין — ניו־יאָרק
אַלעקס ראַבין — לאָס־אַנזשעלעס
י. מאַרקיעוויטש — קאָפּענהאַגן
ס. בערקאָוויטש — שטאָקהאָלם
אַ. בערניקער — ירושלים
יעקוב גוטפריינד — ירושלים
איטשע עליזאָן — ירושלים
שמואל בוכשטיין — ירושלים

די רעדאַקציע פון "ירושלימער אַלמאַנאַך" און דער טרעפּער בוך־קאָמיטעט אין ירושלים דריקן אויס זייער אַנערקענונג און האַרציקן דאַנק די אַלע פריינד, וועלכע האָבן דערמעגלעכט דאָס דערשיינען און דעם פאַרשפּרייט פון בוך.

# פאַרקריצט אין זכרון...

**חיים מאַלטינסקי**

## לאַגער־נומער: א.ג. — 911

אינעם בלוטיקן 1937־טן יאָר, בין איך אין מינסק געווען נאָענט מיטן יידישן דיכטער הענעך שוועדיק, מיט מיין צוקונפטיקן שוואָגער, געאייניקט האָט אונדז ביידן דאַן, אויסער אַלעמען, דער פאַקט, וואָס די נ.ק.וו.ד. האָט אונדז דאַן ביידן געלאָזן אָן ברויט, מיך האָט מען פאַר נאַציאָנאַליזם אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט אין דער קינדער־צייטונג "יונגער לעניניעץ" און אויסגעשלאָסן פון קאָמיוג און אים, שוועדיקן איז געווען אויסגעדריקט פּאָליטישער אומצוטרוי, ווייל די נ.ק.וו.ד. האָט אַרעסטירט דאַן זיין שוואָגער דעם דעמלדיקן פאַרטרעטער פון מיניסטער פאַר פאָלקס־בילדונג אין ווייסרוסלאַנד, יוסף גערשאָן, דערקלערט אים אַלס שונא פון פאָלק און געשאָסן.

למען האמת, בין איך זיך מודה און מתוודה, אַז אַנטפּלעקט האָט זיך פאַר מיר אין איר גאַנצער קאָלאָסאַלער גרייס די פּאַנאָראַמע פון סאָוועטישער "ווירקלעכקייט" ערשט דאַן, ווען מע האָט מיך אַליין פאַרשטופּט אין סטאַלינישן טויט־לאַגער, נעמלעך, אין "טיישעטלאַג", איינע פון די צענדליקער גרויסע אָפּטיילונגען פון דעם צענטראַלן "גולאַג", אין אירקוטסקער טייגאַ, אַ פינף הונדערט קילאָמעטער פונעם "אַרעסטאַנטישן" רוסישן בייקאַל . . .

מיין אַרעסטאַנטישער לאַגער־נומער איז געווען — א.ג.־911 (אומגעפער, מיין איך, אַז אַזעלכע לאַטעס אָן אַ נומער, האָבן געטראָגן אין מינסקער געטאָ מיין מאַמע אסתר־ברכה, מיין פרוי סטערע און מיין זיבניאָריקער זון נפתלי נאָך מיט צען יאָר פאַר דעם אינעם 1942־טן יאָר).

מיין נומער א.ג.־911 האָט שטענדיק באַדאַרפט זיין ניט צעקנייטשט, אויסגעגלעט, דייטלעך, און צוגענייט איין לאַטע־נומער אויף דער קני פון לינקן פוס (ביי מיר איז דער נומער געווען אויפן פראַטעז) און די צווייטע לאַטע אויפן רוקן פונעם שוואַרצן בושלאַט — דער אַרעסטאַנטסקער אייבער־בגד אויף די סיבירער בלענדנדיקע שנייען, האָט דער "זעקא" (די רוסישע ראָשי תיבות פונעם וואָרט זאַקליוטשאָני פאַרשלאָסענער) אין זיין בושלאַט אויסגעזען, ווי אַ שוואַרצע וואָראָנע . . .

דער סוד פון מיין לאַגער־נומער איז פאַר מיר צוערשט געווען ניט צוטריטלעך, נאָר ביסלעכווייז האָב איך דעם טשעקיסטישן "קראַסוואַרד" אַליין, אָן קיינעמס הילף "צעקייט" גאַנץ איינפאַך און פשוט. יעדעס איינציק אות אינעם נומער האָט באַטראָפן — 1000 אַרעסטאַנטן. דער ערשטער "א" פון נומער האָט באַטייט, אַז דער גאַנצער סדר פונעם רוסישן אלף־בית מיט די 32 בוכשטאַבן איז שוין איין מאָל דורך. דאָס הייסט, אַז 32 טויזנט מענטשן האָבן זיך שוין לאַנג געמוטשעט אַלס פּאָליטישע פאַרברעכער, סאָוועטישע שקלאַפן אין די לאַגער־פונקטן פון די גרויסע לאַגער — "באַלעבאַטישקייטן" — טיישעט־לאַג". אַצינד גייט

נאָכן ״ב״ אין מײַן נומער דער בוכשטאַב — ״ב״ דאָס האָט געהייסן, אַז נאָך דעם ווי איין פולער אלף־בית מיט אַרעסטאַנטן זענען שוין געווען — ״איינגעגלידערט״ אין ״טײַשעט־לאַג״, איז מען אַריבער ״ציילן״ דעם אלף־בית דאָס צווייטע מאָל. און פון א ביז נ האָט איר אַ קיימא־לן פון 13 בוכשטאַבן, ציילט אדרבה איבער אויף די פינגער, הייסט עס, אַז אויסער די 32 טויזנט מענטשן — נומערן זענען ביז מיר צוגעקומען אין ״טײַשעט לאַג״ נאָך 13 טויזנט מאַן דערנאָך פיגורירט אין מײַן נומער דער ציפער 911. ער האָט באַטײַט, אַז ביזן ווייטערדיקן רוסישן בוכשטאַב ״אָ״ פעלן נאָך 89 מענטשן־נומערן. אין איינֿיקע טעג אַרום איז אויף אונדזער לאַגער־פונקט געקומען נאָך אַ פרישע גרופע אַרעסטאַנטן און בײַ זיי האָבן זיך שוין טאַקע געצירט אויף די לאַטעס די בוכשטאַבן — ״אַ אָ״ און אַזוי ווייטער. די נומערן זענען געוואַקסן און געענדערט זיך. בעת מײַן זײַן אין ״טײַשעטלאַג״ האָבן זיך שוין אַרומגעדרייט אַרעסטאַנטן מיט די בוכשטאַבן ״פּ״ און ״ר״. די סטאַלינישע פאַרניכטונג־מאַשין האָט געאַרבעט אין פולן גאַנג . . .

לאַנג האָט מען די אַרעסטאַנטן אויף איין לאַגפּונקט ניט געהאַלטן, אַ צוויי דרײַ חדשים. מע האָט זיי, ווי טשערעדעס שאָף איבערגעטריבן פון איין לאַג־פּונקט אויפן אַנדערן לענגויס דער גאַנצער טראַסע, פּאַזע דער אײַזן־באַן־ליניע טײַשעט — אײַבאַקאַן. און לאַג־פּונקטן איז אין אירקוטסקער געגנט געווען, קיין ״עין־הרע״, זייער אַ סך, אַזוי ווי די וואָראָנעסטן אויף די יעלן און סאָסנעס אין דער טײַגאַ.

מע האָט די ״שונאים פון פאָלק״ געמישט און געטוישט, אַזוי ווי קאָרטן, זיי זאָלן זיך ניט ״זניוכען״ צווישן זיך, זיך ניט קאָנען אָרגאַניזירן צו אַנטלויפן, אָדער צו מאַכן בונטן און אויפשטאַנדן.

די אַרעסטאַנטישע נומערן אויף די צעפליקטע פאַרשמאַלצענע וואַטאָווע הויזן און אויף די צעקנייטשטע צעסמאַליעטע בושלאַטן זענען געווען צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, טאָמער וועט עמעצן אײַנגעבן זיך אַריבערקריכן דעם הויכן צוים מיט שטעכל־דראָט, זאָל מען קאָנען אין אים בעסער צילן און צווייטנס ווייל אין די סטאַלינישע לאַגערן זענען שוין די מענטשן קיין מענטשן ניט געווען, בלויז פאַרשיפרירטע נומערן. (דירעקט וועגן מײַנע לאַגער־טעג און יאָרן, וועל איך זיך צוריקקערן אין צוויי ספּעציעלע שפּעטערדיקע קאַפּיטלען).

שטאַרבט אַוועק אין לאַגער אַן ארעסטאַנט ווינטער־צײַט (און אַזוינס האָט פּאַסירט אַלע מיטוואָך און דאָנערשטיק) לייגט מען דעם בר־מנן אַוועק אין איינע פון די ענגע בור־חדרימלעך (״בור״ — אַ ראָשי תיבות וואָס באַטײַטן — באַראַק אויסליעגאָוואָ רעזשימאַ — אַהינצו פלעגט מען אײַנזעצן די אַרעסטאַנטן, וואָס זענען עובר דעם לאַגער־רעזשים — אַ תפיסה אין אַ תפיסה — אין די ווינטער־חדשים איז דאָרט געווען געפערלעך קאַלט ביז מע וועט אין דער אַרבעטער־זאָנע פאַר דעם טויטן צונויפשלאָגן אַ טרומנע (בײַ די לאַגערניקעס האָט אַזאַ טרומנע אַ נאָמען געהאַט — ״הילצערנער בושלאַט״).

אין משך פון די פּאָר מעתלעתן פלעגט שוין פון דעם בר־מנן אין ״בור״־חדרל ווערן אַ שטיק אײַז, די קעלט דערגרייכט דאָך ווינטער אין אירקוטסקער געגנט ביז 50—55 גראַד. נאָר אַלץ איינס, איידער מע האָט דעם בר־מנן אַדורכגעפירט דורך דער לאַגער־וואַכטע צו באַגראָבן ערגעץ אויף אַ געהיימען בית־עולם פאַר די ״שונאים פון פאָלק״, פלעגט מען צום גראָבן פינגער פון זײַנעם אַ פוס צובינדן אַ ״בירקע״ מיט זײַן אַרעסטאַנטישן נומער. און דורכפירנדיק דעם געשטאָרבענעם ״זעקא״, פלעגט אים דער דעזשורנער ״נאַדזיראַטעל״ דערלאַנגען אַ זעץ מיט אַ גרויסן הילצערנעם האַמער אין שאַרבן — אַזאַ מין זעץ אין טויטנס קאָפּ האָט געהייסן — קאָנטראָלני אודאַר (קאָנטראַל־קלאַפּ), ווײַל אַ קשיא אויף אַ מעשה, און ווי, אַז דעם פאַרשטאָרבענעם אַרעסטאַנט האָט גערעכנט איבערכיטרעווען די ק.ג.ב.

און ער האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ טויטן, אָדער פֿאַרקערט, אפֿשר וויל אַ לעבעדיקער ״זעקאַ״ אויפֿן אָרט פֿונעם טויטן דורכשמוגלען זיך דורך דעם ״קייזערלכן טויער״ — ״צאַרסקיע וואָראָטאַ״ אַזוי פֿלעגט ביי די לאַגערניקעס הייסן דער אַריינגאַנג־טויער אין סטאַלינישן שקלאַפֿן־לאַגער.

נאָר ניט דאָס בין איך אַצינד אויסן. וועגן די סאָוועטישע מאָרד־אַנשטאַלטן און אויסראָטונגס־קאָמבינאַט איז טויזנט און איין נאַכט צו דערציילן. נאָר איך וויל זיך אַצינד טיילן מיט דעם, אַז גראַד אין די מיט שטעכל־דראָט אַרומגעצוימטע פֿאַרעיפֿושטע באַראַקן, אָנגעפּאַקטע מיט אומגליקלעכע, גוססדיקע אַלטע לייט — ״שונאים פֿון פֿאָלק״, וועלכע זענען טאָג און נאַכט באַוואַכט געווען דורך קוילנוואַרפֿערס, אַווטאָמאַטן און ״וואָלקאָדאַוון״ — רוסישע סיבירער וועלף־הינט גראַד צווישן זיי האָב איך דערזען אַלץ וואָס עס טוט זיך דאָרטן ״אויף דער פֿריי״ אויף דער אַזוי גערופֿענער ״גראַזשדאַנקע״, אין דער מוראדיקער גרויסער קאָמוניסטיש — רוסישער אימפּעריע. און דעם פֿאַרהעלטניסמעסיק ניט גרויסן לאַגער־פּונקט (400—500 מענטשן), האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער אומענדלעך ״בלוטיק געזאַלצענער״ סאָוועטישער ים מיט אַן אַ שיער מענטשלעכע־פּיין און יסורים. פּונקט ווי אויף אַן עקראַן, זענען פֿאַר מיינע אויגן פֿאַרבייגעגאַנגען די פּילצאָליקע קאַדרען פֿון דער ״סאָוועטישערווירקלעכקייט״, ווי אַזוי דער ריזיק־צעצווייגטער רוסישער זשאַנדאַרם־אַפּאַראַט מאַכט פֿון מענטשן, אויס מענטשן, ווי אַזוי אין די חושכדיקע נעכט ״אָרודעוועט זיך״ אומאויפֿהערלעך אין די מיט שוואַרצע לייוונטן פֿאַרשטעלטע און פֿאַרהאָנגענע ״ליכטיקע קאַבינעטן״, ווו מע הערט ניט אויף צו קריכן די מענטשן מיט די שטיוול אין האַרצן, קאַליעטשען מענטשלעכע נשמות און געוויסנס.

ממש אונטערן חלף רייצט מען אָן קינדער אויף עלטערן, עלטערן אויף קינדער, ברידער אויף שוועסטער, מאַן אויף ווייב.

אין משך פֿון איין גרויזאַמער נאַכט אַפּאַטושעט מען די ביז טויט־דערשראָקענע מענטשן, און היצלעס מיט רויטע היטלען שלעפּן זיי אַרום און יאָגן זיי, ווי הינט פֿון איין ״ליכטיקן קאַבינעט״ אינעם אַנדערן און מע מאַכט פֿון זיי ״אַן אויג״ איבער אַ נאָענטן פֿריינד, איבער אַ שכן, איבער אַ לערער און שעף. און איינער באַגראָבט דעם צווייטן . . . ווי אין אַ טייוולאָנישער רדיפֿה־מאַשין ווערן צעריבן, צעמאָלן מענטשלעכע געטריישאַפֿט, ערלעכקייט און עלעמענטאַרע געוויסנהאַפֿטיקייט.

ביז מע האָט מיך פֿאַרזעצט אין לאַגער, האָב איך זיך ניט פֿאַרגעשטעלט וויפֿל פֿאַרשידענע גלויבנס, ניואַנסן פֿון גלויבנס, וויפֿל רעליגיעזע סעקטעס, לעגאַלע און האַלב־לעגאַלע ס'פֿאַרמאָגט דאָס קאָמוניסטישע רוסלאַנד. אין די יאָרן 1949—1952, ווען מע האָט פֿאַר נאַציאָנאַליזם, קאָסמאָפּאָליטיזם פֿאַרטריבן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן צענדליקער טויזנטער סאָוועטישע בירגער, האָט די ק.ג.ב. מיט איין קלאַפּ פֿאַרשפּאַרט הינטער די שטעכל־דראָטן טויזנטער עוואַנגעליסטן, יעהאָוויסטן, מאלאקאנער, סובאָטניקעס, כליסטאָוצעס, מאָנאַכן, מיסיאָנערן, מוסולמענישע פֿריידיקער־מערסטנטייל אַלטע גרייז־גראָע לייט פֿון די פֿאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן אין רוסלאַנד און כמעט אַלעמען, מיט קליינע אויסנאַמען, האָט זיי סטאַלין מיט זיין באַנדע ״באַשאָנקען״ און ״געבענטשט״ — מיט 25 יאָר קאַטאָרגע . . .

אין דער לאַגער־קאָלאָנע, ווו איך האָב זיך געפֿונען איז געווען אַ ווונדערלעך־שיינער שטאַלטנער גרייז־גרייזער זקן מיט יונגע שיינענדיקע שוואַרצע אויגן, אַן אַזערבעדזשאַנער — אַלט געווען 102 יאָר. אויך ער האָט באַקומען, ניט געקוקט אויף זיין אוניקאַלן בכבודיקן עלטער — דעם שטאַמפּאָון, פּשוט לעכערלעכן אין אַזאַ עלטער, ״סטאַלין־סראָק״ — 25 יאָר קאַטאָרגע!!! מיט מיר צוזאַמען איז אויך

געזעסן אַ גרופּע (8 מאַן) בוכאַרער יידן פון טאַשקענט, סאַמאַרקאַנד, אַנדיזשאַן; פּינכאַסאָוו, אַמינאָוו, שאַקאַראָוו (ניט אַלע זייערע פאַמיליעס געדענק איך אַציינד) אַלע האָבן זייע באַקומען די "פּולע שפּול־קע" — 25 יאָר. פּינכאַסאָוו האָט שוין דאַן געמוזט זיין אַלט איבער אַכציק יאָר.

סטאַלין מיט זיין באַנדע קאַגעבעגישקעס האָבן געטראַכט, אַז דאָס ליקווידירן "די רעשטן פון קאַפּיטאַליזם אינעם באַוווסט־זיין פון די סאָוועטישע מענטשן" איז אַ צו לאַנגער פּראַצעס, באַזונדערס "די רעליגיעזע רעשטן", דער "פּאַלקס — אָפּ־יום", האָבן זיי באַשלאָסן בעסער און לייכטער — פיזיש פאַרניכטן די רעלי־גיעזע סעקטע־אָנפירער און פּטור... נאָר די מערדערישע אַקציע האָט גע־געבן פאַרקערטע רעזולטאַטן, עס האָט זיך באַקומען דער הפך — די פאַרשיקטע אַלטע רעליגיעזע לייט, וואָס זענען גע־זעסן אין די סטאַלינישע לאַגערן, זענען ביי זייערע קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך אויף דער פריי שנעל פאַר וואַנדלט געוואָרן אין לעבעדיקע "קדו־שים", עס האָט זיך באַדייטנדיק פאַר־שטאַרק אויס טיפן פּראָטעסט דער רע־ליגיעזער גייסט און רעליגיעזע טעטיקייט ביי די יונגע־און ביי דער גאַנצער באַ־פעלקערונג.

העכער אַ יאָר צייט בין איך געווען צוזאַמען אויף איין לאַג־פּונקט מיט אַ מאַליעוווער שוחט רב שייע ג... אַ זיבע־ציקיאָריקער, אַ שווער געברעכטער, איך פלעג זיך וווּנדערן, ווי אַזוי קאָן בכלל אַזאַ מענטש אַרומגיין. דער דאָזיקער שייע האָט געהאַט אַ גאָלדענע נאַטור, אמת אָן אָנגעכאַפּטער, ווען מען פלעגט אָנ־רירן זיין נאַציאָנאַלע ווירדע נאָר בכלל פול מיט גוטסקייט און תמימותדיקייט און אָן אויסערגעוויינלעכער האַרעפּאַשניק, ער איז ניט גלייכגילטיק געווען צו האַרע־וואַניע און זיך רק געריסן אַהין, ווו ס'איז שווערער. ערשטנס איז אים געגאַנגען אין לעבן צו זיין מיט די גוים אויף די סאַמע שווערסטע אַרבעטן אין וואַלד אויפן "לעסאָפּאָוואַל" — וואַלד־געוואַלגער, וואַ־לד־האַקן און נאָר צוליב דעם, די גוים זאָלן, חס־וחלילה, ניט אויפוואַרפן, אַז יי־דן ווייכן פון אַרבעט. כדי ווינטער־צייט, אין די גרויסע 50 גראַדאָווע פרעסט באַ־הייצן די וווינונגס־ באַראַקן, פלעגן די "ראַבאַטיאַגעס", די אַרעסטאַנטן, וואָס פלעגן זיין אויף דער קאַטאָרזשנער אַרבעט אין וואַלד, זיין געצוווּנגען גייענדיק צו־ריק פון דער האַרעוואַניע טויט־מידע־באַ־וואַכטע מיט אַוטאָמאַטן און וועלף־הינט. מיטשלעפּן אויף די אַקסלען בערעמעס האָלץ און איבערגעבונדענע פּעקלעך מיט שפּענדלעך. נאָר די דאָזיקע "בערעמעס" פלעגן פאַר די סיבירער פרעסט זיין בלויז אַ צוקער־לעקעכל.

און די אַרעסטאַנטן האָבן זיך געמוזט איינשפּאַנען, ווי לאַסט־פערד אין די ברייטע גרויסע שליטנס, אויף וועלכע עס זע־נען אַרויפגעוואַלגערט געווען קלעצער גע־הילץ און ציען די שליטנס מיט די לעצ־טע כוחות נאָך אַ צוועלפשעהיקן קאַטאַר־זשנעם אַרבעטס־טאָג אין דער טייגע צו די באַראַקעס, כדי כאָטש אויף עטלעכע באַנאַכטיקע שעה אויף די נאַרעס צו דער־וואַרעמען די צעפרוירענע צעמוטשעטע גלידער.

דער קאַראַוואַן מענטשן־פערד אין די ברייטע שליטנס פלעגט מיר דערמאָנען רעפּינס בילד — די רוסישע וואָלגער בורלאַקעס ציען פון זיך די נשמה אַרויס, שלעפּנדיק לענגאויס דעם ברעג־טייך די באַרקאַסן (שיפלעך) מיט "דער דובינוש־קע — היי, אוכניעם"...

געדענק איך, אַז צווישן די פאַדערשטע "שלעפּ־פערד" איז תמיד געווען דער שוווער־געבראָכטער מאַליעוווער שוחט רב שייע ג... איך האָב מיט רב שייען אַ געוויסע צייט געלעבט אין איין באַראַק פאַר אינוואַלידן און אַלטע קראַנקע לייט, פלעגט מען אונדז, די אַזוי־גערופענע אינ־וואַלידן — בריגאַדע (אַרבעטן אין לאַ־גער האָבן געמוזט אַלע אויסשליסלעך, אָן העגט, אָן פיס, כאָטש קריכן אויף די קאַראַטשקעס, נאָר אויף דער "באַלאַנדע" מוזטו האָרעווען) פלעגט מען אונדז טריי־בן אין סטרוי אויף דער אַרבעט אין דער־

"ראַבאָטשאַיאַ זאָנאַ" און צוויי מאָל אַ טאָג צו דער לאַגער־סטאָלאָווע. עס זענען געווען פּעריאָדן, איבערהויפּט אין די פּאָר הייסע מזרח־סיבירער חדשים (פון 15־טן יוני ביזן 15־טן אויגוסט, אומגעפער) ווען מע פלעגט אונדז די אַרעסטאַנטן קאָרמענען מיט פאַרעיפּושט פלייש. אפילו דורכגיין דעמלט פאַרביי דער סטאָלאָווע איז פאַר מיר געווען פשוט אומדערטרעגלעך, אַזוי האָט געאַווערט די הייסע לופט אַרום. פון דער שפּלדיק־זיסלעכער פּעסט, פלעגט מיך אַזש פאַרכאַפּן דער אָטעם, ביים צוגיין נענטער צו דער סטאָלאָווע, פלעג איך פאַרקוועטשן מיינע נאָזלעכער אַז מע פלעגט שוין אַריינקומען אינעווייניק גופא אין דער סטאָלאָווע, אין דער שווייסיק אָנגעפּאַרעטער פאַרדומפּטער לופט, איז שוין דער געשטאַנק געווען ניט אַזוי געפערלעך. דאָס פאַרגרינטע (ס'האָט אויסגעזען, ווי אַ זשאַבע) שטיקל פלייש, פלעג איך פון מיין בלעכענער שיסל מיט "באַלאַנדע" אַרויסנעמען. איך האָב עס ניט געקענט עסן. דאַקעגן רב שייען האָט עס ניט געקימערט... ער פלעגט אויפעסן אויך מיין חלק. איך האָב אים ניט איין מאָל געוואָרנט: אפשר דאַרפט איר עס ניט טאָן, ס'איז דאָך ניט פריש... נאָר ער פלעגט אַ פאָך טאָן מיט זיין קליינעם הענטל: — עס מאַכט ניט אויס, ס'ט'זיך איבערקאָכן, היינער שלינגען אפילו שטיינער — און עס שאַדט זיי ניט...

אין יאָרן אַרום האָב איך עס "פּאָטיאַ־פּעט", פאַרשטאַנען — רב שייע איז דאָך געווען אַ שוחט און זיך גאַנצע טעג געטאָפּטשעט אין זיין בלאָטיקער שחיטה־שטעלכל, די לופט איז דאָרטן שטענדיק אָנגעזאַפּט געווען מיט דעם זיסלעכן־גערוך פון פאַרקילטן בלוט פון די געקוילעטע עופות, פון די פאַרבלוטיקע פאַרברודיקטע פעדערן איז אים דאָס שטיקל פלייש מיטן שלעכטן גערוך ניט געווען דערווידער, ווי מיר, כאָטש הונגעריק בין איך געווען ניט ווייניקער פון אים. אין פרייע מינוטן האָב איך אַ פּאָר מאָל געשריבן פאַרן שוחט מעלדונגען — "זשאַלאָבעס" (אָנקלאַגעס) צום פּאָרזיצער פון אויבער־סאָוועט פון פ.ס.ס.ר. קלימענט יעפרעמאָוויטש וואָראָשילאָוו (די אַרעסטאַנטן פלעגן זיך דאָס רוב ווענדן צו אים), ער זאָל איבערקוקן זיין ענין. שייע איז אויך געווען פאַרמשפּט אויף 25 יאָר קאַטאָרגע. האָט ער מיר מיט אַלע פּרטים באַקאַנט געמאַכט מיט זיין "דיעלאָ" מיט די אַלע אויסטראַכטענישן און משונה־ווילדע ניט געשטויגענע "פאַרברעכנס", אין וועלכע מע האָט אים באַשולדיקט. אַזעלכע "דיעלעס" "שטאַמפּאָווע" זענען ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך געווען צו אַנדערע טויזנטער פאַבריצירטע ענינים. דאָס שרייבן אָנקלאַגעס איז געווען אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט, עס האָט געהאָלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס. די מעלדונגען פלעגט מען ביי די אַרעסטאַנטן צונעמען, נאָך ס'איז גרויסער ספק, צי מע זאָל זיי האָבן ווו געשיקט ווייטער און "העכער". חדשים פלעגן דורך און אויף קיין שום גוטס און גוטער בשורה פלעגן זיך די אַרעסטאַנטן ניט דערוואַרטן. אָבער אין דער טבע פון מענטשן איז זיך אָנצוכאַפּן כאָטש אָן אַ מינדסט האָפענונגשטרויעלע און מע פלעגט ווידער און ווידער שרייבן "פּראָשעניעס" אָנקלאַגעס, ווער צום הויפּט־פּראָקוראָר, ווער צו דער מיליטערישער קאָליעגיע און ווער צו וואָראָשילאָוו.

איז ווען איך האָב רב שייען געשריבן די "זשאַלאַבע", האָט ער זיך מיט מיר געטיילט, ווי מיט אַן אייגענעם ברודער און מיט גרויס פאַרביטערטקייט מיר דערציילט אַ שוידערלעכע געשיכטע, ווי אַזוי אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן האָבן אים איין מאָל אין אַ ווינטער־נאַכט, ווען ער איז שוין געגאַנגען נאָך מעריב פון מנין אַהיים, גענומען צוויי אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער שטייף אונטער די הענט, געהייסן זיך ניט אַרומקוקן אין די זייטן און רויק גיין און פאַרשלעפּט אים אין ג.פּ.או. מע האָט אים אַ גאַנצע נאַכט געהאַלטן אין איין פּודזיען און סטראַשען מיט "סאָלאָווקי" און מיט אַנדערע שוואַרץ יאָר און אויב ער וויל, אַז ער מיט

זיין משפחה זאָלן בלייבן לעבן און אַז מע זאָל ביי אים ניט צונעמען דאָס „שוחטעס" פאָדערט זיך פון אים ניט קיין סך, איין קלייניקייט, ער זאָל זיי פון צייט צו צייט צו וויסן געבן, וואָס עס הערט זיך אין מנין, ווער עס רעדט... אין משך פון אַן אַכצן יאָר בין איך ביי זיי געווען, ווי אַ הונט אויף דער קייט, אַרויסגעריסן האָב איך זיך פון זיי נאָר אין די מלחמה־יאָרן, ווען איך בין געווען אין דער עוואַקואַציע און דערנאָך האָבן זיי ווידער גענומען זיך צו מיין נשמה... די דאָזיקע „פעטליע" זייערע האָט מיך געשטיקט, ניט געלאָזט עטעמען, איך האָב זיך קיין אָרט ניט געפונען, געפרווט מיט גוטן בעטן זיך, ס'האָט ניט געהאָלפן. איך בין געפאָרן צו מיין פלימעניק קיין לעבינגראַד, אַן אַדוואָקאַט, עצהן זיך מיט אים, ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך אַרויס פון דער דאָזיקער שאַנדע, ביז, גאָט האָט געהאָלפן, מע האָט מיך צוגענומען, אַריינגעזעצט מיט כלל ישראל — איז ווי שרייבט מען עס וועגן דעם אַלעם אָן, האַ? — האָט ער ניט אויפגעהערט גיך־גיך רעדן צו מיר, די אויגן געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט צו מיין טומבאַטשקע לעבן דער נאָרע, ווו איך בין געזעסן און געשקראַבעט פאַר אים אויף צעקנייטשטע שטיקלעך פּאַפּיר זיין „זשאַלאָבע" צו וואָראָשילאָוון.

די ערשטע צייט, האָט ג... ביטער אַ שמייכל געטאָן, — פלעגן זיי מיר פאַר דער „טרחה", וואָס איך דאַרף קומען צו זיי אין דעם אָפּגערעדטן אָרט ערגעץ אין אַן אויסרייסעניש, געבן אויף מאַכאָרקע און אויף „פּאַדמיאָטקעס"... און אונטערשרייבן זיך. צווישן זיי איז געווען אַ ייד אַ הורג, אַ גזלן — פלעגט ער מיך שטעכן אין די אויגן: „איר זייט דאָך אַ פאַרשטייער פון קולט, טאָ קלייבט זיך צו אַ צונעמעניש פון דער גמרא... איז ווי שרייבט מען וועגן דעם אַלעם אָן? — האָט רב שייע מיט אַן אויפגעקאָכטער נשמה פאַרענדיקט און אַראָפּגעלאָזט שטיל און מיד זיינע שטענדיק רירעוודיקע קליינע, כמעט קינדערשע הענט...

און איינער פון די בוכאַרער יידן שאַקאַראָוו פון טאַשקענט, אַ הויכער ייד, שוין געוויס געווען איבער זיבעציק, מיט אַ גרויסער גוליע אויפן קאָפּ, איך פלעג אים שרייבן בריוו צו זיין פרוי און קינדער און אויך „זשאַלאָבעס" וועגן איבערקוקן זיין ענין, האָט מיר בסוד סודות דערציילט, אַז די אַלע 7 בוכאַרער יידן זענען „אָדנאָדיעלצעס", וואָס זיצן אַצינד צוזאַמען מיט אים אויף דעם זעלבן לאַגער־פּונקט, פלעגט מען אים נאָך מיט עטלעכע יאָר פאַר דעם, ווי מע האָט זיי אַלעמען אַריינגעזעצט, שלעפּן טאָג און נאַכט אין מ.ג.ב. און ציען פאַרן צונג...

— ווערסטו שווייגן, ווערסטו ניט דערציילן, — פלעגן זיי מיר שרעקן, — ביסטו אַלץ איינס אין אונדזערע הענט, מירן דיך און דיין משפחה אַרויסשיקן קיין סיביר אויף זיבן יאָר פאַר ספּעקוליאַציע... אָט וועגן דער דאָזיקער אומאויסהיילבאַרער אַנטימאָראַלישער געשווילעכץ, מיט וועלכער עס האָט בייזוויליק, ציניש אָנגעשטעקט מיליאָנען מענטשן די רוסיש־באָלשעוויסטישע קאַסטע, האָב איך זיך גרינטלעך, און אויסשעפּלעך דערוווּסט בעת מיין זיין אין די סטאַלינישע לאַגערן, ווען איך האָב זיך באַקאַנט שטייגעריש מיט דער „פּאַדנאַגאַטנע", מיטן שמוץ פון די פּילצאָליקע פאַבריצירטע „ענינים" אין אַלע עקן פון דער גרויסער מדינה.

אמת, איך האָב שוין טיילווייז וועגן דעם געוווּסט פריער, נאָר אין לאַגער איז פאַר מיר אין גאַנצן קלאָר געוואָרן, אַז איך לעב אין אַ דורך און דורך צעפוילטער פּאָליציייִשער מלוכה, וואָס די צאַרישע אָרדענונג מיט דער „אָכראַנקע" איז אין פאַרגלייך מיט איר געווען פשוט אַ גן־עדן... דעם באַרימטן רוסישן רעוואָלוציאָנערן שרייבער־דעמאָקראַט טשערנישעווסקי, וועלכער האָט זיך געפונען אין די קאַזעמאַטן פון דער צאַרישער שליסלבורגער פעסטונג, האָט מען געגעבן אַ מעגלעכקייט אין זיין איינצל־קאַמער צו אַרבעטן איבער זיין ווערק „וואָס טאָן", וואָס איז געווען געריכטעט קעגן דעם

קיסר און דער צאַרישער אָרדענונג און אין אַ יובל אַרום אין די יאָרן פון וועלט־פּראָגרעס, אין די זעכציקער יאָרן פונעם 20־טן יאָרהונדערט, פלעג מען אַ פּאָליטישן אַרעסטאַנט אין ראַטנפאַרבאַנד ניט געבן אין זיין איינצל־קאַמער אפילו אַ פּיצל אשר יצר פּאַפּירל צו פאַרדרייען אַ ציגאַר...

ווען איך האָב אין פעברואַר פונעם 1952־טן יאָר אין דער טלינישער מאָסקווער לעפאָרטעווער תפיסה געבעטן ביים תפיסה־נאַדזיראַטיעל (אויפזעער) אַ שטיקל פּאַפּיר צוליב היגיענישע־הצטרכות, האָט ער מיר מיט אַ סאַדיסטישן שמייכעלע אַ זאָג געטאָן: פּאַלטשיקאָם, דאָס הייסט, מיטן פינגערל...

די קאָמוניסטישע לערע, די גרויסע לענינישע מאָראַל, וואָס די מיליאָנען רוסישע יידן האָבן אין אָנהויב פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אויפגענומען מיט ברייטהאַרציקייט און ליבשאַפט און ניט געשאָנעוועט פאַר דער דאָזיקער לערע דאָס אייגענע לעבן און דאָס לעבן פון זייערע קינדער, קייקלט זיך אַצינד אין יאָרן אַרום, אַזוי אומווירדיק מיאוס ווי אַ בלאָטיקער ברודיקער קנויל אַלץ נידעריקער אין שאול־תחתיה... און קיינער איז שוין ניט אימשטאַנד דאָס אָפּהאַלטן אין זיין פאַלן...

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

### אין שמואל און רבקה הורביץ־פאָנד

די הורביץ־סובסידיע אויף אַ יידיש בוך איז האַיאָר אויסגעטיילט געוואָרן צוליב אַרויסגעבן די מאָנומענטאַלע לעבנס־פּאָעמע פון **פּרץ מאַרקיש** "דער פּערציק יאָריקער מאַן".

די סובסידיע איז פייערלעך צוגעטיילט געוואָרן דער פרוי **אסתר מאַרקיש**, אין היכל שלמה.

מיט אַן אָפּשאַצונגס־וואָרט איז אַרויסגעטראָטן דער דיכטער ד"ר **י. ח. בילעצקי**.

גרויס דערפאָלג האָט געהאַט דער באַוווסטער רעציטאַטאָר **הערץ גראָסבאַרד**, ביים פאָרלייענען אייניקע ווערק פון פּרץ מאַרקיש.

# אהרן מענדעלעוויטש

## ביי דער ווילִיע *

(המשך)

### קאַפּיטל 5

ווען משה האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען היפּש אויף טאָג. ער האָט זיך אָנגעטאָן, גענומען דעם באָד־קאָסטיום און געלאָפן צו דער ווילִיע זיך אויסבאָדן. ער האָט אויסגענוצט יעדע פרייע מינוט אַ ביסל זיך דורכשווימען. ניט לאַנג האָט ער זיך איבערגעקליבן פון גיטקע טויב זאַוווּלעק אויף זווערינעץ, אַ פּאָר מינוט פון טייך. די ווילִיע איז אין דעם אָרט געווען אָמברייטסטן און אָמרוישיקסטן. דאָ זענען געווען וואַסער־גרובן און יעדעס יאָר פלעגט מען זיך דאָ טרינקען, משה איז געווען אַ גוטער שווימער. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין וואַסער און גענומען לייגן קלאַפּטער. פּונקט אַנטקעגן איז אָנגעשווומען אַ פּלויט. ער האָט אים אויסגעמיטן, עטלעכע מאָל אַ נורקע געטאָן און אַרויס אויפן ברעג. גלייך ביים ברעג איז געוואַקסן אַ יונג סאָסנאָווע וועלדל. ס'האָט געשמעקט, אַזש פאַרשיכורט צו ווערן. נאָך אַ וואָך שווערע אַרבעט קאָן ער זיך אָפּרוען. ער איז געווען אַ לאַנגע צייט אַרבעטסלאָז און ערשט די לעצטע פּאָר חדשים באַקומען אַרבעט ביי קלעצקינען אין פאַרלאַג אַלס רעדאַקטאָר און קאָרעקטאָר אין איינעם. ער האָט שוין לאַנג געטרוימט אַרבעטן ביי קלעצקינען. זיין פאַרבונדן מיט אַזאַ פאַרלאַג איז ניט קיין קלייניקייט. ער האָט פריער געאַרבעט אַלס נאַכט־רעדאַקטאָר אין אַ פּאָר ווילנער צייטונגען, אָבער דאָס זענען אַלץ געווען צייטווייליקע אַרבעטן. ביי קלעצקינען איז די אַרבעט אַ שטענדיקע און אַן אינטערעסאַנטע. דאָ וועט ער אויך קאָנען אָפּדרוקן זיינע עסייען און העלפן אפשר דרוקן די לידער פון די "יונגע פּאָעטן". אמת, לעצטנס זענען די געשעפטן אין פאַרלאַג געוואָרן שוואַכער. אַ טייערער ייד איז באַריע (אונטער די אויגן רופט ער קלעצקינען מיט זיין פאַרנאָמען). געווען אַ רייכער ייד, ממש אַ מיליאָנער. נעמט ער און גיט אויס זיין געלט אויף... יידישע ליטעראַטור. דער פאַרלאַג שלינגט איין זיין גאַנץ פאַרמעגן. זיין ווייב מאַכט אים סקאַנדאַלן, נאָר זי קאָן קיין זאַך ניט העלפן. ער פלעגט איר זאָגן מיט אַ געלעכטער: וואָס ווילסטו, איך זאָל האָבן אַ לעבעדיקע ליובאָוויצע און אַ שיקסע דערצו, דאַרפסט דאַנקען גאָט, אַז מיין ליובאָוויצע איז ליטעראַטור און דערצו נאָך אַ יידישע. ער האָט ליב געהאַט יידישע ליטעראַטור מיט לייב און לעבן. משה האָט ליב געהאַט שמועסן מיט קלעצקינען וועגן זיינע באַגעגענישן מיט די

* זע "ירושלימער אַלמאַנאַך" 8.

קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט געוווסט אַז קלעצקין איז געווען איינער פון די גרינדער פון די אַזוי גערופענע "זשאַרגאָנישע קאָמיטעטן" צו פאַרשפּרייטן ליטעראַטור. קלעצקין פלעגט אים דערציילן וועגן זיין צוזאַמענאַרבעט מיט פּרצן, ווייטערן, בערגעלסאָנען, קולבאַקן, רייזינען א. א. ער איז געווען דער ערשטער יידישער מעצענאַט. אַנסקי האָט אים גערופן דער יידישער "סאַוואַ מאַראָזאָוו".

משה ליגט אויפן גראָז און טראַכט וועגן זיין בייער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. משה איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער גרופּע "יונגע פּאָעטן". ביט זייענדיק אַליין קיין פּאָעט, נאָר אַ זשורנאַליסט און אַ קריטיקער (ער האָט שוין פאַרעפנטלעכט אַ ריי קריטישע אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור אין די ווילנער צייטונגען), האָט ער איין מאָל צונויפגעזאַמלט אַלע ווילנער יונגע יידישע פּאָעטן און פאַרגעלייגט שאַפן אַ ווילנער יידישע פּאָעטן־גרופּע. איצט זענען אין דער גרופּע 10 יונגע שרייבער. צו דער גרופּע זענען צוגעשטאַנען אויך צייכענער און אַפילו מוזיקער. ער מוז רעדן מיט קלעצקינען, ער זאָל העלפן אַרויסגעבן אַן אַנטאָלאָגיע פון די יונגע חברה.

ווער פון זיי איז דער טאַלאַנטספולסטער, איז שווער צו זאָגן. יעדער האָט עפּעס זיינס אייגנאַרטיקס. אָבער אָן שום ספק, דער באַגאַבטסטער איז אברהמ׳ל. ער וועט זיכער אויסוואַקסן אַ גרויסער דיכטער. חנא איז אַ שטילער, אַ טויב. זיין פּנים איז שטענדיק טרויעריק, זיינע לידער זענען טיף לירישע, סובטעלע. ער איז אַן אימ־פּרעסיאָניסט. זיין בוזעם־פריינט לייזערקע איז גאָר אַן אַנדער טיפּ. אַן האַמטנער, אַן אמתער עמך. זיינע לידער דערמאָנען מיט עפּעס משה לייב האַלפּערן. ער איז טאַקע זיינער אַ הייסער חסיד. ער איז אַן אמתער עקספּרעסיאָניסט.

משה האָט ליב קלאַסיפיצירן "זיינע" פּאָעטן לויט דער אָנגענומענער ליטעראַרישער טערמינאָלאָגיע. און צום סוף פּרצקע. ער איז אַ פריילעכער לונג־און־לעבער. גייט אַרום איבערן שטאָט מיט זיין גרויסן הונט, וואָס הייסט קוזאַ, אויפן נאָמען פון רומענישן אַנטיסעמיט. ער האַלט זיך פאַרן צווייטן קרילאָוו און דרוקט משלים אין "ווילנער טאָג". די אַנטאָלאָגיע וועט אַרומנעמען די אַלע פּאָעטן און וועט האָבן דערפאָלג. ער וועט אָנשרייבן אַ פאָרוואָרט און געבן אַ געניע כאַראַקטעריסטיק פון יעדן איינעם.

משה האָט זיך אויפגעהויבן אַ צופרידענער, זיך אָפּגעטרייסלט פון די גרעזלעך און אָוועקגעשפּאַנט אַ היים. די מאַמע האָט אים באַגעגנט אין פאָדערצימער מיט אַ שמייכל.

— עס וואַרט אויף דיר אַ גאַסט.

— ווער איז דאָס ?

— אַ ישיבה־בחור.

— אַ ישיבה־בחור צו מיר ?

— זייער אַ פיינער און איידעלער בחור. ער איז אפילו ענלעך צו דיר.

— פון וואַנען ווייסטו, אַז ער איז אַ ישיבה־בחור ?
— ער האָט מיר דערציילט זיין גאַנצע ביאָגראַפיע.
אין צימער איז געזעסן גראָדנער מיט אַ פעקל פּאַפּירן אין די הענט.
— עס האָט מיך געשיקט צו אייך חייקל לונסקי, האָט ער געזאָגט מיט אַ פאַרלעגנהייט. איך שרייב שירים. וואָלט איר געהאַט צייט מיך אויסצוהערן, אָדער איך וועל עס אייך איבערלאָזן און איר וועט עס איבערלייענען.
משה האָט אים באַטראַכט. ניט קיין הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, טאַקע אַ ביסל ענלעך צו אים.
— פאַרוואָס קומט איר צו מיר, בעסער גייט צו זלמן רייזינען פון "ווילנער טאָג", אויב עס זענען גוטע לידער, וועט ער זיי אָפּדרוקן.
— לונסקי האָט מיר געשיקט צו אייך און צווייטנס, רייזין קאָן אָפּדרוקן אין צייטונג איין ליד אָדער צוויי, און איך האָב, ברוך השם, עטלעכע צענדליק.
משה האָט זיך צעלאַכט. — וואָס מיינט איר, איך האָב אַ דרוק ?
— איר טאַקע האָט ניט, אָבער אייער בעל הבית האָט אַ שיינעם דרוק.
— איר מיינט מן הסתם, אַז איך בין זיינער אַ שותף. אַלנפאַלס, גיט מיר עס דורכצולייענען און קומט אין אַ וואָך אַרום, וועלן מיר זען.
אַט אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן זייער באַקאַנטשאַפט. ווען משה האָט די לידער איבערגעלייענט האָט ער גלייך דערזען, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ גרויסן טאַלאַנט. ער איז געוואָרן זיינער אַן אפּוטרופּוס, האָט אים, אַריינגעפירט אין דער גרופּע "יונגע פּאַעטן" און באַקענט מיט דער ווילנער קולטור־וועלט. דער געוועזענער ישיבה־בחור איז געוואָרן אַ באַוווּסטער פּאָעט.

## קאַפּיטל 6

וועלפקעס רעסטאָראַן איז געווען אַ באַוווּסטע פירמע. דאָרט פלעגן זיך צונויפ־זאַמלען די גאַנצע ווילנער קינסטלערישע באַהעמע. שרייבער, מאָלער, זשורנאַליסטן און דער עיקר אַקטיאָרן. וועלפקעס רעסטאָראַן איז פאַקטיש געווען אַן אַקטיאָרן־בירזשע. ביי וועלפקען פלעגט מען קאָנען קריגן די געשמאַקסטע יידישע מאכלים. געבראָטן גענדזונס, לעבערלעך, פלוימען־צימעסן, געפילטע קישקע, פלייש אין זיס און זויערן, אַן אמתן ווילנער טשאָלנט מיט אַ פעט קוגעלע, און דער עיקר געפילטע פיש און קאַרטאָפל־טייגעכץ. דאָרט האָבן געגעסן די אַקטיאָרן פון דער "ווילנער טרופּע", פון "וויקט", אַקטיאָרן פון מאָריס שוואַרץ־טעאַטער, ווען זיי זענען גע־קומען אויף גאַסטראָלן פון אַמעריקע. וועלפקע איז געווען פאַניבראַט מיט אַלעמען. זיינע ליבלינגען פלעגט ער קאָרמענען אומזיסט. פון די אַקטיאָרן זענען עס געווען סאַמבערג און מאַרעווסקי. ביידע זענען געווען ניט פון די קליינע עסערס. מאַרעווסקי פלעגט אויף איין מאָל אויפעסן אַ האַלבע גאַנדז. סאַמבערג איז ניט אָפּגעשטאַנען פון אים. אין רעסטאָראַן האָט מען ניט נאָר געגעסן, נאָר אויך דיס־

קוטירט, דער עיקר וועגן טעאַטער. בעת די דיסקוסיעס פלעגט מען אָפּט מאָל אַריינפאַלן אין טראַנס און עס פלעגט דערגיין כמעט ביז קלעפּ. די צוויי גרויסע סטאַרן פון יידישן טעאַטער מאַרעווסקי און סאַמבערג האָבן זיך ניט ליב געהאַט. אויסער דער געוויינלעכער ביגע־קאָנקורענץ, זענען זיי געווען פון צוויי באַזונדערע וועלטן. מאַרעווסקי איז געווען אַן אינטעליגענט, געענדיקט די פּעטערבורגער אַקטיאָרן־שול, געשפּילט פריער אין רוסישן טעאַטער און דערנאָך אַריבער אין יידישן טעאַטער. ער איז אויך געווען אַ שרייבער און אַן עסייאיסט, מיט איין וואָרט, אַ מענטש מיט אַ הויכער קולטור. סאַמבערג איז געווען אַן עמך, אַ פּשוטער, אָן שום בילדונג, אָבער מיט אַ געוואַלדיקן סצענישן טאַלאַנט. מאַרעווסקי פלעגט טענהען, אַז אַ גוטער ערנסטער טעאַטער מוז האָבן אַן אינטעליגענטן אַקטיאָר, וואָס פאַרשטייט, וואָס ער שפּילט, אַניט איז עס קיין טעאַטער ניט. סאַמבערג פלעגט לאַכן.

— קענסט, מאַרעווסקי, 20 מאָל ענדיקן סטודיעס און שולן, אָבער אַן טאַלאַנט ביסטו אַ גאָרניט. אַן אַקטיאָר מוז האָבן אויך אַ שטים, ניט אַזוי ווי דיין כריפּענען (מאַרעווסקי איז געווען שטענדיק הייזעריק). מאַרעווסקי ווערט אויפגערעגט: — אַז אַך און וויי צום יידישן טעאַטער אַז אַמעראַצים ווי דו שפּילן אין דעם. אַ וואָרט צו אַ וואָרט. די טעמפּעראַטור הייבט זיך. דאַ קומט צו הילף משה, ער איז געווען אַ מייסטער צו שטילן די געמיטער. מען שטעלט אַוועק משקה מיט צובייסן און מען בעט זיך איבער.

## קאַפּיטל 7

לייזער־וואָלף, אָדער ווי מען האָט אים גערופן לייזערקע איז געווען אַ מאָדנער בחור. ער איז געווען דאָס וואָס מען רופט אַן אַ „טשודאַק". ער איז געווען אַ שוויי־גער. אפילו צווישן אייגענע חברים פלעגט ער קיין פּיפּס ניט טאָן. ער האָט אָבער אַ סך געלייענט. ער פלעגט ממש שלינגען ביכער. אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, וואָס ער האָט צוגעשיקט צום קאָנקורס פון „ייוואָ", שרייבט ער: „דאָס ערשטע בוך, וואָס איז מיר אַריינגעפאַלן אין די הענט, איז געווען מענדעלעס „קליאַטשע". איך האָב עס נאָך ווייניק פאַרשטאַנען, נאָר ווי איך האָב זיך שוין אַ ביסל אָנגעשטויסן, ווער עס איז די קליאַטשע, איז דאָס בוך מיר געפעלן געוואָרן. כ׳קריג אַ געוואַלדיקן דורשט צום לייענען, כמעט אַלע טאָג בעט איך אין דער ביבליאָטעק אַ בוך. איך צי זיך אין גאַנצן צוריק פון חברים און שפּיל אין כ׳פאַרטיף זיך אין ביכער. לייענען און שרייבן — דאָס זענען געווען זיינע ליידנשאַפטן. זיין לעבן איז פאַרלאָפן אין דער ווילנער אָרעמקייט, אין די יידישע געסלעך, ווו מען האָט געהאַנדלט מיט בולבע־טייגעכץ, מיט אַרבעסענע באַבקעס, מיט געפּראָרענע עפּל, וואָס די יידענעס פלעגן עס אָנרופן „פלעשער ווייַן". די הענדלערקעס אויף יידישע גאַסן פלעגן שילטן מיט אַזוי פיל בילדערישע קללות און מיט אַזוי פיל דערפינדערישקייט, אַז

ס׳איז געווען אַן אמתע עשירות פון פאַלקסטימלעכקייט און פאַנטאַזיע. דאָס אַלץ האָט לייזערקע איינגעזאַפּט אין זיך. ער האָט אָבער געהאַט אַן אַנדער וועלט, די וועלט פון ביכער, וואָס דאָרט איז געווען אין גאַנצן אַנדערש. אַ וועלט אַ רייכע, אַ פאַרביקע אין דיביידע וועלטן האָבן זיך ביי אים צונויפגעשמעלצט, ער פרעגט: „וואָס איז דאָס לעבן? / דער מעכטיקער פלי? / די טענצערין אויף די נאַקעטע קני? / דער וואַלקן אין האָניק? / דער וואַלקן אין בלוט? / דער באַרג־שפּיץ אין פייער / ווו גאָט האָט גערוט? / די שמוציקע זאַקן לעבן דיין בעט / און הילצערנע קאַסטנס / דאָס קויטיקע גרעט / די פרוי אין דיין צימער / פון ביינער און הויט, / דאָס שווערע פאַרשוויצטע געזאַלצענע ברויט, / אָט דאָס איז דאָס לעבן? / דאָס קאָן דאָך ניט זיין /".

שלמה בעליס דערציילט אין זיינע זכרונות:

„זלמן רייזינס שטוב אויף פּאַהולאַנקע איז געווען אָפן און מכניס־אורחדיק פאַר אַלע יידישע שרייבער. איך בין אין יענע יאָרן געווען ביי אים אַ שטענדיקער איינגייער. זיין ווייב, די שיינע פריילעכע מרים האָט געלעבט מיט יידישע ליטעראַטור, ווי איר מאַן, וואָס איז געווען פאַרליבט אין ביידן, אין דער ליטעראַטור און אין זיין ווייב. אין די אָוונטן איז אין דעם גרויסן עס־צימער תמיד עמעצער געווען, מ׳האָט זיך דאָ געפילט היימיש פון דער ערשטער מינוט אָן, טיי מיט ביסקוויטן זענען געווען אַלע מאָל און ס׳האָבן זיך געפירטביים טיש וויכוחים איבער ליטעראַטור. יעדער שרייבער, אַ גאַסט אין שטאָט, איז געווען אַ גאַסט ביי רייזינען, ביי זיין עס־טיש איז אַדורך די גאַנצע יידישע ליטעראַטור.

איין מאָל, טרעפנדיק לייזער־וואָלפן אין גאַס, האָב איך אים אַרויפגעשלעפּט צו זלמן רייזינען, ביים טיש איז געווען פול. צווישן די געסט — דער דיכטער בער האָראָוויץ אַ שיינער מאַן, אַ פראַנט, און איציק מאַנגער, ווי שטענדיק אין זיין באַהעמישן הולך.

לייזער־וואָלף האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול, די הענט אָוועקגעלייגט אין שויס און... געשוויגן. מ׳האָט אים געפּרוווט אַריינציען אין אַ געשפּרעך — אומזיסט. ער האָט זיך ניט געלאָזן, געענטפערט איינזילביק. ער האָט אָבער אַרויסגערופן אַן אינטערעס — געווען מיט עפּעס אַנדערש פון אַלעמען, ניט צונויפגערעדטערהייט האָבן האָראָוויץ און מאַנגער גענומען פאַפּיר־סערוועטקעס און אָנגעהויבן — דער ערשטער־צייכענען, דער צווייטער־שרייבן. קודם איז פאַרטיק געוואָרן מאַנגער. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און איבערגעלייענט: „לייזער־וואָלף, אַ נאָמען פון אַ קצב, מגולגל אין אַ פּאָעט / זיינע לידער זענען נאָך דערוויל עט... עט... עט... / נאָר סע שאַדט ניט מיין קינד / אַ בעריכע האָסטו שוין פאַרגוואַלדיקט / איצט וועסטו פאַרגוואַלדיקן אַ קו, אַ סטעפּ, אַ סטאַדע פי / וועט זיין... פּאָעזי. /

אַלע האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. לייזער־וואָלף, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, האָט אומעטיק געשמייכלט".

ער איז געווען זייער ניט דרייסט. אין דער געזעלשאַפט פון מיידלעך האָט ער קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסרעדן און איז געווען אין גאַנצן פאַרלאָרן. און ווען אַ מיידל איז אים געפעלן געוואָרן איז פּשוט אַ רחמנות געווען צו קוקן אויף אים. דערפאַר אָבער אין זיינע לידער איז ער געווען חברהמאַניש, האַמעטנע און אפילו גראָבלעך.

„כ׳האָב דיך ליב — אַ פייער זאָל דיך נעמען.
כ׳האָב דיך ליב — אַן אומגליק זאָל דיך כאַפּן.
כ׳וועל דיך אין אַ ווינקל ווו דערטאַפּן,
און אויסקושן די פּראַכט פון דיינע ברעמען.
אַ פייער זאָל דיך נעמען".

טייערער לייזערקע, ביסט אַן איינזאַמער אויסגעגאַנגען אין ווייטן אוזבעקיסטאַן.

## נייע ביכער

**חיים זעלצער** — **„אין גרינעם טאָל"** — לידער און באַלאַדן מיט אַ פּאָרטרעט פון דיכטער געצייכנט פון **יצחק זעלצער**. צייכענונגען פון מחבר. פאַרלאַג **י״ל פּרץ** תל־אביב 1978. 123 ז״ז.

**חיים מאַלטינסקי** — **„מיין דמיון־בריק"**. לידער. פאַרלאַג **ניי־לעבן**, תל־אביב, 1978. 180 ז״ז.

**סורקיס משולם** — **אַנדענקבוך**. צונויפגעשטעלט און רעדאַגירט: **ישראל רודניצקי**. הילע: **י. שערף** תל־אביב 1978. 166 ז״ז.

**„רחל פּאַוולאָווגאַ מרגולינה און איר קאָרעספּאָנדענץ מיט קאָרניי איוואַנאָוויטש טשוקאָווסקי"**. — דאָס ביכל איז דערשינען (נאָטירלעך אין רוסיש) ביי דער מיטהילף פון אירע שוועסטער **קציה** און **ציפּורה** (ירושלים 1978). אין ביכל זענען פאַראַן ביז גאָר אינטערעסאַנטע בריוו פון גרויסן רוסישן דיכטער און ליטעראַטור־פאָרשער טשוקאָווסקי, וועלכער דערציילט מיט ליבשאַפט וועגן זיין יוגנט־פריינדשאַפט מיט **זאב זשאַבאָטינסקי**, ווי אויך פילאָסעמיטישע און פּראָישראַלדיקע אַרויסזאָגונגען. דאָס ביכל צייכנט אויך דאָס הערלעכע געשטאַלט פון דער יידישער פרוי רחל בת חנה ופייבל מרגולין ז״ל. 60 ז״ז.

## אסתר ראָזענטאַל-שנייִדערמאַן

# צעקרישלטע נאָדעלער און די "מיטלויפער"

כ'מיין, אַז ס'איז כדאי כאָטש אין קורצן צו דערציילן וועגן איינעם אַ באַשלוס (לייען: באַפעל) פון דער פּאַרטיי צו דער שעפערישער אינטעליגענץ: צו קינסטלער, וויסנשאַפטלער, שרייבער וכדומה. וואָס דאַרף ער טאָן, אויב ער, דער אינטעליגענט, וויל ניט בלויז מיט ווערטער, נאָר מיט קאָנקרעטע מעשים דערווייזן, אַז ער איז מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער רעוואָלוציע און דעם אַרבעטער־קלאַס? באַשרייבן וועל איך ניט אַזוי דעם באַשלוס, נייערט ווי אַזוי האָט אויסגעזען דאָס פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן באַפעל אין דעם אָרט, וווּ איך פּערזענלעך בין געווען צווישן די געטרייע און איבערגעגעבענע.

וואָס פאָדערט די פּאַרטיי אין דעם דאָזיקן באַפעל? דאָס קען געזאָגט ווערן אין עטלעכע ווערטער: דער ערשטער געבאָט פאַר אַ סאָוועטישן שעפערישן מענטש איז — זיין פּערזענלעך געקניפּט געבונדן מיט דער סביבה פון פּראָלעטאַריאַט.

ווען איך בין געקומען קיין ראַטנפאַרבאַנד אין 1926 יאָר (און נאָך גאַנצע 10–11 יאָר שפּעטער) איז דער גייסטיקער אידעאָלאָג פון דער סאָוועטיש־יידישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור געווען משה ליטוואַקאָוו. שטעלט ער דאָן אַלס אומבאַדינגטן תנאי: "דער פּראָלעטאַרישער שרייבער דאַרף זיך באַהעפטן מיט די גרויסע אַרבעטער־קאָלעקטיוון, מיט די קעמערלעך פון קלאַסן־מאַכט..." *. די "יונגע גוואַרדיע" פון יידישן ליטעראַרישן נאָכוווּקס פאָדערט: וואַרפט אַוועק אייערע אַבסטראַקטע און נייטראַלע טעמעס און גייט אין פאַבריק אַריין, שילדערט די סאָציאַליסטישע בויונג, דעם זאַוואָד, די פאַבריק, ווייזט די יידישע ערד־איינאָרדענונג...

אין דער דאָזיקער אומבאַדינגטער נאָענטקייט האָט די פּאַרטיי איינגעזען דעם ראַדיקאַלסטן מיטל צו העכערן דעם רעוואָלוציאָנערן מהות פון זייער וויסנשאַפטלעכער און קינסטלערישער שאַפונג. וואָרעם בעת דער אינטעליגענט קאָכט זיך אין קעסל פון פּראָלעטאַריאַט, מוז ער באַווירקט ווערן פון דער פּראָלעטאַרישער פּסיכאָלאָגיע. פון דאָנען דאַרף דער שרייבער אויך שעפּן פּראָלעטאַרישע טעמאַטיק פאַר זיינע קינסטלערישע ווערק.

* פון ליטוואַקאָווס פאַרטראַג אויף דעם אָרגאַניזיר־צוזאַמענפאָר פון די פּראָלעטאַרישע שרייבער, וואָס דער "ווופּס" האָט דורכגעפירט אין דעצעמבער 1927. כ'ציטיר לויטן זכרון.

איינצייטיק האָט די פּאַרטיי געשטרעבט צו האָבן נאָך אַ נוץ פון דער דאָזיקער נאַענטקייט: די פּראָלעטאַרישע שרייבער, וויסנשאַפטלער און קולטור-טוער דאַרפן העלפן דערציען די אַרבעטס-מענטשן אין קאָמוניסטישן גייסט, פירנדיק ביי זיי די קאָמוניסטישע אויפקלערונגס-אַרבעט. אַזוי אַרום האָט די פּאָזיטיווע ווירקונג באַדאַרפט זיין אַ קעגנזייטיקע.

סוף צוואַנציקער יאָרן האָב איך שוין אין קיעוו ניט געקענט קיין איין פּראָלעטאַרישן שרייבער, וועמען די יידסעקציע פון דער פּאַרטיי זאָל ניט האָבן צוגעפּעסטיקט צו אַ פאַבריק אָדער צו אַ פּראָדוציר-אַרטעל, ווו ס׳רוב אַרבעטער און קוסטאַרן זענען געווען יידן. וואָס גרעסער ס׳איז די פאַבריק אָדער דער אַרטעל, אַלץ גרעסער איז געווען דער כבוד פאַרן שרייבער צו זיין דאָרט אַ בן בית.

פלעגן דעמאָלט די קיעווער פּראָלעטאַרישע שרייבער און אַזעלכע אָנפאַנגער, וואָס פלעגן טרוימען צו ווערן ענלעך צו זיי, טאָגן און נעכטיקן אין "זייערע" פאַבריקן און אַרטעלן. זיי פלעגן דאָ רעדאַגירן די יידישע וואַנט-צייטונגען, פירן ליטעראַרישע און פּאָליטישע קרייזלעך, שרייבן וועגן דער פאַבריק אין דער יידישער פּרעסע וכדומה. אין יענע יאָרן פלעגן אויף די פאַבריקן און אין די אַרטעלן גערופן ווערן אָן אַ שיער פאַרזאַמלונגען, באַראַטונגען, זיצונגען. איר געדענקט מאַיאַקאָווסקיס "פּראָזאַסעדאַווּשיעסיאַ" ט׳איז פּשוט שווער געווען דעם אָטעם איבערצוכאַפּן... מאַיאַקאָווסקי האָט אויף קיין האָר ניט מגזם געווען! כ׳בין אַ לעבעדיקער עדות פון דעם.

פאַרמעל זענען די צוזאַמענקונפטן מערסטנטייל געווידמעט געווען אַקטועלע פּאָליטישע קאָמפּאַניעס, שטייגער-פּראַגן, אָדער ווירטשאַפטלעכע דורכרייסן, פון וועלכע די אונטערנעמונגען און דאָס גאַנצע לאַנד פלעגן קיין מאָל ניט אַרויסקריכן, בשום אופן ניט קענען זיי בייקומען. און טאַקע דאָ האָט זיך דער צוגעפּעסטיקטער פּראָלעטאַרישער שרייבער באַדאַרפט פילן ווי אַ פיש אין וואַסער. ביי יעדער געלעגנהייט, ניט וויכטיק, צי עס פּאַסט זיך יאָ אַריין אין געגעבענעם מאָמענט צי ניט, דאַרף ער האַלטן אַ הייסע רעדע. וועגן וואָס? דאָס וועט איר זיך דערוויסן אַ ביסעלע ווייטער.

דער זכרון מיינער איז נאָך היינט צו טאָג רייך מיט פאַרשידענע טראַגי-קאָמישע סיטואַציעס, אין וועלכע איך פערזענלעך האָב מיט דער גרעסטער ערנסט-קייט זיך מיטבאַטייליקט. כדי ניט איבערצולאָדן די אַרבעט, וועל איך דאָ ברענגען בלויז איינע אַזאַ אילוסטראַציע.

אין דער גרעסטער קיעווער טריקאָטאַזש-פאַבריק אויפן נאָמען פון ראָזע לוקסעמבורג זענען כמעט אַלע אַרבעטער געווען יידן, און ביי דער מערהייט איז יידיש געווען זייער מוטערשפּראַך. עטלעכע פּראָלעטאַרישע פען-מענטשן און קול-טור-טוער און אויך איך, די פּאַרטייישע, זענען מיר דאָ צוגעפּעסטיקט צו פירן די קולטור-אויפקלער-אַרבעט אין דער יידישער שפּראַך. געשיקט אַהער האָבן אונדז די העכערע פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס.

הײנט קומט דאָ פֿאַר אַן עקסטראַ דרינגענדיקע אַלגעמײנע פֿאַבריק־פֿאַרזאַמלונג. אויפֿן טאָג־סדר שטײט אײן אײנציקע פֿראַגע: "ליקווידאַציע פֿון דער אַוואַריע אין צעך" (כ׳געדענק ניט גענוי ווי אַזוי דער צעך האָט געהײסן). בדרך כּלל זענען די פֿאַרזאַמלונגען געווען אַ שווערער יאָך פֿאַר יעדער אַרבעטערין, און מ׳האָט זײ פֿײנט געהאַט שׂנאת מוות, נאָר זיצן אויף זײ האָט מען געמוזט. אָבער גראָד אויף דער דאָזיקער פֿאַרזאַמלונג וואַרטן שוין די אַרבעטערינס מיט שטאַרקן אומגעדולד, און אין דעם "רויטן ווינקל", ד.ה. אין קלוב פֿון פֿאַבריק איז ניטאָ וווּ אַ שפּילקע צו וואַרפֿן. פֿאַראַן דערצו אַ וויכטיקע סיבה: נאָדעלעך. ווײזט זיך אַרויס, אַז די נאָדעלעך פֿון די שפּאָגל־נײסטע מאַשינעס, וועלכע מ׳האָט אָקאָרשט מיט גרויס פֿײערלעכקײט אינסטאַלירט אין צעך, האַלטן זיך אין אײן ברעכן און קרישלען, ווי זײ וואָלטן געווען ניט פֿון שטאָל, נאָר פֿון גלאָז. די פּראָדוקטיוויקײט פֿון דער אַרבעט איז צוליב אָט די קלײנע, דינע נאָדעלעך מוראדיק געפֿאַלן, און ניט בלויז אין דעם דאָזיקן צעך, נײערט אויך אין דער גאַנצער פֿאַבריק, וואָרום פֿון דעם צעך מיט די צעקרישלטע נאָדעלעך זענען דירעקט אָפּהענגיק אַנדערע צעכן. אפֿילו די בעסטע שלאָגלערינס אַרבעטן איצט ניט אויס קײן העלפֿט פֿון זײערע נאָרמעס. הערשט אין אונדזער פֿאַבריק אַ יאוש־שטימונג — פֿון "פֿאָלוטשקע" צו "פֿאָלוטשקע" ווערן די פֿאַרדינסטן קלענער און קלענער, און דער יקרות אויפֿן שוואַרצן שפּײזמאַרק — אַלץ גרעסער. (נאָר דאָרט קענט איר קויפֿן פֿון הינטער דער פּאָלע עטלעכע קלעצלעך צוקער, אַ ביסל דינערע גרויפּן, אַ פֿלעשעלע אײל). אין אונדזער פֿאַבריק זענען באַשעפֿטיקט ס׳רובֿ פֿרויען. די געהאַלטן אין דאָזיקן פֿאַך זענען אין ראַטנפֿאַרבאַנד געווען קלענער ווי אין אַנדערע פּראָפֿעסיעס. אַ סך טריקאָטאַזשניצעס האָבן ניט קײן מענער און פֿון זײערע לעכערלעך קלײנע פֿאַרדינסטן דאַרפֿן זײ שפּײזן און אָנטאָן זיך און די קינדער.

די צעקרישלטע נאָדעלעך וואַלגערן זיך צעזויפֿגעשאַרטע און בערגלעך אויף די טישן פֿון צעך און אין די אויגן פֿון די פֿאַרביטערטע מוטערס וואַקסן זײ אויס אין אַ ממשותדיקן שונא. "כאָטש נעם און האָדעווע מײן קינד מיט די צעבראָכענע נאָדלען"! — שרײט אויס מיט פֿאַרצווײפֿלונג די דרײסטע עלטערע פֿרוי וואָלפֿמאַן. די פֿאַרזאַמלטע האָבן, זעט אויס אויף אַ רגע, פֿאַרלוירן זײער שרעק און באַשאַנקען זי מיט הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן. פֿרוי וואָלפֿמאַנס אומדערהערטע חוצפּהדיקע רײד שטעקן אָן די איבעריקע, און אײנע נאָך דער אַנדערער בעטן זײ אפֿילו ניט קײן וואָרט און האַלטן קורצינקע, אָבער הײסע רעדעס: אָט הערט זיך שוין גאָלדע ליס מיט איר מעכטיקער שטים פֿון אַ מאַסן־רעדנער, עס פֿאַלט אַרײן אין מיטן אירע רײד רבקה בעקערמאַן, און אפֿילו די גאַר־גאַר באַוווסטזיניקע פּאַרטײער, אויף וועלכע די פֿאַבריק־אָנפֿירונג שפּאַרט זיך תּמיד אָן אין איר אַגיטאַטאָרישער אַרבעט, ווי דער "קלײנער" ליס (דער שוואָגער פֿון גאָלדען), ווי זאַנענבערג, וועלכער איז אַלײן אַ שטיקל אַגיטאַטאָר — זײ אַלע רײדן איצט ווי די גרעסטע אַפּיקורסים...

אין אָט דער אַטמאָספֿער פֿון ווײגעשרײ גיט זיך אַ שטעל אויף דער טעכנישער

דירעקטאָר פון פאַבריק — די ח׳טע וואַסיליעוואַ. קורץ און שאַרף האַקט זי אָפּ: ״ניטאָ קיין סיבות צו זינגען קלאָגלידער! מיר וועלן אָנבעמען מיטלען!... די שעדיקער וועט מען פאַקן... זיי וועלן באַשטראָפט ווערן לויטן סאָוועטישן געזעץ. אין גיכן וועט די אַוואַריע ליקווידירט ווערן. מ׳דאַרף נאָר האָבן געדולד, ניט צוהערן זיך וואָס שונאים פון פאָלק שעפּטשען אייך אין אויער אַריין!״

איצט רעדט שוין דער סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, די חברטע מוטשניק. ״באַדעלעך, זאָגט זי, וועלן מיר באַקומען, נייע און בעסערע... איר קענט זיך פאַרלאָזן אויף דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע... אָבער אויפן אידעאָלאָגישן פראָנט אין אונדזער פאַבריק, וואָרנט זי, קומט פאָר עפּעס גע־היים־ניס־פולס...״ דאָס לעצטע וואָרט ווערט אַרויסגעזאָגט מיט אַ ספּעציעלער וויבראַציע, פּאַמעלעך, הויך, זילב נאָך זילב. ״יאָ, יאָ, גע־היים־ניס־פולס״ — חזרט זי נאָך אַ מאָל איבער. מאַכט אַ לאַנגע פּאַוזע און פאַרהאַלט איר פאַרזשמורעטן דראָענדיקן בליק דאָ אויף איינער, דאָ אויף אַן אַנדערער איינגעשטילטער דערשראָקענער אַרבעטערין. יעדע מיינט, אַז דאָס קוקט דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר אויף איר... אין אָנגעפּאַקטן מיט מענטשן צעך ווערט אַזוי שטיל, הערסט ווי די גרויסע פליגן זשומען איבער אונדזערע קעפּ. און אָט איצט קלינגט שוין דער ח׳ מוטשניקס שטים נאָרמאַל, שטרענג, מענטאָריש: ״די העצערישע רעדעס, וואָס איר האָט דאָ געהערט פון זאָנענבערגן, גאָלדע ליס, וואָלפמאַן און נאָך פון אַנדערע* ווייזן, אַז אויף זיי האָט אַ ווירקונג דער שונא, אַז דאָ איז פאַרמישט אַ קלאַסנפיינטלעכע האַנט. מוזן מיר פאַרשטאַרקן די פּאָליטישע וואַכזאַמקייט, און יעדער פון אייך איז מחויב אונדז העלפן אויסגעפינען די שונאים, וועלכע האָבן אַ ווירקונג אויף די אומבאַוווסטזיניקע אַרבעטער אין אונדזער פאַבריק.

אָט דאָס איז דער סיגנאַל פאַר די, וועלכע זענען דאָ צוגעפּעסטיקט צו פירן די פּראָלעטאַרישע קולטור־אַרבעט (און בתוכם אויך פאַר מיר). קוים זיך דערוואָרט אויף דעם מאָמענט... און אָט הייבן זיך שוין אונדזערע הענט — מיר בעטן אַ וואָרט. און פון דער טריבונע הערן זיך שוין אונדזערע שאַרפע באַשולדיקונגען.

* אַלע זענען זיי געקומען צולויפן קיין קיעוו מיט דער אָפּטרעטנדיקער פון פוילן רויטער אַרמיי אין 1920 יאָר, ווער פון לאָדז, ווער פון קאָלאָמיי — טיפּישע יידישע זאָקנמאַכער און וועבער, שטאַרק באַלייענט און בקי אין דער יידישער ליטעראַטור, געמיינט אַז אין ראַטנפאַרבאַנד וועלן זיי געפינען אַ היים. צווישן זיי האָב איך געפונען אמתע האַרציקע גוטע פריינד. אין אַלע קיעווער יידישע פאַבריקן זענען זיי — ״די פּוילישע״ געווען דער קערן, די נשמה פון דער יידישער קולטור־אַרבעט. זייער גיך זיך אַנטוישט, אַ סך פון זיי האָט די נ.ק.וו.ד. פאַרשיקט אין די לאַגערן און זיי זענען דאָרט אומגעקומען.

פון דעמאָלט אָן פלעגן מיר אין פריילעכע מינוטן אַ שרייבער, וואָס האָט ניט געוואָלט, צי ניט געקענט זיך איינשפּאַנען אין וואָגן ווי אַ ״מיטלויפער״, רופן אין שפּאַס ״אַ, דער לויפער?!...״ דעם ״לויפער״ האָבן מיר געענדערט אויף ״אַנטלויפער״, און ס׳איז געוואָרן אַ גאַנצער ווערטער־שפּיל.

יעדע אַזאַ רעדע דאַרף געבויט ווערן לויט אַ פעסטער סכעמע: קודם כל וועגן דער לאַגע אויפֿן אַלגעמיינעם "ליטעראַרישן פראָנט" אין אַלגעמיינעם מאַסשטאַב, ד.ה. אין גאַנצן לאַנד. דאָס איז דער אַזוי גערופענער פאָן, אויף וועלכען מיר וועלן בויען אונדזער רעדע. אין דעם דאָזיקן אַריינפיר וועלן מיר אָנרופן אַ צוויי־דריי רוסישע און אוקראַינישע ניט־פּראָלעטאַרישע שרייבער און (דאָ פאַרשטייען אונדזערע צו־הערערינס בכלל גאָרנישט), וויזן זייער שרעקלעכע ראָל וואָס זיי שפּילן אָפּ, נעמלעך — הלמאי ווילן זיי זיך ניט אָנשליסן אין די קעמפנדיקע רייען פון דער רעוואָלוציע? צום סוף פון יעדער אַזאַ רעדע איז געקומען דער אויספיר: זיי דינען דעם קלאַסן־שונא, וואָרום מחמת זייער איינגעשפּאַרטן האַלטן זיך אָן אַ זייט, קריכט דאָס לאַנד ניט אַרויס פון די פּאָליטישע שוועריקייטן און פון עקאָנאָ־מישן דלות.

דאָס קלינגט פאַר אייך מאָדנע? איר פרעגט: ווי קומט איינס צום אַנדערן? קומט עס טאַקע ניט, אָבער ווו שטייט עס געשריבן, אַז אַלץ וואָס די פּאַרטיי האָט אונדז באַפוילן צו טאָן, דאַרף זיין לאָגיש?

און איצט איז שוין נייטיק מיר זאָלן אַריבערגיין צו דער צווייטער טייל פון דעם באַשולדיקונגט־אַקט — ד.ה. מ'דאַרף זיך אַ נעם טאָן צו די יידישע וואָרט־קינסטלער, איבערהויפּט צו די עלטערע, מער באַוווסטע און מער איינגעשפּאַרטע. וואָס גרעסער דער קינסטלער, אַלץ שאַרפער איז דער פאַרוווּרף: הלמאי האַלט זיך אַזאַ פּאָעט ווי ליפע רעזניק ווי אויף אַ פרעמדער תּתונה? און פאַרוואָס וויל זיך אַזאַ איציק קיפּניס ניט איבערבויען?! און ווען וועט שוין אַזאַ דוד האָפשטיין זיך אויפהערן וואָרפן פון איין עקסטרעמקייט צו דער צווייטער? און הלמאי אַנדערע, ווי למשל, דער נסתר, שווייגן כמעט אין גאַנצן?... (און דער אמת איז דאָך פונקט אַ פאַרקערטער — די פאַרלאָגן האָבן מורא צו דרוקן זיינע שאַפונגען — זיי זענען ניט גענוג סאָוועטיש).

און איצט דאַרפן מיר צוגעבן נאָך אַ וויכטיקע זאַך: ס'איז דאָך גאָרניט אויס־צוהאַלטן פון די שרייבער, וואָס אָפיציעל דעקלאַרירן זיי זיך פאַר "מיטלויפער"! זיי מאַכן דאָך בלויז אָן אָנשטעל אַז זיי לויפן אונדז נאָך. אונדז — דאָס איז געמיינט די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור... אין דער אמתן זענען זייערע שאַפונגען אַלץ נאָך ניט גענוג פּראָלעטאַריש און ניט גענוג קאָמוניסטיש, און דער שאָדן וואָס זיי ברענגען דעם לאַנד איז אין לשער!...

מיר האַלטן די הייסע "ספּיטשן" אין אונדזער אַלעמענס מאַמע־לשון — אין יידיש, און דאָך... ניט אַלץ וואָס מיר, די צוגעפּעסטיקטע, ריידן דאָ, פאַרשטייען די פאַרביטערטע טריקאָטאַזשניצעס. איבערהויפּט די געקומענע פון די קליינע הונגעריקע שטעטלעך. זיי איז שווער צו באַנעמען: וואָס פאַר אַ שייכות האָבן, למשל, עפּעס "מיטלויפער" צו זייער מלאך המוות, צו די צעקרישלטע נאָדע־לעך?... אָבער, אַז מען רעדט, און דערצו נאָך מיט אַזוי פיל טעמפּעראַמענט, איז דאָך מן הסתם יאָ פאַראַן עפּעס אַ שייכות, אַז מען קלינגט אין קלויסטער, איז חגא.

אמת, די פֿאַרשוינען, די "לויפֿער", וועמען די "צוגעפּעסטיקטע" זידלען דאָ קענען זיי ניט, אָבער געוויס האָבן זיי אַ חלק אין דעם, "וואָס מיינע קינדער דערעסן ניט"... קריגט מען זיי פֿיינט שנאת מוות. און אָט דערהערן זיך שוין פֿון דאָ און דאָרט אייגנאַרטיקע צווישנגרופֿן, דאָס זענען גאָר... ביטערע קללות — הויך אויף אַ קול שעלט מען די שונאים, וואָס מען רופֿט זיי "לויפֿער" צי "מיטלויפֿער"... די קללות זענען אַזעלכע זאַפֿטיקע, אַזעלכע בילדערישע, גאָר אומבאַקאַנטע, כ'האָב קיין מאָל אַזעלכע ניט געהערט, ניט אין מיין טשענסטאָכאָוו, ניט אין וואַרשע און ניט אין קיעוו — זעט אויס אַראָפּגעבראַכטע גלייך פֿון די פֿאַרוואָרפֿענע שטעטלעך — עכטער פֿאָלקלאָר. פּלאַצט דער עולם אַרויס אין אַ הילכיקן געלעכטער, ביים טיש פֿון פּרעזידיום לאַכט מען אויך, הויך און געשמאַק. אָבער אין דער זעלבער רגע, תיכף ומיד, כאַפּט מען זיך אין שרעק צוריק, גיסט אַ דריי אַוועק דעם פּנים אין אַ זייט און מיט גוואַלד דערשטיקסטו אין זיך דאָס געלעכטער... און ווי מיט אַ שאַרפֿער האַק ווערט די פֿריילעכע שטימונג אָפּגעהאַקט: ס'דאַרף וואָס גיכער פֿאַרגעסן ווערן דער אַנטיסאָוועטישער געלעכטער...

אָט אַזוי האָט זיך פֿאַרענדיקט די עקסטרע גערופֿענע אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג, וואָס איר ציל איז געווען צו ליקווידירן דאָס אומגליק, וואָס האָט געטראָפֿן די קיעווער טריקאָטאַזשניצעס — די צעקרישלטע נאָדעלעך...

די קאָמישע, ריכטיקער געזאָגט, די טראַגיקאָמישע זייט פֿון אַזעלכע אסיפֿות, פֿאַרבלייבט אויף לאַנג אין דיין זכרון, און איך — די געטרייע פֿאַרטייערין — פֿאַרגעס גאָר, אַז כ'דאַרף פֿאַרשוויגן אַזעלכע "אַנטיסאָוועטישע" פּערעלעך, ווי די הייסע קללות פֿון די קליינשטעטלדיקע אַרבעטערינס אויפֿן חשבון פֿון די מיסטע־ריעזע שונאים זייערע, וועמען זיי איז, זעט אויס, גרינגער צו רופֿן ניט מיטלויפֿער, נאָר "לויפֿער".



## עלי שעכטמאַן — 70 יאָר

די רעדאַקציע פֿון "ירושלימער אַלמאַנאַך" און די יידישע שרייבער-גרופּע אין ירושלים באַגריסן האַרציק אונדזער פּראָזע-מייסטער **עלי שעכטמאַן** צו זיינע 70 יאָר עד מאה ועשרים. מיר ווינטשן אים געזונט און פֿיל פֿריידיקע שעפֿערישקייט.

# אַנאַ לענגיל

## נפתלי הערץ

די דאָזיקע מעשה האָט מיר דערציילט נפתלי הערץ קאָן ע״ה, וועלכער איז זעכצן יאָר פאַרשוואַרצט געוואָרן אויף די סיבירער קאַטאָרגעס.

די אַרעסטאַנטן האָבן אים דאָרט גערופן מיט די צונעמען ״באַראַדאַ״, אָדער ״סקאַזקאַ״. ״באַראַדאַ״, ווייל ער האָט זיך געלאָזט וואַקסן אַ באָרד און ״סקאַזקאַ״, ווייל ווי נאָר עס פלעגט זיך מאַכן די קלענסטע מעגלעכקייט צו געניסן פון אַ האַלב־שעהיקן אָפּרו, פלעגט ער תמיד האָבן וואָס צו דערציילן פאַר זיינע מיט־אַרעסטאַנטן, אַז ער הייסט נפתלי הערץ, האָבן גאָר ווייניקע פון זיי געוווּסט.

אין דעם גאַנצן אומגליק זיינעם, איז ער דאָך געווען אַ שטיקל בר־מזל. און דאָס האָט ער באַמערקט שוין באַלד דעם ערשטן טאָג, ווען מען האָט אים אַריינגע־בראַכט אין דער תפיסה־קאַמער. געווען איז עס אַ גרויסער זאַל, ווו עס זענען געווען מסתמא נישט ווייניקער ווי אַ דריי הונדערט אַרעסטאַנטן. באַלד איז צו אים צוגעקומען איינער פון זיי, אַ קליין דאַר מענטשעלע, און האָט אָנגעהויבן צו באַ־קוקן דעם שניט און צו באַטאַפּן דעם שטאָף פון זיין אָנצוג.

— דאָס איז מסתמא אַ טייערער קאָסטיום — האָט ער געפרעגט שטיל און אפשר אפילו אַ ביסעלע פאַרשעמט — אמת ?

— מיין גאַנצן האָנאָראַר פון דער לעצטער צייט האָב איך פאַר אים באַצאָלט — האָט געענטפערט נפתלי הערץ.

— האָנאָראַר ? איר זענט אַ דאָקטער ?

— ניין. איך בין אַ פּיסאַטיעל.

— אַאַאַ . . . — האָט מיט מיטגעפיל און באַדויערן געזאָגט דער אַרעסטאַנט — אָבער עס וועט גאָרנישט העלפן. איר מוזט דעם קאָסטיום אַראָפּנעמען און אַוועק־געבן.

— אַוועקגעבן ? וועמען ? פאַרוואָס ?

— יענעם מוזשיק דאָרט. אין ווינקל זיצט ער.

— אָבער פאַרוואָס ? — האָט נפתלי הערץ נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען.

— ווייל צו אים האָב איך אייער קאָסטיום פאַרשפּילט. אַ שאָד. כ׳האָב היינט ניט געהאַט קיין מזל. איך באַדויער פון גאַנצן האַרץ. אַזאַ שיינער קאָסטיום. כמעט ניי.

און ס׳האָט טאַקע גאָרנישט געהאָלפן. נפתלי הערץ האָט געמוזט דעם אָנצוג אויסטון, דער בל־דבר האָט אים געהאָלפן און געבראַכט אים אָנצוטון די אַלטע

טראַנטעס פון יענעם אונטערוועלטניק, וואָס האָט דעם אַנצוג געוווּנען. נפתלי הערץ האָט זיך אונטערגעגעבן דעם אַרעסטאַנטישן מינהג פון דער "שפּאַנאַ", דאָס הייסט פון דער אונטערוועלט, ער האָט גישט גערופן דעם וועכטער, און מיט דעם האָט ער זיך דערוואָרבן די פריינדשאַפט פון די פּשוטע פאַרברעכער — זיי האָבן אים אַנגעהויבן צו האַלטן פאַר אַן אייגענעם יאַט.

נפתלי הערץ האָט אַנגעטון די צעריסענע הויזן און געלאַטעטע קופייקע, און איז געווען זייער צופרידן — ממש געהאַלטן זיך פאַר אַ בר מזל — אַז מען האָט אים איבערגעלאָזט דעם מאַנטל — דעם וואַרעמען מאַנטל זיינעם האָט שוין קיינער צו קיינעם גישט פאַרשפּילט.

מען האָט אים צוגעטיילט צו אַ גרופּע אַרעסטאַנטן, וואָס יעדער איינציקער פון זיי איז געווען פאַראורטיילט אויף פינף און צוואַנציק יאָר קאַטאָרגע. אין דער פרי, נאָך דעם אַפּעל, ווען זיי האָבן שוין מאַרשירט אין וואַלד אַריין צו דער אַרבעט, איז אים געלונגען צו געפינען זיך אין איין ריי מיט דעם שרייבער איציק קיפּניס, וועלכער האָט שוין געהערט וועגן נפתלי הערץ קאָנ'ס אָנקומען און האָט אים אַריינגעשטעקט אין דער האַנט אַריין אַ שטיקל ברויט. דאָס שטיקל ברויט איז גישט געווען גרויס, אָבער נפתלי הערץ האָט עס פאַרגעדענקט ביז צום סוף פון זיינע טעג. די צוויי יידישע שרייבער האָבן זיך קעגנזייטיק געהאָלפן און גע־שטאַרקט אין דער עת צרה — אויף וויפל דאָס איז אין יענע באַדינגונגען געווען מעגלעך.

אין אייניקע חדשים אַרום האָט מען נפתלי הערצן איבערגעפירט אין אַן אַנדערן לאַגער. דאָרט האָט ער זיך באַפריינדעט מיט איינעם אַ גוטמוטיקן סימ־פּאַטישן "מוזשיק", וואָס אויף דער פריי איז ער געווען אַ טרעמבאַטש, געשפּילט אויף אַ טרומייטער, און דער דאָזיקער טרומייטער האָט אים געבראַכט צו פירן אין לאַגער אַריין. און געשען איז עס אַזוי: אָסיפּ — אַזוי האָט דער מוזשיק געהייסן — איז אייגנטלעך געווען פון בארוף אַ פאַבריקמאַכער, דאָס הייסט אַ פריזירער, אָבער זיין ליידנשאַפטלעכע נשמה האָט אים תמיד זייער שטאַרק געצויגן צו מוזיק. האָט ער דעריבער איבערגעלאָזט דאָס שערל מיט דעם ראַזירמעסער און איז געגאַנגען אַרבעטן אין איינער אַ גרויסער פאַבריק, ווייל אין דער דאָזיקער פאַבריק איז געווען אַ גרויסער אָרקעסטער פון בלאָז־אינסטרומענטן. דאָרט האָט אָסיפּ דריי מאָל אין דער וואָך געקאָנט שפּילן אויף זיין טרומייטער צווישן אַנדערע מוזיקאַנטן. איז די דאָזיקע מוזיקאַנטן איין מאָל איינגעפאַלן, אַז מיטן כוח פון דער שיינער מוזיקאַלישער קונסט פון דער דאָזיקער קאַפּעליע וואָלט מען פון צייט צו צייט געקאָנט פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן, און אפשר טאַקע אַ גאַנצן רובל, שפּילנדיק אויף חתונות. דער איינפאַל איז גישט געווען קיין שלעכטער און די קלעזמאָרים האָבן אַנגעהויבן שפּילן אויף חתונות. און חתונות זענען אין שטאָט פאַרגעקומען כמעט יעדן זונטיק, מען האָט געשפּילט צום טאַנץ, מען האָט פאַרדינט אַ שיינעם גראָשן, שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז מען האָט אויף יעדער חתונה געפּרעסן און געזויפט.

אַזוי אַרום פלעגט מען זונטיק שפּילן אַ גאַנצע נאַכט ביז צום פרימאָרגן. אין איינעם אַ שיינעם מאָנטיק אין דער פרי, ווען די מוזיקאַנטן זענען גלייך פון טאַנץ־זאַל געקומען צו דער אַרבעט אין דער פאַבריק, האָט מען זיי צו וויסן געטון, אַז גלייך נאָך דער שיכטע וועט דער אָרקעסטער מוזן באַגלייטן דעם שטאָטישן פּאַרטיי־סעקרעטאַר צו זיין אייביקער רו — ווייל ער איז גראָד מיט צוויי טעג פריער געשטאָרבן. די קלעזמאָרים זענען געווען טויט־מיד און זייער שלעפעריק, אָבער אַז אַ פּאַרטיי־סעקרעטאַר שטאַרבט, מוז מען דאָך אים צושפּילן צו דער באַגרעבע־ניש. האָט מען געשפּילט שאָפּענס טרויער־מאַרש, דער עולם האָט געוויינט און אַלע זענען געווען זייער צופרידן.

אָבער שוין אויפן בית־עולם האָט מען די מוזיקאַנטן באַפוילן באַלד נאָך דער לוויה צוריקגיין אין דער פאַבריק, ווייל עס וועט דאָרט פאָרקומען אַ זיצונג פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, און דער אָרקעסטער מוז שפּילן דעם אינטערנאַציאָנאַל.

האַלב לעבעדיקע און טויט־מידע האָבן די אָרקעסטראַנטן פאַרנומען זייערע ערטער, די פּאַרטיי־זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פלאַמענדיקער רעדע לכבוד דעם ערשטן, לכבוד דעם גרעסטן און דעם בעסטן פאָטערל סטאַלין, נאָך דער רעדע האָט מען געגעבן אַ סימן, די קלעזמאָרים האָבן געמאַכט אַ "טוש" און האָבן אָנגעהויבן שפּילן על פּי טעות נישט דעם אינטערנאַציאָנאַל, נאָר... דעם טרויער־מאַרש פון שאָפּען.

אַזוי אַרום האָט זיך אָסיפ דער קלעזמער, דער מוזיקער און מייסטער פון דעם טרומייטער, געפינען אין דער באַרימטער קאָלימאַ, אין דעם זעלבן לאַגער, וווּ דער גורל האָט פאַרוואָרפן נפתלי הערץ קאָן. ביידע האָבן זיי זיך דאָרט באַפּ־ריינדעט, און אָסיפ האָט נפתלין אויסגעלערנט שערן און ראַזירן, עס האָט זיך באַלד געפונען אַ שערל און אַ ראַזיר־מעסער און אַ קאַם, און דער פיזיש אָפּגעשוואַכטער נ. ה. קאָן האָט שוין איצט נישט געמוזט קלעטערן יעדן טאָג אין וואַלד אַריין און אונטערהאַקן דאָרט די טויזנטיאָריקעביימער. איצט האָט ער רויק און לעגאַל געקאָנט בלייבן אין דער וואַרעמער "פּאַריקמאַכערסקאַיאַ".

אין איינעם אַן אָוונט איז צו אים אַריינגעקומען אַן אונטער־אָפיצער און האָט אים געהייסן איינפּאַקן דאָס אָרעמקייט — אין אַ פערטל שעה אַרום זאָל ער גרייט זיין צום מאַרש: מען וועט אים אָפּטראַנספּאָרטירן אין אַן אַנדערן, אין אַ נייעם לאַגער.

צען טעג זענען זיי געפאָרן, ביז זיי האָבן דערגרייכט צו אַ גרויסער סטאַציע, וווּ די צוגן האָבן זיך געקרייצט — דאָרט האָבן זיי געדאַרפט איבערשטייגן, אָבער זיי האָבן פאַרשפּעטיקט דעם געהעריקן צוג, האָבן זיי איצט געמוזט וואַרטן אַ גאַנצן מעת לעת אויף דעם מאָרגנדיקן צוג. די זעלנער, די באַגלייטערס זיינע האָבן געוואָלט שלאָפן און פרעסן, דעריבער האָבן זיי זיך געלאָזט גיין אין דער אָרטיקער תפיסה, ווייל ווי באַוווּסט, איז נישט אין יעדער סאָוועטישער שטאָט פאַראַן אַ סאַנאַטאָריע, אָבער אַ תפיסה איז פאַראַן אומעטום.

ס'איז שוין געווען נאָענט צו האַלבער נאַכט, ווען איינער פון די וועכטערס האָט געעפנט אַ קלייניקע תפיסה־קאַמער און דאָרט אַריינגעשטופּט נפתלי הערצן.

אַ קליין און שמוציק עלעקטריש לעמפּל האָט געלויכטן אומעטיק און געל. אויף דעם דיל זענען געלעגן אַרעסטאַנטן, אויסגעלייגט איינער לעבן צווייטן ענג ווי די הערינג, פון דער "פּאַראַשאַ" האָט זיך געטראָגן דער געשטאַנק פון אורין.

אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אָן דער וואַנט, איז געזעסן אַ יונגער מענטש — ער איינער איז נישט געשלאָפן. ער איז אויפגעשטאַנען, דערלאַנגט נפתלי הערצן די האַנט. זיינע קלוגע אויגן האָבן געקוקט אויף דעם אָנגעקומענעם מיט רחמנות.

— ביסט הונגעריק?

ער האָט דעם אָנגעקומענעם דערלאַנגט אַ דין פּעניצל ברויט און אים געמאַכט פּלאַץ נעבן זיך.

דער יונגער מענטש האָט געהייסן גומילאָוו, ער איז געווען דער זון פון דער גרויסער רוסישער דיכטערין אַננאַ אַכמאַטאָוואַ. נפתלי הערץ האָט זי געקאַנט, ער האָט זיך אַ מאָל באַטייליקט אין אַן אינטימער צוזאַמענטרעפונג פון גוטע פריינד, פאַר וועלכע אַכמאַטאָוואַ האָט געלייענט אירע לידער.

צומאָרגנס זענען זיי געפאָרן ווייטער. נאָך אַ סך טעג און נעכט האָט געדויערט די רייזע, ביז זיי זענען אויסגעשטיגן אויף איינער אַ סטאַציע, ווו עס איז שוין געווען וואַרעם, דאָ איז שוין געווען זומער, די זון־שיין האָט פאַרבלענדעט זייערע אויגן. אָנגעטון אין די סיבירער וואַטענע הויזן, האָבן זיי געשוויצט און געשאָלטן.

זיי זענען אָנגעקומען אין אַ גרויסער געביידע, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן פון אַ פּאַרק, אָבער די פאַרקראַטעוועטע פענצטער און דער צוים אַרום דעם פּאַרק זענען געווען אַ רמז, אַז אויך דאָ געפינט זיך מסתמא אַ תפיסה אָדער אַ לאַגער.

עס האָבן זיך געעפנט טויערן און טירן און נפתלי הערץ האָט זיך פּלוצים געפינען אַנטקעגן אַן עלטערן מענטש אין ציווילע מלבושים, וועלכער האָט אים אָנגעהויבן אויסצופרעגן. די פראַגן זענען געווען מאָדנע: ליטעראַטור, אורשפּרונג פון שפּראַכן, פילאָלאָגיע... וואָס קומט דאָ פאַר? דער אַרעסטאַנט פון קאָלימאַ האָט נישט פאַרשטאַנען.

מען האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט זיך אויסצובאָדן. אַ דאָקטער האָט אים אונטערזוכט, אַ קראַנקן־שוועסטער האָט זיך פאַרנומען מיט זיינע פורונקולן; ער האָט באַקומען ריינע וועש, מלבושים, און ציגאַרעטן. און עסן — כמעט אַזוי ווי אויף דער פריי.

דער דאַזיקער גן־עדן האָט געדויערט אַ גאַנצן חודש. געצוי געוואויר ווערן, וואָס עס קומט פאַר אויפן דאַזיקן אָרט — האָט ער נישט באַוויזן. עס איז אָבער געווען קלאָר פאַר אים, אַז עס געפינען זיך דאָרט אַרעסטאַנטן־וויסנשאַפטלער, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט פאַרשונגען, און צו די דאַזיקע פאַרשונגען האָבן זיי זיך געצויגן אין אַ פילאָלאָג. על פּי טעות האָט די לאַגער־פאַרוואַלטונג געשיקט אים — אָבער דער אויסוואַל איז נישט געווען קיין ריכטיקער.

פֿאַר דעם צוריק שיקן אים אין דער טייגע, האָבן די אַרטיקע אינערלעכע פּאַרוואַלטערס, וועלכע זענען אויך געווען אַרעסטאַנטן — געגעבן אים אַ מעגלעכ־קייט אויסצורוען זיך, צו קומען צו זיך. אַ גאַנצן חודש האָבן זיי אים דאָרט געהאַלטן, אַ גאַנצן חודש האָט ער זיך געקאָנט באַניצן מיט אַ פּענע און מיט אַ העפט, ער האָט געקאָנט שרייבן אַ בריוו — אין זיין אַרעסטאַנטישער קאַריערע איז עס געווען אַ דאַטשע.

דערנאָך האָט מען אים אַוועקגעשיקט אין אַן אַנדערן לאַגער — קיין אוכטאַ. דאָרט האָט ער באַגעגנט דעם ד״ר קויפמאַן, אַ ציוניסטישן עסקן פון כאַרבין. ד״ר קויפמאַן איז אים געווען בייהילפיק, נפתלי איז קראַנק געווען אויף געלזוכט און דער דאָקטער האָט אים קורירט מיט קרייטעכצער — און די קוראַציע איז געווען אַ דערפאַלגרייכע.

און דאַן האָט זיך דערנענטערט די גוטע שעה: סטאַלין איז געשטאָרבן, סטאַלין ימח שמו וזכרו. און צוויי יאָר שפּעטער איז נ. ה. קאָן, דער יידישער שרייבער פון בוקאָווינע רעהאַביליטירט געוואָרן און באַפרייט געוואָרן. נאָך זעכצן יאָר געפענגע־ניש און לאַגער, איז אים געלונגען צו קומען קיין ישראל.

יידיש ; ק. **סעגאַל**

---

## צום אָנדענק פון שמואל שחריה (שוואַרץ) ז״ל

דעם 3טן מאַרץ האָבן מיר אין ירושלים אַרויסבאַגלייט צו אייביקער רו אונדזער מיטאַרבעטער, דעם פּאַרדינסטפולן זשורנאַליסט און עסעיסט **שמואל שחריה** ז״ל.

געבוירן אין סוּוואַלק אין יאָר 1909, שטודירט פילאָסאָפיע אין בערלין, פון יאָר 1934 — אין ירושלים.

אין 1976 איז דערשינען זיין בוך **״וואָרט איין, וואָרט אויס״**. לאַנגע יאָרן געווען טעטיק אין קרן היסוד.

**כבוד זיין ליכטיקן אָנדענק!**

# שרײַבער און ווערק

דוד ספאַרד

## פאַרצייכענונגען

### צום אָנדענק פון יוסף רובינשטיין



ער איז נישט געווען קיין יושב־אוהל־פּאָעט, וועלכער לעבט איבער בײַ זײַן טישל אַלע פּערזענלעכע און וועלטישע געשעענישן. זײַן לעבנס־שטייגער אין די שפּעטע צוואַנציקער יאָרן, ווען איך האָב אים באַקענט, איז געווען דאָס אומאויפהערלעכע שפּאַנען איבער די וואַרשעווער גאַסן, אין וועלכע ער איז געווען פאַרליבט. דאָס אורבאַניסטישע לעבן האָט אים אינטריגירט און אפילו געכישופט, נאָר נישט פאַרבלענדט. ער האָט אויפגענומען און באַנומען די מענטשלעכע און ספּעציעל יידישע ליידן, וועלכע דאָס דעמלטיקע לעבן האָט געבוירן — די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, די אָרעמקייט, אָפּגעפרעמדקייט און איינזאַמקייט, נאָר ווי אַ זון פון די וואַרשעווער גאַסן, האָבן זיי צו אים גערעדט דורך ספּעציפישע גרויס־שטאָטישע בילדער, מיט וועלכע ער האָט זיך געטראָפן יעדע שעה. די מענטשלעכע בענקשאַפטן, ליידן און חלומות זענען אין זײַנע לידער מגולגל געוואָרן אין טויטע קעגנשטאַנדן, אין וועלכע ער האָט זיי פאַרגעשטעלט מיט מייסטערישער פּרעציזקייט און פּלאַסטישקייט. די שווייגנדיקע שפּראַך פון זײַן לידערוועלט, וועלכע ער האָט באַוויזן צו פורעמען אַזוי אויסדריקלעך, האָט נישט בלויז פאַרגרעסערט דעם עלנט און טרויער, נאָר די מענטשלעכע אינהאַלטן צוגעגעבן אַ מין קאָסמישן באַדייט. די דיכטערישע זעונגען האָבן באַקומען אַ טיפערן פילאָזאָפישן זין.

דאָס אַלץ איז אין יענע פריע יאָרן פון זײַן פּאָעטישער טעטיקייט געוואָרן די הויפּט־טעמע פון זײַן אייגנאַרטיקער דיכטונג, וועלכע האָט געפונען איר קינסט־

לערישע פּאַרקערפּערונג אין זיין לידער־בוך ״מאַדעלן״ און אין פיל לידער גע־דרוקטע אין פאַרשידענע אויסגאַבן.

די צווייטע וועלט־מלחמה מיט אירע אוממענטשלעכע גרוילן האָט ווי אַ שטורעמווינט אָפּגעווישט אַלע פּאַעטישע באַדינגלעכקייטן און אויפגעצוווּנגען צו באַגעגענען זיך מיטן לעבן פּנים אל פּנים. יעדע באַדינגלעכע פאָרם, וועלכע האָט זיך פאַרשטעלט אונטער פאַרשידענע אויסגעטראַכטע, אויסגעקליגלטע מאַסקעס, איז געוואָרן אַ באַוווּסטזיניקע, אָדער אומבאַוווּסטזיניקע פּחדנות אַנצורופן זאַכןביים נאָמען. אַ מאָל נאָך ערגער — אויף טיף־טראַגישע אינהאַלטן איבערראַשן מיט טיפּזיניקייט, וואָס איז געווען אין דער אמתן אומזיניקייט. רעדן צו מענטשן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט די תקופה פון קרעמאַטאָריעס און מיליאָניקן קינדער־מאָרד פון אַ לאַבירינט מיט אַ משונהדיק קול און פאַרקריפּלט לשון אונטערן אויס־רייד פון קינסטלערישער ספּעציפישקייט איז אין בעסטן פאַל נישט אָנשטענדיק.

יוסף רובינשטיין האָט דאָס דערפילט און דערקענט סיי אינטויטיוו סיי באַוווּסט־זיניק. זיין נאָך מלחמה׳דיקע דיכטונג איז אַ דירעקטע אַ קלאָרע און רעאַליסטישע און איז דורכגענומען פון קינסטלערישער און נאַציאָנאַלער אחריות. זיינע גרויסע פּאָעמעס — ״חורבן פוילן״, ״מגילת־רוסלאַנד״ און ״יציאת־אייראָפּע״ — איז אַ קינסטלערישע פאַרפיקסירונג פון די שווידערלעכע ליידן פון דעם יידישן פאָלק אין דער מאַקאַברישער עפּאָכע פון דער נאַצישער בעסטיע און איינע פון די טראַ־גישסטע קונסטווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור. אַ ליריש געפיל באַגלייט אין זיי אָן אויפהער די רעאַליסטישע עפּישע שילדערונגען פון די געשעענישן און גע־שטאַלטן און אַ דיסקרעטער אינערלעכער יחידישער צער — דער טיפער דער־קענטעניש פון דעם יידישן גאַנג אין דער געשיכטע. די ליידן פון פוילישן יידנ־טום און זיין אומקום קומען אויף בולט אין פּלאַסטישע בילדער און די קינסטלע־רישקייט פון זייער שילדערונג איז נישט געמינערט דורך דעם אינדיווידועלן ווייטיק פון דיכטער. דאָס גלייכן באַקומט זיך נישט קיין שום פּגם אין דער אביעקטיוויטעט פון שילדערן דאָס לעבן פון רוסישן מענטשן אין קאָמוניסטישן רעזשים מחמת דער סוביעקטיווער באַציונג צו אים מצד דעם דיכטער. אין עכטער קונסט איז דאָס סוביעקטיווע און אָביעקטיווע נישט קעגנזעצלעך, נאָר זיי דער־גאַנצן זיך קעגנזייטיק.

באַזונדערס אָביעקטיוו און גלייכצייטיק מיט ליבשאַפט און פאַרערונג זענען געשילדערט די קאַריפייען פון דער יידישער ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד, די דערמאָרדעטע אָן שום שולד. זייערע איבערלעבונגען און ליידן ווי יידישע שרייבער און ווי יידן, זייערע אינערלעכע טראַגישע מחשבות און פאַרשטומטע פאַר זיך גופא ספקות, זייער פאַרקלעמטע ליבשאַפט צום יידישן פאָלק — דאָס אַלץ איז געגעבן מיט אַ סך עפּישן טאַלאַנט און מיט קינסטלערישער אחריות און מאָס.

יעדע פון די פּאָעמעס איז אַן אוצר פון יידישע איבערלעבונגען געלייטערטע אין טראַגישער דערקענטניש און פאָדערט אַ באַזונדערע ברייטע באַהאַנדלונג.

# אויפֿן ראַנד פֿון בוך "ביחידות" פֿון בינם העלער

סוף צוואַנציקער יאָרן פֿון אונדזער י.ה. האָט דער בונט אין דער יונגער יידישער דיכטונג פֿון פּוילן אַנגענומען ביי פֿיל פֿאָעטן דאָס געשטאַלט פֿון אַ געאָרדנטן, פּראָגראַמאַלן קאַמף אויף דער זייט פֿון אַרבעטער־קלאַס. איך באַצייכן דאָס, ווי פּראָגראַמאַל, ווייל מערסטנטייל האָט די דאָזיקע דיכטונג אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך און טייל מאָל אפֿילו אָפּן באַקעמפֿט אַלע ביז דעמלטיקע טראַדיציאָנעלע אָנהויבונ־גען און נאַציאָנאַלע אייגנטימלעכקייטן, אָן וועלכע יעדע קינסטלערישע שאַפֿונג בלייבט געוויינלעך נאַקעט און פֿרירט איין מיט דער צייט.

"ווילסט דעם אמת — אָט האָסטו אים!"
אָן שום רמז און אָן שום גרים."

די צוויי שורות פֿון אַ ליד, וואָס ס'האָט מיר דעמלט געלייענט אַ יונגער פֿאָעט, זענען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אָט דער דיכטונג און דריקן אויס אין אַ באַשטימטן זיך איר מהות. זי איז געווען אייגנטלעך אַ טעמפּעראַמענטפֿולע, הייסבלוטיקע, געגראַמטע און ריטמיזירטע פּובליציסטיק. היינט איז די אַרט דיכטונג דאָס אויך נישט. זי איז טאַקע ווייטער אַ געגראַמטע און ריטמיזירטע פּובליציסטיק, נאָר אָן טעמפּעראַמענט און אָן הייס בלוט — סתּם אַ מצוות־אנשים מלומדה, אַ שלעכטע בדחנות. און אויך די קוואַלן, פֿון וועלכע זי שעפּט היינט, זענען נישט מער קיין הויכע אידעאַלן, נאָר חניפֿה, פּחדנות און טעמפּקייט.

בינם העלער, וועלכער האָט אין יענע יאָרן אויך געהערט צו דער כיתה פֿון די "לינקע שרייבער", איז געקומען גלייך פֿון אָנהייב מיט ספּעציפֿישע דיכטערישע אייגנשאַפֿטן, וועלכע האָבן נישט בלויז אים אַליין אויסגעטיילט פֿון אַלע אַנדערע, נאָר געבראַכט מיט זיך אַ נייעם אינהאַלט פֿאַר דער גאַנצער יידישער רעוו. דיכ־טונג אין פּוילן פֿון דעם זשאַנער.

העלערס רעוואָלוציאָנער וואָרט איז נישט געווען פּראָגראַמאַל און אָפּגעדעקט. עס האָט נישט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך אַלע הויטן פֿון עבר. פֿאַרקערט, דער פּאָעטי־שער אויסדרוק פֿון העלערס ליד איז געווען אַנגעקליידט אין אַ בילדערישקייט, וועלכע האָט געוואָרצלט טיף אין דער יידישער טראַדיציע און אין יידישן שטייגער. דער דיכטער גופֿא דערמאָנט וועגן דעם אין זיין לעצט־דערשינענעם לידער־בוך "ביחידות" אויף אַ פֿאָלקסטימלעך־ראָמאַנטישן און בילדלעכן אופֿן אין דעם ליד "מאַנדאָלינע". ער האָט אַלס יינגל געגאַרט און געבענקט, אַז ס'זאָל הימלעך

אַ קלונג טאָן אַ סטרונע, כדי די אַלטע שענק זאָלן אויך דערהערן דעם יונגן ניגון, וואָס ער האָט אויסגעפונען. אָבער ווען ער האָט, זאַמלנדיק אַ גראָשן צו אַ גראָשן, געקויפט אַ מאַנדאָלינע און אַרויסבאַקומען פון איר דעם ערשטן קלאַנג, האָט גאָר זיין טאַטע אַ דערשטוינטער דערקענט אין דעם קלאַנג "זיין ניגון פון קדושה און אמונה".

דאָס רעוואָלוציאָנערע איז אין העלערס ליד נישט אויפגעקומען אגיל־ואשמח־ריק, מיט אַ טרומייטערנדיקן געשאַל, נאָר אין שווערן געראַנגל מיט איינגעשטעלטן דורותדיקן יידישן לעבנסשטייגער און מיטן דורותדיק פאַרוואָרצלטן יידישן מאָראַלישן לעבנס־באַנעם.

די שוועריקייט פון דעם געראַנגל איז באַשטאַנען נישט אין דער פאַנאַנדערטיילונג צווישן דעם אַלטן און נייעם, נאָר אין דעם אויסגעפינען די פאַרבאָרגענע וועגן, וועלכע פאַרבינדן זיי צוזאַמען, אין אויסגעפונען דעם מיסטעריעזן יידישן גורל, וועלכער ציט זיך, ווי אַן אונטערערדישער טייך, אומאָפּהענגיק וועלכע שטחים עס געפינען זיך פון אויבן — וויסטע צי פרוכטבאַרע, באַרגיקע צי טאָליקע. דאָס איז געווען פולשטענדיק אין גייסט פון דער פרציאָנישער קאָנצעפּציע וועגן דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער יידישער געשיכטע.

אין די קאָנקרעטע פּאָעטישע געשטאַלטיקונגען פון העלערס דיכטונג איז די דאָזיקע געזעגענונג און ווידערבאַהעפט מיטן עבר אויפגעקומען אין אייגנאַרטיקע, עמאָציאָנעל־געשפּאַנטע בילדער, וועלכע האָבן געגרייכט צו יידישע הערצער און אַרויסגערופן דאָס געפיל פון לעבעדיקן אמת און נישט בלויז דעם קינסטלעכן אויפרודער פון צייטווייליק אַקטועלע לאָזונגען.

פיל יידישע דיכטער פון יענער צייט, וועלכע האָבן געהערט צו פאַרשידענע "לינקע", "פּראָלעטאַרישע" צי "רעוואָלוציאָנערע" קרייזן, האָבן געזונגען וועגן אָרעמקייט און בויט, וועגן פּראָטעסט און בונט, וועגן פרייהייט און גלייכהייט. אָבער העלער האָט אין פולן פון יענער צייט געשאַפן דאָס נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע יידישע ליד — נאַציאָנאַל אין טיפסטן זין פון וואָרט, ווייל סיי אין דער טעמע, סיי אין געמיט און סיי אין בילד.

אין דער צייט פון שואה, ווען דאָס יידישע וואָרט איז געוואָרן דערטרונקען אין בלוט צוזאַמען מיט זיין שעפער, און אויך דירעקט נאָך דער שואה, ווען די יידישע דיכטונג פון די על־פּי־רוב אָפּגעראַטעוועטע איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין בלויזע קינות, לגבי וועלכע ס'איז נישט שייך אָנצווייענדן וועלכע־ס'איז קינסטלערישע מאָסן — אויך אין דעם מאַקאַברישן פעריאָד האָט העלערס ליד איינגעהאַלטן זיינע פריערדיקע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון געבן אַן אויסדרוק דעם אָנגעזאַמלטן ווייטיק אין קאָנצענטרירטע געהעמטע בילדער, וועלכע האָבן באַזיצט אַלע מעלות פון קינסטלערישער אומגעריכטקייט און ערשטיקייט און גלייכצייטיק כולל געווען אין זיך דורותדיקע יידישע דערפאַרונג, פּיין און פּראָטעסט.

דאָס לעצט־דערשינענע בוך פון בינם העלער, "ביחידות", געהער שוין צו אַ

דריטן פעריאָד פון זיין שאַפן, ווען די רעפלעקסיווע, חשבון־הנפשדיקע באַטראַכ־טונגען פאַרנעמען דעם אויבנאָן און די העלערישע עמאַציאָנעלע שפּאַנונג געפינט זיך אין אונטערטעקסט.

ביי זיין גאַנצער אייגנאַרטיקייט און אינדיווידועלקייט איז העלער אַלע מאָל געווען אַ שליח־ציבורדיקער פּאָעט, וואָס זיין יעדע דיכטעריש־געשטאַלטיקטע איבערלעבונג און געפּיל האָבן גלייך געפונען זייער רעזאָנאַנס אין אַ באַשטימטן כלל. אין זיין לידער־בוך ״ביחידות״ מאַכט דער דיכטער זיין יחידישן סך־הכל פון אַלע זיינע פּאָעטישע און סתם מענטשלעכע דערפאַרונגען מיט אויסערלעכער גע־העמטקייט און רויקייט, צייטנווייז אפילו מיט אַ מין פילאָזאָפישער קילקייט, די מערהייט לידער פון דעם בוך זענען אינזיכישע, אויסגעטראַגענע אין טיפער מחשבה. אָבער זייער דיסקרעטער סקעפּטיציזם לגבי פיל ווערטן אין לעבן, אפילו לגבי דער דיכטונג גופא, איז נישט קיין קוהלתדיקע. בלויז שיר־השירימדיקע דיכטער טרעפן אָפּט לסוף צום קוהלתדיקן הבל־הבלים. העלערס מוזע, ביי איר גאַנצן אייגנאַרטיקן רייץ, געהער צו די געטינס פון דין, עס איז אין די לידער נישט פאַראַן דאָס פאַטאַליסטישע שלום־מאַכן מיט אַלץ, ווי עס איז. פון אונטער זייער לפנימדיקער רויקייט גייט אויף די העלערישע טראַציקייט, אַ שטילער סאַרקאַזם, אַ שאָטן פון פאַרביטערטקייט. אונטער דער לויטערקייט פון די אומעטיק־קלוגע געדאַנקען פליסן נאָך אַלץ די הייסע העלערישע שטראָמען. אין דעם באַ־שטייט די אריגינעלקייט און אויסנאַמלעכקייט פון דעם לידער־בוך.

און דעריבער טאַקע כאָטש אין דעם בוך ווערט אויף פאַרשידענע בילדערישע אופנים דיכטעריש־איינפּאַלעריש און געדאַנקלעך־פאַרטיפט געשילדערט די גע־פילן פון איינזאַמקייט, אַנטוישונג, מידקייט און בענקשאַפט צום אַ מאָל און מיר לייענען מיט געררטקייט די אַזוי כאַראַקטעריסטישע העלערישע שורות: ״איך בין דאָך מער אין דער פרעמד / פאַרוואָס זשע דאָס שטילע געוויין, / פאַרוואָס האָט ביים האַרץ מיך פאַרקלעמט / דער ניגון, וואָס זינגט זיך אַליין? / בו העלפט ושע מיר ברידער / און זינגט מיט מיר ווידער / דאָס ליד מיטן אַלטן רעפריין: / אוי, ס׳וועט נישט זיין / ס׳וועט נישט זיין — / דאָס וועט שוין קיין מאָל נישט זיין! /

דאָך איז אין אונדז טיף פאַרוואָרצלט דער גלויבן, אַז העלערס ווייטערדיקער דיכטערישער וועג איז אַנטהאַלטן אין זיין דרייסטער פּאָעטישער וואָרענונג:

״פאַרבייגייער, זיי איצט געהיט — —
די פען, ווי אַ בויגן איך עפן.
דאָס גליאיקע וואָרט פון מיין ליד
דיך קאָן מיט דער אייביקייט טרעפן!״

ווייל דאָס דאָזיקע גליאיקע וואָרט, וואָס טרעפט אין לייענער מיט דער אייבי־קייט, איז אַלע מאָל געווען און געבליבן העלערס פּאָעטישער כוח און באַרוף.

## „פון ליד צו ליד" פון רחל בוימוואַל

יעדע דיכטונג — געדאַנקלעכע און עמאָציאָנעלע — איז אין שטאַנד צו באַווירקן סיי אונדזער מחשבה און סיי אונדזער געפיל, עס איז אָפּהענגיק פון אונדזער אַל־געמיינער נאַטור, אָדער פון אונדזער צייטווייליקן מצב־רוח. די אַזוי גערופענע אינטעלעקטועלע, צי רעפלעקסיווע דיכטער, וואָס זייערע בילדער זענען שכלדיק־איינפּאַלערישע, אָדער שכלדיק־פּאַרטראַכטע, קאָנען ווירקן טיף עמאָציאָנעל. און אויך פאַרקערט. דיכטער, וואָס זייער בילדעריש לשון קומט אויף ספּאָנטאַן פון שטאַרקער איבערלעבונג, קאָנען וועקן אין אונדז אַבסטראַקטע מחשבות. די אָנ־העגגער פון אויסשליסלעך ריינעם געפיל אין דער פּאָעזיע זענען זיך טועה, פונקט ווי די אָנהענגער פון ריינעם פאַרנונפט. אין יעדער מענטשלעכער טעטיקייט נעמען אָנטייל ביידע עיקרדיקע מענטשלעכע אייגנשאַפטן — צו טראַכטן און צו פילן, נישט מער, זיי זענען זעלטן גלייכע שותפים. זייער צוזאַמענאַרבעט פאַרמאָגט אָן אַ שיער וואַריאַנטן און שטענדיק נעמט איינער פון זיי די אויבערהאַנט און לייגט דעם הותם אויף דער גאַנצקייט. אַ מאָל איז דער געדאַנק אין פאַרשידענע פאַרמען און געשטאַלטן דער בולטער, דער אויבנאויפיקער, און דאָס געפיל איז פאַרטאַיעט אין הינטערגרונט, און אַ מאָל פאַרקערט.

דער רעאַליסטישער און שכל־הישרדיקער דרך פון רחל בוימוואַלס דיכטונג איז עלול אין דער הינזיכט צו פאַרפירן, צו ווערן אויסגעטייטשט איינזייטיק, בוימוואַלס אויג און אויער זענען ווירקלעך אָפן און וואַך צו אַלץ, וואָס זי זעט און הערט, און זי ווייסט, וואָס זי וויל זאָגן, זי זוכט אויך צילבאַוווסט דאָס אַדעקוואַטע בילד און דעם אַדעקוואַטן אויסדרוק פאַר אירע איינפּאַלערישע געדאַנקען און זעונ־גען. זי דיכטעט אָפן אין פרייען ליכט און נישט אין פאַרטונקלטע ווינקעלעך, אָבער גראָד ליכט געבוירט שאָטן. אירע קלאָרע רייד פאַרמאָגן אָפט אין אונטערטעקסט אַ טונקעלן אומעט, איר אויבנאויפיקע זיכערקייט — אַ דיסקרעטן צווייפל און איר עטוואָס איראָנישע טראַציקייט — אַ פרויישע צאַרטקייט, וואָס קומט צום אויסדרוק אין פשוטע ווערטער מיט אַ רירנדיקן ליריזם און אלוזיאָנערישקייט.

דאָס דיכטערישע בילד איז נישט בלויז אַ מיטל צו מאַכן דעם לייענער אומ־מיטלבאַר־אייגן דעם געדאַנק, די איבערלעבונג און די זעונג פון דיכטער אין זייער אויטענטישער געשטאַלט. דאָס דיכטערישע בילד קאָן אויך באַזיצן אָן אָנטפּלע־קערישע קראַפט צו אַנטדעקן אין יעדער דערשיינונג נייע ביז איצט נישט באַקאַנטע און נישט געאָנטע אינהאַלטן. דערביי איז די דאָזיקע אַנטפּלעקערישע קראַפט אומ־

ענדלעך אין אירע מעגלעכקייטן און אין אירע וואַריאַציעס — אָפּהענגיק סיי פון דעם טאַלאַנט און סיי פון דער פּערזענלעכקייט פון דיכטער.

אין רחל בוימוואַלס בוך „פון ליד צו ליד" איז אַזאַ אַנטפּלעקערישע בילדלעכ־קייט צו באַגעגענען אין פיל לידער, אין וועלכע אירע פּערזענלעכע שטימונגען, מחשבותן און געפילן באַקומען אַן אַלגעמיינעם באַדייט, סימבאַליזירן מיט זיך מענטשלעכע אייגנשאַפטן און צושטאַנדן בכלל.

אַזוי, למשל, ווען בוימוואַל שרייבט:

„פאַלט אַ רייפע ליד אַראָפּ, ווערט לייכטער,
כ׳ווער פון דעם נישט אָרעמער, נאָר רייכער.
נייע צווייַ שוין וואַרטן אַנשטאָט איינער,
ווי די טרערן ביי אַ קינד אַ וויינער.

אָדער:

הייב איך צו דעם הימל אויף די אויגן — —
זע איך, ס׳איז אַ פויגל דורכגעפלויגן...
ניט איך ווייס זיין וועג און ניט זיין נאָמען — —
טוט עס מיך אַ נעם ביי דער נשמה. — — —

גיבן די דאָזיקע שורות נישט בלויז קיין פאַרשטעלונג וועגן דעם פּראָצעס פון געבורט און אַנוווקס פון ליד, נאָר אויך וועגן זיין כאַראַקטער און אַטמאָספער, ווי אויך וועגן דער אייביקער בענקשאַפט פון מענטשלעכן האַרץ אינעם ליד.

אָדער אין דעם ליד „ירושלים", וווּ אין אַ פּאָר קאַרגע פּשוטע שורות, ווי:

„— — — די לופט פון גאָר דער וועלט איז דאָ פאַרטראַטן.
די זון איז צו די שטיינער צוגעזאַטן,
אַהער מע קומט, און ניט מע גייט פאַרביי." — — —

איז געגעבן די אייביקע, אייגנטימלעכע כשוף־קראַפט פון דער הייליקער שטאָט.

דאָס גלייכן, ווען בוימוואַל זאָגט אין איר רירנדיק ליד „צו מיין זון":

— — — „דו וועסט טרינקען, וועט מיין דורשט זיך שטילן,
דו וועסט שלאָפן, וועל איך זיין באַרוט.
מיך וועסטו דערנעבן זיך ניט פילן,
ניט פאַרשטיין פון וואַנען איז דיר גוט.
— — — — — —
זיין כ׳וועל די אַנטקעגנאיבערדיקע וואַנט..."

איז אין די פּשוטע קורצע ווערטער געגעבן דער מהות פון מאַמעשקייט. און אַזוי אין די לידער „טראָפּנס", „קוועקזילבער", „אַ העקל־פעטליע", „אַן דעם" „איך", „איבער פעלדער פון שנאה" „מיין מאַמע אין חלום", „אַן אַלט ליד" און אין צענדליקער אַנדערע. אַלע זיי פאַרמאָגן דאָפּלטע בילדערישקייט, וועלכע באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס בילד אויסער מאַכן אַנשויליעך די טעמע, סטימולירט

עס אויך געדאַנקען און געפילן פון אַלגעמיינעם באַדייט. די דאַזיקע דאָפּלטקייט שאַפט אויך דעם שאָטן פון די ווערטער, זייער שטילן פּאַרקלער און יענעם פאַר־באַרגענעם אומעט, וועלכער אַנטפּלעקט דעם דיכטערישן אָטעם פון ליד, ווי דער ווינט אַנטפּלעקט די לופט.

## וועגן י. פּינערס "צוויי משפּחות"

עס זענען פאַראַן פּראָזאַיקער שילדערער, באַשרייבער און שמועסער. די פאַרשידענע פאָרמען פון אויסדריקן זיך האָבן נישט צו טאָן מיט דער גרייס פון שרייבערס טאַלאַנט און נישט מיט דעם כאַראַקטער פון ווערק. מען קאָן אין יעדער פאָרם זיין אַן אידעאַליסט, צי אַ רעאַליסט; באַהאַנדלען די טעמע פּסיכאָלאָגיש, צי שטייגעריש; באַרירן פּראָבלעמען יחידישע, צי אַלגעמיינע, אינטימע, צי געזעל־שאַפטלעכע א.ד.ג.

אין דער פּראַקטיק זענען די פאַרשידענע פאָרמען פון אויסדריקן זיך נישט שטאַרק אָפּגעשיידט צווישן זיך. איינע גייט אַריין אין תחום פון דער צווייטער. וועגן כאַראַקטער פון ווערק דעצידירט אין אַ גרויסער מאָס די אַטמאָספער, וועלכע קומט פון אויטאָרס געמיט־צושטאַנד, פון זיין באַציִונג צו דער וועלט, צו די מענטשן, צו די פּאַסירונגען אַרום.

אויך אין די שאַפונגען פון י. פּינער שפּילט די אַטמאָספער אַ באַדייטנדיקע ראָל. עס איז אין איר פאַראַן אַ לירישע שטימונג און ראָמאַנטישע פאַרבענקטקייט, אַ מין בלאַנדזשנדיקע זוכעניש פון הומאַנישקייט, פון מענטשלעכער ליבשאַפט און אַן אומעט מחמת דעם, וואָס אין לעבן באַגעגנט מען תמיד דאָס פּונקט פאַרקערטע. די דאַזיקע אַטמאָספער, ווי אויך אייניקע עיקרדיקע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון י. פּינערס איצטיקן שרייב־אופן זענען געווען קענטיק שוין אין זיינע ערשטע שאַפונגען, נאָר נאָך מטושטש און נישט דעצידירט. אין די "צוויי משפּחות", באַזונדערס אין צווייטן טייל, קומען אויף די אַלע אייגנשאַפטן פון פּינערס שרייבן רייף און זיכער.

דאָס איז, ערשטנס פּינערס שמועסדיקע פאָרם, וועלכע מאַכט אונדז סיי די העלדן, סיי די געשעענישן היימישלעך און נאָענט, ווי מיר וואָלטן זיי אויפגענומען דירעקט אָן שום פאַרמיטלונג.

צווייטנס, איז דאָס די פּסיכאָלאָגישע אינטראָספּעקציע פון פיל פון זיינע העלדן, וועלכע קומען צום אויסדרוק אין זייערע אינערלעכע מאָנאָלאָגן, ווו זיי הייבן אַרויס נישט בלויז זייערע אייגענע כאַראַקטערן, נאָר אויך די כאַראַקטערן פון אַרומיקן פּערסאָנאַזש.

און דריטנס, איז דאָס פּינערס מאַניער אויסצוברייטערן דעם אייגנטלעכן סיוזשעט מיט אַלגעמיינער אינפאָרמאַציע פון געשיכטלעכן, געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן

כאַראַקטער וועלכע שאַפט דעם הינטערגרונט פון דער פּאַבולע און פון די האַנדלונג־גען פון די העלדן און איז גלייכצייטיק אין אַ געוויסן זין זיי מפרש . . .

דער צווייטער באַנד פון די "צוויי משפחות" ברענגט אַרויס אַ באַזונדער טראַגישע תקופה פון די יידן אין פראַנקרייך — די תקופה פון דער נאַצישער הערשאַפט. אויף אַ ברייטן געשיכטלעכן לייוונט פון די אַלגעמיינע געשעענישן גיט י. פינער אַ קלאָר און בולט בילד פון דער צייט בכלל און באַזונדערס פון די שווערע ליידן פון די מענטשן, וועלכע ווערן אין דעם בוך באַהאַנדלט. עס איז אַן אייגנאַרטיקער באַהעפט פון רעפּאָרטאַזש און פּסיכאָלאָגישן געמעל פון יחידישע איבערלעבונגען, געצייכנט שאַרף און מיט אַ צעוויטיקט געמיט, וואָס באַווירקט דעם לייענער און האַלט אים אין כסדרדיקער שפּאַנונג. די צוויי געשילדערטע משפחות אויפן שטח פון גאַנצן ראָמאַן — די גראַסמאַנס און שטיינס — מיט אַלע זייערע אָפּצווייגונגען, וועגן וועלכע דער אויטאָר דערציילט אַזוי בפּרוטרוט אין ערשטן באַנד, שילדערנדיק זייערע ליידן בעת דעם איבערוואַנדערן און איינביר־גערן זיך אין דער נייער היים, ווערן אין צווייטן באַנד אַריינגעפירט אין אַלגע־מיינעם ווירוואַר פון מלחמה און נאַצישע אכזריות, ווי צוויי שטראָמען אין איין שטורמישן טייך. קיין שום העלד הייבט זיך נישט ספּעציעל אַרויס איבער דער אויבערפלאַך פון דער אַלגעמיינער פאַרפלייצונג. אַפילו דניאל און שאַרלאָט, וועלכע זענען אין דעם צווייטן באַנד די צענטראַלע פיגורן, דערציילן זיך אויס אין זייערע בריוו און ברענגען אַרויס אין זייערע טראַכטונגען און חלומות פיל מער די צייט און אַנדערע פאַרשוינען אויסער זיך, איידער זיך אַליין.

אָבער אויך אַזעלכע ווערק, וועלכע פאַרמאָגן נישט קיין הויפּטהעלד, אָדער וואָס זייער הויפּטהעלד איז דער ציבור, פאַרמאָגן גאַנץ אָפט זייער הויפּט־אידעע. מערסטנטייל מיט דער בפירושער כוונה פון אויטאָר, אָבער טייל מאָל אַפילו אָן זיין וויסן, נאָר אַרויספליסנדיק פון זיך אַליין פון דעם גאַנג פון די געשעענישן.

אין דעם פאַל זעט מיר אויס האַנס בוימאַן די הויפּט־אידעע פון ווערק. אויף דעם אויבערפלאַך פון צעשטורעמטן ים, וועלכן פינער שילדערט מיט האַרץ און טאַלאַנט, זע איך אַן אויפהער דאָס עלנטע שיפל פון האַנס בוימאַן, וואָס ס'האָט זיך אים אַ מאָל געדאַכט, אַז ער האָט עס פאַראַנקערט ווי אַ תושב, אַ דאַנק זיין אורגערמאַנישער געשיכטלעכער און מיטאָלאָגישער סחורה, אין דייטשן האַפן. איצט בלאָנדזשעט עס אַרום "אָן אַ היים און אָן אַ לאַנד" ראַטעווענדיק זיך פון די, וועמען ער האָט געדינט בלב ונפש און איצט ווילן זיי עס דערפירן צום אָפּגרונט.

צי איז דען נישט האַנס בוימאַן דער אמתער געשיכטלעכער פּירוש צו דער גרויסער און גרויליקער מגילה פון פּיין, וועלכע פינער שילדערט, און וועלכע הייסט "יידן" ?

צי איז ער דען נישט דער אמתער געשיכטלעכער מוסר־השכל, וועלכער האָט צו זיך נישט זיין גלייכן אין זיין אכזריות און טראַגיזם, אָבער אויך נישט אין זיין מסירת־נפשדיקן סוף, וועלכער איז פול מיט פּיין און קדושה ?

טייל מאָל דאַכט זיך, אַז דאָס גאַנצע בוך פון מענטשלעכע ליידן און גרוילן איז די איבערגאַנגס־געשיכטע פון האַנס בוימאַן צו יוחנן בוימאַן, דער איבערגאַנג פון אַ פרעמדער רוצחישער וועלט צו זיך אַליין. אָבער אַזוי, פאַרשטייט זיך, איז עס נישט. אויסער האַנס־יוחנן איז נאָך געווען אַ גרויסע נישט יידישע וועלט, וועלכע האָט אויך דורכגעמאַכט אין יענער צייט געגנוג פּיינען. דעריבער איז ריכ־טיק, וואָס פינער האָט נישט פאַרשפּיצט אַלע געשעענישן צו דער פאַרוואַנדלונג האַנס־יוחנן, נאָר זיי געשילדערט אין זייער גאַנצן פאַרנעם. אָבער ס'איז אויך ריכטיק, וואָס פינער לאָזט נישט אָפּ אויפן גאַנצן שטח פון בוך דעם דאָזיקן עיקר־דיקן מאָטיוו פון דער נייסטער יידישער געשיכטע, דעם מאָטיוו פון צוריקקומען צו זיך, און קערט זיך אַלע מאָל צו אים אום. ווארעם, צי איז דען נאָך דעם אַלעמען, וואָס ס'איז פאַרגעקומען אויף מערב און מזרח, פאַראַן נאָך אַ צווייטער וועג ?

די לעצטע שורות פון דעם ווערק גיבן דערויף זייער טרויעריקן ענטפער: דער גענעראַל פאָן שאַלטיץ, וועלכער האָט געגעבן דעם באַפעל צו מאָרדן, "הייבט איצט אָן אַרומשפּאַצירן אין דער געשיכטע פון דער באַפרייונג פון פאַריז מיט זיין ניי־דערוואָרבענעם טיטול "דער איינציקער אידעלער דייטש, וואָס אים האָט מען צו פאַרדאַנקען דאָס נישט צעשטערן פאַריז". בפרט, אַז מיר ווייסן, אַז ער איז נישט דער איינציקער און אַפילו נישט בלויז איינער פון די הונדערטער דייטשישע מערדער, וועלכע האָבן ביי די אומות־העולם באַקומען איצט די טיטולן פון אידעלע דייטשן.

דאָס באַשטימט די אומפאַרמיידלעכקייט, פון האַנס בוימאַנס איבערגאַנג צו יוחנן בוימאַן, צו זיך, אָן איבערגאַנג, וועלכן זייער פיל האָבן דערזען ליידער ערשט צווישן די גרויליקע געשעענישן פון יענע פינצטערע צייטן, ווי אַ קלאָרן קוואַל צווישן זאַמדיקע מדבריות.

אין זיין ברייט־פאַרמאָסטענער שילדערונג פון די אומצאָליקע קאָמפּליצירטע פּאַסירונגען אין לעבן פון דער יידישער עמיגראַציע פון מזרח־אייראָפּע קיין פראַנקרייך אין דער צווייטער העלפט פון אונדזער יאָרהונדערט, ווי אויך פון איר טראַגישן אומקום אין דער צייט פון די היטלערישע חיות־רעות, האָט י. פינער דעם דאָזיקן איבערגאַנג אַרויסגעהויבן אין זיין גאַנצן אכזריותדיקן אמת, ווי דעם אָנזאָג פון אַ ווידערגעבורט אין בלוטיקן קלעם פון טויט און דערמיט אויך אַריינ־געבראַכט אין די שילדערונגען פון פינצטערניש און כאַאָס אַ פונק פון ליכט און אַן אָנדייט פון אַ נייעם וועג.

## וועגן "12טן אויגוסט, 1952" פון יוסף קערלער

אַ גוט בוך איז שטענדיק אויף דער צייט, ווייל עס באַהאַנדלט אונטער פאַרשידענע פאָרמען מענטשלעכע פּראָבלעמען, וועלכע קאָנען בייטן מיט דער צייט זייער אויסערלעך געשטאַלט, אָבער זיי חזרן זיך תמיד איבער, זיי זענען תמיד פאַראַן. אָבער נישט שטענדיק איז אפילו אַ גוט בוך אַקטועל.

יוסף קערלערס "12 אויגוסט 1952" איז אויך אַקטועל, און דאָס דאָפּלט:

ערשטנס, איז אין דעם געשילדערט דער המשך פון יידישן אומקום נוסח ראַטנפאַרבאַנד, וועלכער האָט, פון איין זייט, געבראַכט פאַרוויסטונג דער סאָוו־עטיש־יידישער קולטור און, פון דער צווייטער, סטימולירט די נאַציאָנאַלע דערוואַכונג פון סאָוועטישן יידנטום, פון דער סאָוועטישער יידישער יוגנט.

צווייטנס, האָט אין דער לעצטער צייט פּלוצעם זיך באַוויזן אַ שפּראָץ פון אַ דיסקוסיע וועגן דעם נאַציאָנאַלן, צי אַנאַציאָנאַלן, אָדער גאָר אַנטי־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור.

דאָס פּראָבלעם איז שוין מיט פיל יאָרן צוריק געוואָרן באַריירט דורך אייניקע. אָבער דעמלט האָבן אין דער דיסקוסיע אָנטייל גענומען צוויי צדדים, וועלכע האָבן אין ברען פון קעגנזייטיקע באַשולדיקונגען נישט געקאָנט דערזען דאָס אמתע געזיכט פון קעגנער. אָבער היינט, ווען מען האָט איין צד דערמאָרדעט בפירוש צוליב זיין יידישקייט, וואָלט מען זיך שוין געמעגט דערלויבן דאָס פּראָבלעם באַטראַכטן פאַרטיפטער און אָביעקטיווער, רעכנדיק זיך מיט די דעמלטיקע אָרטיקע באַדינגונגען — פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און פּסיכאָלאָגישע — אין וועלכע די קלענסטע נאַציאָנאַלע אַלוזיע האָט באַדייט און געווירקט מער ווי די גרעסטע נאַציאָנאַלע הימנען אין אַנדערע באַדינגונגען, בפרט, אַז אין דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור, ווי אויך אין די יידישע ליטעראַטורן פון נאָכמילחמהדיקן פּוילן און רומעניע, זענען פאַראַן נישט בלויז אַלוזיעס, נאָר זייער פיל קינסטלעריש פאַרטיפטע נאַציאָנאַלע מאָמענטן און אפילו גאַנצע שאַפונגען, וועלכע טראָגן אַריין אַ סך אייגנס און אייגנאַרטיקס אין דער נאַציאָנאַלער טעמע. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס "נאַציאָנאַלע" פון די סאָוועטיש־יידישע שרייבער טראָגט נישט די זעלבע הלבשה, ווי עס טראָגט דאָס "נאַציאָנאַלע" ביי די סאַטמאַרער, צי ביי די חב"ד, צי אפילו ביי די בירגערלעך־דעמאָקראַטישע יידישע שרייבער. נאָר אין געביט פון קונסט ווערט דער מענטש געשאַצט נישט לויט זיין הלבשה, נאָר לויט גאָר אַנדערע ווערטן. און וועלכע פון אַלע פאַרשידענע הלבשות איז די סאַמע "נאַציאָנאַלסטע"

איז נאָך אַן ענין פון דיסקוסיע און האָט צו דער טעמע פון אונדזער היינטיק אַרטיקל קיין דירעקטן שייכות נישט.

יוסף קערלער פּאַלעמיזירט נישט אין זיין בוך אויף דער טעמע. ער ענטפערט אָפּ אויף איר אומדירעקט, אָבער קאָנקרעט, איבערצייגנדיק, דורך ביז גאָר טרעפ־לעכע כאַראַקטעריסטיקעס פון די וויכטיקסטע שעפער פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור און פון דעם מהות פון זייער שאַפן.

ס'איז שווער צו דעפינירן די סמנים, אָדער אַנווייזן די גרענעץ, ווו דאָס געשריבענע וואָרט גייט איבער אין דער ספערע פון קונסט, פּונקט ווי ס'איז שווער פעסטצושטעלן די ליניע, ווו די טויטע נאַטור גייט איבער אין דער ספערע פון לעבן. פיל לייכטער איז שוין אָנצוגעבן אייניקע וועזנטלעכע סמנים פון דער קונסט. למשל, די פעיקייט נישט בלויז צו דערציילן וועגן דערשיינונגען, אָדער געשעענישן, אָדער אורטיילן וועגן זיי, ווי דאָס טוען פאַרשידענע וויסנשאַפטלעכע דיסציפּלינען, נאָר גובר זייענדיק דעם שטח און די צייט, שאַפן די אילוזיע, אַז מען איז אין זיי באַטייליקט. דאָס גלייכן ווייזן מענטשלעכע געשטאַלטן נישט ווי זיי זענען אויסערלעך, פאַר אַנדערע, נאָר ווי זיי זענען אינערלעך פאַר זיך און אין זיך.

אין "זכור", דעם ערשטן טייל פון "12טן אויגוסט" קומען אויף דיביידע אייגנשאַפטן זייער בולט. דאָס איז נישט בלויז "זכרונות", וועלכע דערמאָנען אונדז אין יענער טראַגישער תקופה מיט איר גוט פּלאַנירטן מאַסן־מאָרד פון די וויכטיקסטע ליטעראַטור־און־קולטור שעפער פון סאָוועטישן יידנטום. עס איז אַ קינסטלערישע קאָנקרעטע שילדערונג, וועלכע צווינגט אונדז די טראַגעדיע איבערלעבן פון ס'ניי, ווי זי זאָל האָבן מיט אונדז אַליין געשען. אויך די שרייבער־מאַרטירער זענען דורך קערלערן געגעבן אַזוי בולט אין זייערע כאַראַקטעריסטישע שטריכן און אַזוי דראַמאַטיש אָנגעלאָדן, אַז אַלע זייערע איבערלעבונגען ווערן אונדזערע. דאָס זענען גלייכצייטיק גלענצנדיקע קריטישע מיניאַטור־עטיודן געגעבן מיט אַנאַליטישער טרעפלעכקייט און יעדער איינער, וואָס וויל זיך באַקענען מיט די קאַריפייען פון דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור און טעאַטער, דאַרף זיי נישט אויסמיידן.

דאָס האָט אַ שייכות צו שלמה מיכאָעלס, דוד בערגעלסאָן, דוד האָפשטיין, לייב קוויטקאָ, פּרץ מאַרקיש, איציק פעפער, יחזקאל דאָברושין, בנימין זוסקין, דער נסתר, אהרון קושניראָוו און די שוישפּילערינס עדאַ בערקאָווסקאַ און ליאַליע ראָם, זייערע פּאָרטרעטן הייבט קערלער אַרויס אין זיינע שפּאַנענדיקע, טראַגישע שילדערונגען אויפן פאָן פון פּאָגראָם איבער דעם יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמי־טעט, דעם יידישן מלוכה־פאַרלאַג, דעם יידישן מלוכה־טעאַטער. דאָס שטרייכט נאָך אונטער זייערע קינסטלערישע פּערזענלעכקייטן און מאַכט נאָך בולטער זייערע טראַגישע איבערלעבונגען.

די אָפּהאַנדלונג "די יידיש־סאָוועטישע דיכטונג אין דעם נאָך־סטאַלינישן

פעריאַד״ איז צו איבערזיכטמעסיק און די ״שפּעטערדיקע באַמערקונגען״ ווי אויך אייניקע אַנדערע צוגאָבן זעען מיר אויס לגמרי איבעריק אפילו נאָך דעם ווי דער מחבר גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג אין נאָכוואָרט (ז. 221) וועגן זיין נישט איינהייטלעכן סטיל. דאַקעגן זענען די לידער פון מחבר וועגן די אומגעקומענע שרייבער און שוישפּילער דורכגענומען פון אַ טיפער וויטיקלעכער שטימונג און עכטער איבער־לעבונג, ווי ״ביי מיכאָעלס דענקמאָל״, אָדער דאָס אויפרודערנדיקע ליד ״עדאַ זוסקינאַ טאַנצט״, און זיי טראָגן ביי זייער פיל צו דעם אַלגעמיינעם קלימאַט פון בוך.

אינטערעסאַנט און אין דער אַלגעמיינער אַטמאָספער פון בוך זענען אַנגעשריבן דאָס רוב אָפּהאַנדלונגען און רעפּאָרטאַזשן פון דער אָפּטיילונג ״עליה״.

דער ״12 אויגוסט 1952״ אין אַלע זיינע טיילן באַזיצט נאָך איין אייגנשאַפט, וועלכע האָט שוין אַ שייכות צום כאַראַקטער פון יוסף קערלערס שאַפן בכלל. עס איז ווי קערלערס דיכטונג — הייס, אַנגאַזשירט און אוממיטלבאַר. עס איז פאַראַן אַ נשמה אין די ווערטער, וועלכע טוען וויי און רודערן אויף מיט זייער ברייטן אָטעם. עס איז נישט קיין קדיש נאָך אַ פאַרשווונדענער תקופה, נאָר אַן אויסגעשריי פון צער־און־צאָרן, נישט בלויז דערפאַר, ווייל פאַר דעם מחבר איז די תקופה נאָך פריש אין זכרון און ווייל ער וויל זי זאָל בלייבן פריש אויך ביי אַנדערע, נאָר ווייל זי דויערט נאָך ווירקלעך, כאָטש אין אַנדערע פאָרמען, און דאָס בוך איז פון דעם מחבר באַשטימט צו דערמאָנען און מאָנען סיי פאַר די פאַרברעכנס, וועלכע זענען געווען, און סיי פאַר די, וועלכע קומען איצט פאָר.

## נייע ביכער

**וואָלף טאַמבור — יידישע פּרעסע אין רומעניע** (בייטראָג צו אַ מאָנאָגראַפיע) — דאָס בוך אַנטהאַלט אַ היסטאָרישן איבערזיכט פאַר 100 יאָר יידישער פּרעסע אין רומעניע מיט אינטערעסאַנטע קאָמענטאַרן פון מחבר. פאַרלאַג קריטעריאָן, בוקאַרעשט 1977.

**מאָניע ליפשיץ — ״בלעטלעך פון אַ שטורמישער צייט״** — וועגן אַ יידישער קינדער־קאָמונע אין סאָוועט־רוסלאַנד מיט איבער 50 יאָר צוריק. זכרונות און דאָקומענטן, בריוו, בילדער, אילוסטראַציעס, אַרויסגעגעבן אין טאָראָנטאָ (קאַנאַדע) 1978. 176 זייטן.

# דאָס לידער-בוך "באַשערטקייט" פון שמואל טאַפּ

אַלע יידישע קרעכצן שטאַמען כמעט פון זעלבן קוואַל און אַלע יידישע תפילות האָבן כמעט דעם זעלבן תוכן, ווייל אויך אַלע יידישע צרות, וועלכע זענען גורם די תפילות און קרעכצן, זענען כמעט די זעלבע. אין דער געמיינזאַמקייט באַשטייט דער טראַגישער יידישער גורל, אין דער געמיינזאַמקייט באַשטייט אויך די "גע־היימע" יידישע קראַפט. ווי ביימער, וואָס דער שטורעמווינט וואַרפט זיי אין אַלע זייטן, בייגט זיי צו דער ערד, און זיי האַלטן אויס, ווייל אין דער טיף זענען זייערע וואָרצלען פאַרפלאָכטן איינע מיט די אַנדערע.

אַזוי איז געווען אַלע מאָל. נאָך מער איז עס איצט, נאָך דער נאַצישער גרויל־תקופה. די וואָס האָבן אין דער תקופה געלעבט, שוין אָפּגערעדט פון די, וואָס האָבן די תקופה אַליין איבערגעלעבט, טראָגן אין זיך געמיינזאַם דעם אָנדענק פון אירע גרוילן. און נישט בלויז אירע גרוילן, נאָר אויך דאָס בילד פון גאַנצן יידישן לעבן פאַר איר, וואָס איז מיט אַזאַ בעסטיאַלער אכזריות פאַרשניטן געוואָרן. נישט קיין חידוש, וואָס ביי די שרייבער אין יידיש, וועלכע האָבן אין דער תקופה געלעבט און וועלכע זענען מיטן יידישן אומגעקומענעם פאָלק געווען צום נאָענטסטן און ענגסטן פאַרבונדן, איז זי די הויפּט־טעמע ביז אין היינטיקן טאָג. פון דאַנען די געמיינזאַמע אין דער ליטעראַטור אין יידיש נאַציאָנאַלער פאָן און נאַציאָנאַלע ראָם, מיט גאָר ווייניקע אויסנאַמען פון די, וועלכע האָבן פאַרלאָזן די אייגענע, ווייטלעכע נאָר קאָנקרעטע אינהאַלטן, אין הסכם מיט דער יידישער פּאָעטישער טראַדיציע, און זיך אָנגעהויבן באַנוצן אויף אַ קינסטלעכן אופן מיט מוסטערן פון פרעמדע מאָדערניסטישע אומקלאָרקייטן. צי גאָר זינלאָזיקייטן.

אָבער פּונקט ווי דער געמיינזאַמער תוכן פון די יידישע תפילות נעמט נישט אָפּ ביי יעדן באַזונדערן מתפלל זיין יחידישן אופן פון אויסדריקן אים, אַזוי אויך נעמט נישט אָפּ דער געמיינזאַמער פאָן און די געמיינזאַמע ראָם פון דער טעמע אין דער יידישער ליטעראַטור דעם אייגנאַרטיקן אופן פון יעדן שרייבער באַזונדער אויסצודריקן זי.

פאַרשטייט זיך, אַז עס גייט אַ רייד וועגן עכטע שרייבער, ביי וועלכע אייגנאַר־טיקייט פון אויפנעם און אויסדרוק איז דער יסוד.

שמואל טאַפּ געהער צו דער קאַטעגאָריע שרייבער, זיין שטים איז ערלעך און עכט. זיין שפּראַך איז שפּאַרעוודיק, אויסדריקלעך און אַדעקוואַט צו זיין געפיל, זיינע בילדער זענען נישט סענטימענטאַל, צייטנווייז אפילו האַרב, ווייטיקלעך, געבוירן

אין אַ פֿאַרקלעמט געמיט, אָבער טיף אין אונטערגרונט פֿאַרמאָגן זיי אויך אַ דיס־קרעטע צאַרטקייט. דאָס איז צו זען אין די לידער וועגן וואַרשע ערב און בעת דעם חורבן און באַזונדערס אין די ליבע־לידער און אין די לידער, וועלכע זענען געווידמעט די דיכטער מלך ראַוויטש און יעקב פֿרידמאַן.

שמואל טאַפּ געהער נישט צו די ״איבערפּראָדוקטיווע״ דיכטער, אפֿילו נישט צו די מיטלמעסיק פּראָדוקטיווע. פּונקט ווי אין זיין דיכטערישן איכות, איז ער אויך אין זיין דיכטערישן כמות שפּאָרעוודיק און איינגעהאַלטן. אויך זיין נישט לאַנג דערשינען לידער־ביכל ״באַשערטקייט״ איז כמותדיק באַשיידן אין פֿאַרגלייך מיט די דיקע און גרויסע לידער־ביכער, וועלכע דערשיינען לעצטנס, ווי אויף צו־להכעיס דער צאָל אָפּנעמער.

אָבער ווי באַוווּסט, דעצידירט וועגן דער ווערט פֿון יעדן קונסט־זשאַנער נישט די גרייס און נישט די צאָל. פֿאַרקערט, זייער אָפֿט מינערן זיי נאָך פֿון זיין ווערט. עס דעצידירט די עכטקייט, די אייגנאַרטיקייט, דאָס אויפֿריכטיקע מענטשלעכע געפֿיל. און די דאָזיקע אייגנשאַפֿטן באַזיצן כמעט אַלע לידער פֿון ״באַשערטקייט״.

## פֿון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

### פֿייערלעכע אויפֿנאַמע לכבוד אסתר ראָזנטאַל-שניידערמאַן

אין דער געמיטלעכער דירה פֿון **גילה און מאַקס מעלמאַן** איז פֿאָרגעקומען אַ פֿריינד־לעכע מסיבה ביי געדעקטע טישן, לכבוד דעם ערשט־דערשינענעם 2טן באַנד זכרונות ״אויף וועגן און אומוועגן״ פֿון **אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן**. וועגן קינסטלערישן ווערט און גרויסער וויכטיקייט פֿון אָט דעם בוך האָבן גערעדט **דוד ספֿאַרד, אברהם ביק** און דער גאַסט פֿון פּאַריז, דער באַקאַנטער שרייבער **מ. ליטווין**. צווישן צענדליקער שרייבער, קולטור־טוער און לייענער זיינען אויך בייגעווען דער געוועזענער חבר הכנסת **ראובן ארזי** און דער רעקטאָר פֿון יידיש־אָפּטייל ביים ירושלימער העברעישן אוניווערסיטעט פּראָפֿ׳ **חנא שמערוק**.

# דעם דיכטער בינם העלער

## אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין ווערן 70 יאָר

שיקט איבער די יידישע שרייבער־גרופּע פֿון ירושלים די האַרציקסטע ברכות פֿון נאָך אַ סך געזונטע יאָרן פֿון שעפֿערישער אַרבעט און פֿון נחת צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפּחה.

יידישע שרייבער־גרופּע
אין ירושלים
רעדאַקציע־קאָלעגיע פֿון
״ירושלימער אַלמאַנאַך״

# יאָסל גראָסבאַרד — „שירים״

אין יידישן אָריגינאַל און אין העברעישער איבערזעצונג אַרויסגעגעבן דורך דער משפּחה און די לאַנדסמאַנשאַפטן פון טשעכאַנאָוו און סעראָצק — תשל״ז.

עס איז ריירנדיק דער פאַקט גופא, די פאָרם פון פאַראייביקן אַ נאָענטן מענטשן דורך ברענגען צו דער עפנטלעכקייט זיינע איבערלעבונגען, געראַנגלען, חלומות און האָפענונגען, וואָס זיין יונגע טרוימערישע און בענקנדיקע נשמה נאָך אַ בעסערער און שענערער וועלט, האָט זיך אַליין באַזיניקט אין ערשטע ציטערדיקע פערזן. אָבער גלייכצייטיק איז דאָס אַ ביז גאָר כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג פאַר אַ גרויסן טייל פון דער יידישער יוגנט אין די דרייסיקער יאָרן, פאַר זייערע אַנשוויונגען און שטרעבונגען, און עס גיט אויך אַ בילד פון אַ באַשטימטער יידישער סביבה אין יענער צייט. עס איז דאָס בילד פון אַ גרויסן טייל פון דער אַרבעטנדיקער יידישער יוגנט אין די שטעטלעך פון פּוילן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועלכע איז פול מיט תמימותדיקן גלויבן אין דער ישועה, וואָס די „פּראָלע־טאַרישע רעוואָלוציע״ וועט ברענגען אַלע יידן אויך דאָ, אויף דער פּוילישער ערד:

— „נישט נאָר די לויערנדיקע שרעק / פון מיין טאַטע־מאַמעס איצט פאַרפאַלגטע טעג, / נאָר אויך מיין שטאָלץ־העלער טרוים, / וואָס גייט אויף, ווי אַ ווייס צעבליטער בוים / — מיין חלום וועגן דער מאָרגנדיקער וואָר — / איז פאַרפּלאָכטן און פאַרקניפּט מיט דער ערד — אָט דאָ...״ אָדער: — „ווער וועט וואָגן מיר צו זאָגן: / ביסט אַ פרעמדער, ביסט אַ פיינט, / אַז דאָ איז דער געבורט פון מיין אומעט און מיין ליד״ א.ד.ג.

אָרעמע יידישע טרוימער פון די פּוילישע שטעטלעך און שטעט, „זיי״ האָבן געוואָגט — סיי דאָס ערשטע און סיי דאָס צווייטע — און דאָס שוין נאָך דעם, ווי די „פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע״ איז אויפגעקומען פון בלוט־מבול, וועלכער האָט אייך אין גרויליקע פּיינען אַראָפּגעשטויסן אין תהום. דער דעמלטיקער נאַאיווער, אָבער טיף־מענטשלעכער גלויבן, וועלכער האָט געבוירן נאַאיווע, נאָר טיף־מענטשלעכע שורות, ווי: „ס׳וועט שוין קיינער נישט פאַרשיטן דאָ די טריט / פון מיין זיידעס דעם ייד״. „ס׳וועט אויפגיין אין מיין לאַנד / די ברידערלעכע האַנט, / א.ד.ג. — די דאָזיקע שורות וואָלגערן זיך איצט אַרום אויף אַלע וועגן, פאַרשוועכטע און אויסגעלאַכטע. און דאָס האָט געטאָן טאַקע די זעלבע „ברידער־לעכע האַנט״.

יאָסל גראָסבאַרד האָט אויך געשריבן אומעטיקע שטייגער־לידער און האָפערדיקע סאָציאַלע. זיי אַלע זענען צונויפגענומען אין דעם ביכל מיט ליבשאַפט און אויפמערק־זאַמקייט.

אין פאָרוואָרט גיט דער איבערזעצער אין עברית, נח פּניאל, אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק

פון דער צייט און פון מחבר. דער ברודער פון מחבר, דער באַקאַנטער מאָלער נחמן גראָס־באַרד, דערציילט וועגן דער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־טעטיקייט פון ברודער, אַ קליינעם עפּיזאָד שוין פון דער צייט פון דער אָקופּאַציע גיט איבער זיין שוועסטער חנה פּאַפּיערניקאָוו, די העברעישע איבערזעצונג גיט נישט בלויז איבער טריי דעם טעקסט, נאָר מאַכט בולטער דאָ און דאָרט דעם מחברס ליטעראַרישע צוזאָגן, אַלץ צוזאַמען שאַפט אַ רירנדיקע מצבה אויף זיין אומבאַקאַנטן קבר.

## וועגן — ספר מינסק-מאַזאָוויעצק

רעדאַקציע־קאָמיטעט: יחיאל קירשנבאַום (פּאַרזיצער), משה באַרנשטיין, יעקב קויפּ־מאַן, לייב ראָכמאַן. רעדאַקטאָר — אפרים שעדלעצקי.

די פּילצאָליקע ספרי־זכרונות וועגן די פאַרשניטענע יידישע קהילות אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן גיבן אַ כוללדיק בילד וועגן דער איבער טויזנטיעריקער יידישער באַזעסנקייט אין דעם לאַנד, וועגן די געזעלשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע און גייסטיקע טעטיקייטן פון די יידן, וועגן זייערע שפּעפערישע אויפטוען אין די געביטן, וועגן זייער לעבנס־שטייגער, מידות און ד.ג. זיי דערציילן אויך וועגן די באַציונגען פון די אַרומיקע נישט יידישע שכנים צו די יידן, וועגן זייער גוטן, אָדער שלעכטן צוזאַמענלעבן. גלייכ־צייטיק זענען די ספרי־זכרונות דער וויי־געשריי און קדיש פון די איינע אין שטאָט און פון די צוויי אין דער משפחה, וועלכע זענען על־פּי נס אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און טראָגן אין זיך די גרוילן פון יענער מאַקאַברישער צייט און די בענקשאַפט נאָך די דערמאָרדעטע און נאָך דעם אַמאָליקן איינגעפונדעוועטן לעבן. זיי זענען נישט בלויז ספרי־זכרונות, נאָר ספרי־קודש וועגן אַ פאָלק, וואָס איז געוואָרן דער אייביקער קרבן פון מענטשלעכער שנאה און בלוטגיריקייט, דער קרבן פון מענטשן, וועלכע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין בעסטיעס. אין זייער תחום הערשט די קדושה פון מאַרטירער און ווען מען טרעט אַריבער זייער גבול, דאַרף מען אַראָפּציען די שיך פון די פיס.

אָבער אַ חוץ דעם אַלעמען אויבן געזאָגטן, אַנטהאַלטן נאָך די ספרי־זכרונות אַ מער טיפערן נאַציאָנאַלן זין. זיי זענען ממשיך די עקזיסטענץ פון די קדושים אין איר רעאַלער דאָ־וועלטיקער געשטאַלט פאַר אַלע שפּעטערדיקע דורות. זייער ממשותדיק לעבן גייט אַריבער פון זיין צייטווייליקער ערדישער פאָרם אין דער "אייביקייט" פון געשריבענעם וואָרט, אין וועלכן עס וועט שוין דויערן צו באַשטעטיקן די הייליקע מענטשלעכע שליחות פון יידישן פאָלק און די געפאָלנקייט און שאַנד פון זיינע שטענדיקע און אומעטומיקע באַצווינגער און מערדער.

יעדער ספר־זכרון דאַרף האָבן אין זיך די אַלע דריי מאָמענטן. דער ערשטער לעבט אויף ווידער דאָס פאַרשוווּנדענע. דער צווייטער דריקט אויס דעם ווייטיק פון די איבער־געבליבענע. און דער דריטער פילט אָן ביידע מיט דער דערהויבנקייט און קדושה פון נצח־ישראל.

נישט אַלע ספרי־זכרונות הייבן אַרויס די אַלע דריי מאָמענטן, און אויב אפילו יאָ, איז נישט אין קיין גלייכער מאָס און נישט געוּנוג דייטלעך. דער ספר־זכרון פון מינסק־מאַזאָוויעצק גייט צו נאָענט צו דעם ציל. דער אָפּקלייב פון מאַטעריאַל און זיין פאַנאַנדער־טיילונג, די גוטע פּראָפּאָרץ צווישן דעם געשיכטלעכן, געזעלשאַפטלעכן און שטייגעריש־משפּחהדיקן חומר, די זאָרג, אַז ס'זאָלן ווערן אַרויסגעבראַכט אַלע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע יידישע ריכטונגען, וועלכע האָבן געווירקט אין שטאָט, די זאַכלעכע און באַלערנדיקע אָפּהאַנדלונגען וועגן די פאַרשידנסטע געביטן, די בולטע ליטעראַרישע שילדערונגען וועגן פּאָגראָם, די טיפע אינערלעכע באַציונג פון די מחברים צו זייערע אַרבעטן און פון רעדאַקטאָר צו דער גאַנצקייט — דאָס אַלץ צוזאַמען פילט אָן דעם ספר מיט אַ רוח־חיים, וועלכער לעבט אויף פון ס'ניי איינעם פון די אַזוי טראַגיש אומגעקומענע יידישע ישובים און קערט אום אונדזער האַרץ צו יענע גרויליקע טעג.

דערצו קומט נאָך צו די ביז גאָר עסטעטישע אויסערלעכע זייט פון בוך, פון וועלכער עס פילט זיך אַרויס זייער בולט די טיפע אינערלעכע באַציונג און פּיעטעט פון רעדאַקציע־קאָמיטעט און פון רעדאַקטאָר צו דער דאָזיקער וויכטיקער אַרבעט.

ס'איז אַ שיין און באַלערנדיק בוך, וואָס אויסער אַלע זיינע וויכטיקע מאַטעריאַלן, וועלכע פאַראייביקן דעם יידישן ישוב אין מינסק־מאַזאָוויעצק און די שטאָט אַלס אַזעלכע, אַנטהאַלט עס נאָך די אַלגעמיינע לערע פאַרן יידישן פאָלק, ווי עס דריקט זי אויס בילדלעך אין אירע פּאָעטישע ווערטער די יינגסטע פון אַלע מחברים, די דיכטערין און מאָלערין רבקה מרים, אַז דעם אָנדענק פון יעדן מדבר, אין וועלכן יידן וואַנדערן, גיבן זיי איבער צו זייערע קינדס־קינדער, אָבער דער מדבר גופא איין טאָג נאָך דעם אַוועקגיין פון די יידן, פאַרמעקט מיט זאַמד־שטורעמס זייערע טריט.

**א. רוט**

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך . . .

## מעמאָריאַל־שטיין אין ירושלים לזכר די קדושים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד

אין אויגוסט 1978, איז אָנגעמערקט די פייערלעכע דערעפענונג פון אַ בלומען־גאָרטן **אויפן נאָמען פון יאַר 1952**. ס'וועט דאָרט אַנטהילט ווערן אַן אָנדענק־שטיין, אויף וועלכן ס'וועלן אויסגעקריצט זיין די נעמען פון די יידישע שרייבער, קינסטלער און קולטור־געזעלשאַפטלעכע טוער, דערמאָרדעטע דורך דעם סאָוועטיש־נאַציסטישן רעזשים **דעם 12טן אויגוסט, 1952** ווי אויך פריער אומגעבראַכטע. דער בלומען־גאָרטן געפינט זיך אין איינעם פון די שענסטע פלעצער אין צענטער פון שטאָט — רחביה.

דער אָנדענק־שטיין וועט אַוועקגעשטעלט ביי דער שטיצע פון ירושלימער שטאָט־ראָט, לויט דער איניציאַטיוו פון "קאָמיטעט צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די אומגע־בראַכטע יידישע שרייבער און אינטעלעקטואַלן" ביי דער רוסלענדישער בני־ברית לאָזשע "שלח את עמי".

## שלמה רויטמאַן

# דוד האַפשטיין צווישן ברידער-דיכטער

(צום דערשיינען פון דוד האַפשטיינס לידער און פּאָעמעס אין ישראל)

דאָס קינסטלערישע וואָרט פון אַ דיכטער, וואָס טייט זיך אויס מיט זיין שטאַרקן פורעם, געשליפנקייט און יענער פילראַנדיקייט, וועלכע גיסט זיך איבער מיט אַלע לעבנס־פאַרבן, רופן מיר אָן "אַ דימענט", אָדער "אַ פערל". דוד האָפשטיינס פּאָעטיש וואָרט איז מער ווי אַ דימענט, מער ווי אַ פערל, — דאָס איז אַ זוים, אַ "זאָמען", ווי עס האָט זיך ליב געהאַט אויסצודריקן האָפשטיין, — ווייל אויב אַ דימענט ווערט פון צייט צו צייט צעשטערט, ווערט פאַרקערט, די זוים פון צייט צו צייט נאָר באַנייט.

דוד האָפשטיין איז אַ זוימענטרעגער, אַ זוימענזייער, ווייל אים האָט געבוירן אַ תקופה, ווען אונדזער פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן באַנייען, און ווען ער, פון זיין זייט, איז געקומען העלפן וואַקסן אונדזער אויפגעוואַכטן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. דער גורל פון זאָמען, פאַר וועלכן ער זוכט אָן אייגענעם באָדן, רעגט אים אויף אַלע זיינע וואַנדער־וועגן: "דאָרט האָב איך אויף פעלדער פון הפקר מיין זייונג געקליבן", "איך האָב אויף מיין אַקסל אַ מאַסע גענומען פון זוימען באַפייכטע מיט האַרבסט־טויען קאַלטע", "געזייט האָב איך זוימען ביי ווילד־פרעמדע היימען", און דערפאַר באַשווערט ער "די ווינטן, די פייגל, דעם האָגל" "מיין זייונג ניט קלייבן, מיין זייונג ניט שלאָגן, איך האָב מיר מיין זייונג אויף אַקסלען דערטראָגן פון וועגן פון ווייטע, פון וואַנדער, פון וואָגל". אומעטום לעבן אויף ביי אים אין אונטער־גרונט נישטערנדיקע וואָרצלען, אומעטום ציען זיך לאָזעס צו וואַסערן, כדי היילן זייערע דראָפּען־ווונדן און זיך באַנייען, אומעטום בוקן זיך שטענגלעך און זאָגנען: "מיר זענען גרייט, מיר זענען גרייט..."

און אויף וויפל "אויף ווינטן וואָרט אַ גראָזן־קנויל מיט זוימען ניט צעזייטע", איז קען דער דיכטער אויף "קיין רגע זיך ניט שיידן פון ערדישע בייטן", האָפשטיין קומט אונדז מעלדן וועגן זיך אַליין:

"איך בין אויף אַלטן שטאָם אויף מיינעם
מיט צווייגן הענגענדיקע, גראָווע פלאַקסן
אַ יונגע צווייג
און איין באַגער נאָר האָב איך — וואַקסן!"

אומעטום, פון אַ פּיצעלע קינד ביז אַ שטויבעלע, חלומט זיך אים אַ זוים, זעט

זיך אים דאָס וואַקסן פון גרינס, יונגס, בייס, פון פריידיקן געמיט, פון פרייען גייסט, פון העלן זינען, פון מענטשלעכער שטראַליקייט און פון פאַלקישן באַוווסטזיין.

האַפשטיינס וואָרט טיילט זיך אויס מיט אויסערגעוויינלעכער פּלאַסטישקייט. זיין וואָרט איז פּילשיכטיק און זיין אויסדרוק איז פילבאַדייטיק. דער רעאַליסטיש, בולט־געמאָלטער קעגנשטאַנד גיסט זיך ביי אים האַרמאָניש צונויף מיט דעם סימבאָליש־אידעישן באַטייט ניט משלדיק־אַלעגאָריש, ניט ראַציאָנאַליסטיש־ די־דאַקטיש, נאָר פּלאַסטיש־עמאָציאָנעל; די קינסטלערישע אידעע איז ניט קיין נאָכ־שלעפּעניש, ניט קיין שאָטן פון דעם אָנגעמאָלטן קעגנשטאַנד, נאָר זיין ליכט, זיין אָטעם, זיין האַרץ־קלאַפּ;ביידע זענען ביי אים פּלאַסטיש־רעליעף — סיי דער געמאָלטער אָביעקט, סיי די אידעע. מיט איין וואָרט, האַפשטיין איז אַ מאָלער פון אידעען, געגעבענע עמאָציאָנעל־פּלאַסטיש. זעט ווי ווונדערלעך־ליריש מאָלט האַפשטיין, ווי פון דעם נאָך פאַרנעפּלטן קינדערשן מוחל שיילט זיך אויס די ערשטע שטראַל פון מענטשלעכן באַוווסטזיין, מיט וויפל וואַרעמקייט, פרייד, שיינקייט און וויטיקלעכקייט וויקלט זיך אויף דער שפּירנדיקער, פילנדיקער, שפּילנדיקער זינען!

ווי טרויעריק־זיס איז מענטש צו זיין! / אויף הויך־דערהויבענעם פּראָנטאָן / פון שיין געבויטן שאַרבן / פאַרמאָגן טיפע צייכנס, צייטן־קאַרבן... / אַ האַרץ איז יעדע רגע גרייט פון פרייד און לייד צו שטאַרבן, / און איין מאָל פלוצלונג, אין טיף פון נאַכט פון שפּעטער / דערפילן אַ פאַרבאָרגענעם נשמה־ציטער... / מיט יעדן פאָדעם פונעם האַרץ געוואַלטיק נאָגן, / אַז יעדער ברודער־מענטש זאָל פון דעם ווײ דערוויסן, / אַז יעדער ברודער־מענטש זאָל אָט די פרייד פאַרמאָגן. / ווי טרויעריק־זיס איז מענטש צו זיין.

איך, אַלס שילער פון דער יידישער שול, געדענק נאָך ביז איצט זיין ליד אין כרעסטאָמאַטיע פון יידישער ליטעראַטור "מיר שטאַמען פון פעלדזן צעמאָלטע אויף מילשטיין פון צייטן". דעמלט האָב איך נאָר געפילט, אַז ביי האַפשטיינען בענקען די שטויבן ווידער צו ווערן פעלדזן, ווי זוימען בענקען צו ווערן ביימער. היינט ווייסן מיר מער, — אַז די זעמדעלעך, געטריבענע פון שטורעמס אויף וואַנדערוועגן, נעמען זיך ווידער צונויף און וואַקסן אַריבער ווידער אין פעלדזן אונטער אייגענע הימלען. ווייט איז געגאַנגען די ליכט פון זיין וואָרט, אַז מיר זאָלן קענען דערזען אין פעלדז אַ פאָלק, וואָס קומט פון צעדרויבלטקייט צו אייניקייט.

אַ ווונדערלעכע דערשיינונג איז האַפשטיין אפילו אין דער גרויסער פּלעיאַדע פון זיינע ברידער־דיכטער פון 20טן י"ה. צווישן מלחמה און מלחמה, רעוואָליוציע און רעוואָליוציע, איבערקערעניש און איבערקערעניש, פּאָגראָם און פּאָגראָם, בראָך און בראָך איז ער געבליבן גאַנץ און שטאַלץ, געבליבן יונג אין זיין געדיכטער אַרומגעוואַקסנקייט מיט דורותדיק־אַלטער יידישער קולטור — "מיט זיידנס ירושה, מיט שטעקן מיט אַלטן, מיט אַלטן פאַרשטויבטן, פאַרשרומפּענעם לאָגל" האָט ער געקענט "אַ שפּאַן טאָן מיט נייעם, מיט ברייטן, מיט אייגענעם נאָך ניט

געגאַנגענעם גאַנג" און בלייבן מענעריש־צוריקגעהאַלטן אין זיין עמאָציע, לאַזנדיק זיין שורה אַטעמען מיט אַ געטע־פושקינישן אויסהויך — שטרענג, פריי און ליכטיק.

האַפשטיין איז דער סאַמע האַרמאָנישער צווישן אונדזערע גרויסע פאָעטן, זיין נאַוואַטאָרישקייט פאָרט זיך מיט דעם טראַדיציאַנעל־מסורתדיקן, זיין פרייער פערז אַטעמט זיך פריי אויך אין זיין גליענדיקער תפילה־ליד און אפילו אין קאָנטראַסטירנדיקע, קעגנגעזעצלעכע געפילן, בלייבט ער שלמותדיק־האַרמאָניש: — און "העל איז מיין טרויער", און פריי איז זיין עלנט, און שטרענג איז זיין מילדקייט, און זיס איז זיין פיין, און פיינטלעך איז זיין פריינט, און מוטיק איז זיין וויי, און אויב עס שטאַרבט אַ טאָג, האָט ער "געלאָזט זיין העל געביין". פרוווט געפינען נאָך אַזאַ דיכטער ווי האַפשטיין, וואָס "זעט זיי" אונדזערע "בלוטן ביז בבל" און בלייבט דאָך דער טרעגער פון אַזוי פיל ליכטיקייט און פריידיקייט. ער ווערט בוכשטעבלעך פאַרפלייצט און טרינקט זיך אין אַ ים מיט שיין: "האָבן וויעס יונגע צווישן אויג און זונען־שיין, וואָס קען אויף ערד נאָך שענער זיין", און "ס'איז אין מיין האַרץ פאַר יעדן שטראַל שוין גרייט אַ נעסט פון פרייד", און וויפל מאָל וועט ער אויסרופן "אין קלאָרער רו זיי הייגט, מיין האַרץ, דעם העלן טאָג אַ חבר", און וואָס זענען דען זיינע אויגן מער ווי מלוכות פון הערשנדיקן ליכט. און ליכט וואַקסט ביי האַפשטיינען איבער אין אַ ניגון — אַ ניגון פון אַ פריידיקער נשמה: "די ערשטע מזרח־צייכנס האָבן דורכגעשלאָגן / אַ העל געזאַנג / — עס הייבט אָן טאָגן, / און ווען מיין האַרץ מיין מידס האָט קוים געטראָגן / פון אָנוועגן דעם עול, / האָט עס דערהערט ביי ראָזער שיין פון טאָג, / אַ לויטער קול / — דו וועסט דערטראָגן"... און אויף וויפל דאָס אַלעס איז די פרייד פון נייעם זיין און דאָס ליכט פון אויפגעוואַכטן פאַלקס־באַוווסטזיין, האָט דער דיכטער געקענט אין ליכט דערהערן אַ קול און אין שיין דערהערן אַ געזאַנג.

דוד האָפשטיין איז צווישן אַלע אונדזערע דיכטער דערפאַר דער סאַמע האַרמאָנישסטער, ווייל ער איז דער סאַמע גלייבנדיקער. — "איך גלייב" — איז זיין לעבנס־קרעדאָ, "איך גלייב" — איז זיין לעצטער בוך נאָך אונדזער בראָך אין די היטלער־לאַגערן, "איך גלייב" איז זיין לעצטער בוך ערב זיין אומקום אין די סטאַלין־טורמעס. און אין דעם זין איז זיין פּרעכטיקער ציקל "טריסטיאַ" דאָס סאַמע האַפשטייניש ווערק — זיין טעמע — די פאָגראָמען אויף אוקראַינע אין 1919, זיין הויפּטהעלד איז דער גרויסער טרויער פונעם מענטשן, וואָס איז פאַרגעשטעלט ווי דער טרויער פון דער נאַטור אַליין. האַפשטיין ווייסט ווי שטאַרק עס איז די סוגעסטיווע קראַפט אין קונסט־גראַד פון דעם פאַרמיטלט־אומדירעקטן. מע זעט דאָ ניט קיין איין געקוילעטן יידן, ניט פאַראַן דאָ דאָס באַדלערישע בילד פון פוילנדיקן לייב אונטער אַ בלימלאַרטיק גלייכגילטיקן הימל — דאָס וואָלט פאַרשווערט, ווייל שטאָלץ דאַרף זיין דער מענטש ביים שטומענדיקן אָפּגרונט פון זיינע ליידן. דאָס בילד פון אומקום איז געגעבן ניט אין ברייטן פלאַן און ניט אין געדיכטע פאַרבן, נאָר לייכט אָנגעמערקט פונקטירנווייז, ווי טראָפּנדלעך בלוט.

דער קרבן איז דאָ אַ פּיקסל, דער תּלין — אַ יעגער. דער יעגער הרגעט, ווייל ער האָט אַ ביקס, און די שולד פון פּיקסל איז, וואָס אין זיין עלנט איז זיין שוץ נאָר אַ ווייס פּעלעכל אויף דעם ווייסן שניי. קוקט זיך איין אין דעם בילד, און אַ פּעכל וועט טאָן פאַר אייך אַליין דער אויסזען פון אומשולד און ריינקייט, און שאַרפער וועט זיך אויסטיילן אויפן שניי "אַ שנירעלע בלוט־טראָפּנס העלע און ריינע". צעבראָכן איז דאָ די נאַטור אַליין און דער טרייסטער בלייבט דאָ דער מענטש, ווייל "טרייסט איז פאַר קיינעם אויף דער ערד ניט פאַרבאָטן", ער וועט זאַמלען די בלוט־טראָפּנס און "טוליען זיי צום האַרצן". און דאָ דערשפּירן מיר האָפּשטיינס שטאָלצן גייסט, ער וועגדעט זיך צו זיין ברומענדיקער זעל זי זאָל זיך אָפּוואַשן פון שטויב און אַש; דער טראָפּן בלוט ווערט ביי אים געלייטערט אין דער טרער און אין דער טרער דאַרף זיך טובלען די נשמה. אַלמענטשלעך איז דאָס בילד פון קרבן, נאַציאָנאַל איז איר וועזן: האָפּשטיין בייגט זיך ניט פאַרן בלינדן גורל, מיט אַ מענטשלעך־אָפן האַרץ שטייט ער פאַר דער בלינדקייט פון פאַטום, מיט אַ זינגעב־דיקער נשמה גייט ער דורך בראָך און ריס, און גייען גייט ער צו דער זון, פון חושך צו ליכט. מאָראַליש בלייבט ביי אים דער זיגער דער מענטש. האָפּשטיין האָט אויך געקענט שפּייען מיט גאַל אין פּנים פון דעם אוקראַינישן באַנדיט פאַר "שטעט געשענדעטע" אין זיין ליד "אוקראַינע". ער האָט געקענט ביטער־סאַרקאַס־טיש זיך צעווערטלען מיט אַן אַנטיסעמיטישער וועלט — "איך בין שוין מיד פון ווייקן אין וואַסערן פרעמדע און אייגנס זאָל מיר נאָר רייזן", ער האָט פּראָטעס־טירט, וואָס אָט די וועלט קען אים נאָר צאָלן מיט וווּנדן פאַר דעם מאַן פון גליל "מיט די שאָפענע אויגן", פאַר פאַסטערן און אייבשטיינען, אָבער אויך אין דער "ליד פון מיין גלייכגילט" וויל ער איבער דעם "גראַוון קאָפּ" פון זיין פאָלק זיין "אַ יונגע ליכטיקע שיין". אין "טריסטיאַ" קומען דאָ און דאָרט אויף רעמיניסצענצ־אַרטיק תּנ"כישע אַסאָציאַציעס מיטן זאַק אַש אויף ירמיהו'ס קאָפּ, עס שווימען אויף דערמאָנונגען וועגן אַ מאַן פון דער שטאָט עוץ, וואָס האָט אַ שייכות צו די ײדישע צרות אין קיעוו — איוב, טראַדיציאָנעל און נאַציאָנאַל־הומאַניסטיש איז דאָס געפיל — בעסער זיין דער אומשולדיקער קרבן איידער דער שולדיקער תּלין. פאַראַן אַ מין אייביקע פאַטאַלקייט אין אָט דעם ווי, נאָר גרויס איז דאָ האָפּשטיינס טרויער ווי גרויס עס איז געוועזן זיין פריינד, און טריי איז ער דעם טויט ווי טריי ער איז דעם לעבן, און נאָך גרעסער, נאָך מוטיקער איז דער רוף צו זיין זעל: "פון בלוטן ווער שוין ריין, ווער לויטער שוין פון וויינען, און זאָל צו ליכט דיר זיין דיין גרויסער בראָך, דיין ריס". "טריסטיאַ" איז דער גרויסער טרויער, וואָס ברענגט צו גרויסער לייטערונג, און דאָס איז דער אַפּאָגיי פון האָפּשטיינס הויכן הומאַניזם.

דוד האָפּשטיין איז פון אונדזערע שענסטע ײדישע ליריקער. דער אויפבלי פון אונדזער ליריק אין 20טן יאָרהונדערט איז אַזוי ריזיק, אַז מיר קענען זי ביז איצט נאָך ניט אַרומכאַפּן. אונדזער פּלעיאַדע ליריקער איז אַ שטערנשאָפט, וואָס כאַפּט מיט זיך אַרום ניט קיין טייל, נאָר אַ גאַנצן הימל — פון רוסלאַנד ביז

אַמעריקע. און אַט דער שטורמישער וווקס פון אונדזער ליריק אין משך פון אַזאַ קורצן צייטאָפּשניט בלייבט נאָך אַלץ דערוויילסוד־ותפול, ווייל איר שיינקייט, איר פאָלקס־אָטעם איז נאָך ניט אויפגעעפנט פאַר דעם סאַמע אָפּענעם און פאַרחידושטן אויג — פאַר דעם יידישן שולקינד פון ערשטן ביזן צוועלפטן קלאַס. נאָר איינס איז קלאָר: אויף אַט דער פּלעיאַדע דיכטער האָט דער פאָלק־גייסט געהאָרעוועט אַ יאָרטויזנט, איין מאָל פאַר אַ יאָרטויזנט האָט אַט־אַ דער געשטערן אַרויסגעלויכטן פון דער פאָלקס־נשמה. אונדזער נייע ליריק האָט זיך אַזוי זינגעוודיק צעוואַקסן אַ דאַנק דעם רענעסאַנס פון דער יידישער פאָלקס־פּערזענלעכקייט.

דוד האָפּשטיין האָט זיך קיין מאָל ניט געפילט אַליין אין זיין גאַנצער איינמאָ־ליקייט און אייגנאַרטיקייט. די פּאָעטישע פּערזענלעכקייט האָפּשטיין איז שיין מיט איר רחבותדיקער ליבע צו זיינע גרויסע ברידערלעכע דיכטער, רייך און גליקלעך מיט דעם, וואָס ער האָט בשעתו געוווּסט, אַז ער האָט געשאַפן אַ שול און האָט געהאַט וווּנדערלעכע תלמידים. ער איז ניט געקומען אַליין אין דער בייסטער דיכ־טונג. האָפּשטיין האָט אייגנטלעך געשאַפן דעם קולט פון שוואַרצמאַנען — דעם פּאָעט און "שיינעם בחור־העלד", און ליב געהאַט האָט ער אים ניט נאָר ווייל שוואַרצמאַן איז זיינער אַ משפחה־מענטש, נאָר ווייל ער איז טאַקע אַ ברודער אים לויטן נייעם געזאַנג, וויילביידע האָבן אַזוי מילד באַזונגען דעם ליידנדיקן און קעמפנדיקן ברודער־מענטש, ווייל ביידע האָבן זיי דערפילט ווי פון אונטער אַ פעלדז "ריינט און ריזלט פריש אַ שטראָם" — און דאָס איז געווען דער נייער שטראָם אין אונדזער פּאָעזיע, וואָס הילכט און רופט פריידיק צו "מוט און לעבן".

האָפּשטיין איז געקומען צו אונדז אַ שלמותדיק־פאַרגאַנצטער, אַ קלאַסיש־אויס־געשפּילטער ווי אַלטער וויין. אין שוואַרצמאַנס פּאָעטישער שפּראַך האָט אַלץ נאָך געשוימט און געברויזט מיט ניט אָפּגעשטעלטער זוכנדיקער יוגנט, ווי פרילינג־צייט בעריאָזע־זאַפט מיט שטיקלעך קאָרע אומריין־ריין (דאַך גלייך פון בוים), אפילו טערפּקע אויפן טעם, "זוי איז דאָס שוין". און געווען איז אַזאַ צוציענדיק־רייצנדיקער חן אין אַט דער מוטנער טערפּקייט און רויקייט פון שוואַרצמאַנס שפּראַך, אַזאַ חן אפילו אין דעם אומגעזעצלעך רעדוצירטן "זוי", אַן אַרויסגע־בראָכטער אין איין פאַראָטעמטן, פאַרשיקערטן ריטם, ווען מ׳איז אַזוי פאַרכלינעט מיט נייעם געזאַנג און יונגער וועלט, אַז מע שרייט אויס "צעקלאַפּ מיין קאָפּ מיר אויף אַ שטיין, איך דאַרף ניט מיין!".

אפשר האָט האָפּשטיין טאַקע ליב געהאַט שוואַרצמאַנען ווי זיין אייגענע אָפּגעברויזטע יוגנט. געקומען זענען צו אונדז אין אָנהייב יאָרהונדערט די נייע דיכטער גרופּעסווייז — שפּעדיק און פול מיט שפע, געקומען זענען זיי אין רוס־לאַנד צו ערשט אַ דריילינג — האָפּשטיין, מאַרקיש, קוויטקאָ, פונקט ווי אין אַמע־ריקע, כאָטש אויך גייענדיק פון רוסלאַנד — זייער ברודערלעכער דריילינג — לייוויק, משה לייב האַלפּערן און מאַני לייב — קינדער פון איין וואַנדערנדיקן פאָלק און פון איין שטורמישער צייט. מאַרקיש איז געקומען מיט עפּישער מאַנומענ־

טאַלקייט און אין זיין בונטאַרישקייט זיך איבערגערופן מיט דעם מורדיש־טעמפּעראַמענטפולן משה־לייב האַלפּערן; קוויטקאָ איז געקומען, טראַגנדיק אין זיך רויע הרודעס פאַלקסטימלעכקייט און קלאָרע קינדישע אוממיטלבאַרקייט, און זיך איבערגערופן אין זיין עכט קינדערליד מיט דעם צאַרטן און גרויס־נשמהדיקן מאַני לייב; האָפּשטיין האָט אין געלייטערטער פּיין זיך איבערגערופן מיט לייוויקן, וועלכער איז אין זיין גרויסן גאַנג אַוועק אויך אין דער ליריק אויף דראַמאַטיש־זוכנדיקע און זיגערישע וועגן.

אין זין פון ווייטערדיקן ווידערוווקס פון אונדזער גרויסער פּלעיאַדע דיכטער האָט האָפּשטיין אין זיין צייט מיט פולער זיכערקייט געקענט זאָגן — "און גוט איז צו וויסן, אַז ס'האָט זיך מיין ליכטיקער פאַדעם ניט איבערגעריסן". שמואל האַלקין האָט ניט נאָר אָנגערופן זיינס אַ וויכטיקע לידער־זאַמלונג לויט האָפּשטיינען "ווי און מוט", נאָר האָט געהאַלטן האָפּשטיינס פּלאַסטיש וואָרט ווי אַ גאָלדענעם יסוד פון אונדזער נייער דיכטונג. די ליבע פון האַלקינען צו האָפּשטיינען איז געווען די ליבע פון אַ זון צו אַ פאָטער, ווען מע פאַרגעטערט. קושניראָוו האָט געהאַרטעוועט זיין וואָרט אין האָפּשטיינס שטראָם, פינינבערג האָט זיין סימפאַנישקייט פון געזאַנג געירשנט שעפעריש פון האָפּשטיינס פּאָליפאָנישער ריטמישקייט, און אפילו פעפער, וואָס האָט אָפט שקאָציש פּאָלעמיזירט און געשריבן "מיר שטאַמען פון פעלדזן, נאָר קלאָר איז אונדז איינס, מיר שטאַמען פון פעלדזן, נאָר ניט פון האָפּשטיינס", האָט דווקא פון אָט דעם פעלדז, ווי פון אַ ברוסט, געזויגן כוח פאַר זיינע "פּראָסטע רייד".

אויב קוויטקאָ איז געקומען מיט זיין אוממיטלבאַרער פאָלקסטימלעכקייט, איז האָפּשטיינס ליד דורכויס ראַפינירטע פאָלקסטימלעכקייט. דער טיף־פילאָסאָפישער האָפּשטיין מיט זיין וואָרט, וואָס איז דין ווי "גינען־געוועב" איז אַ ביישפיל, ווי מיט אַ קאָמפּליצירט דיכטעריש וואָרט קען מען זיין פּאָפּולער. אָבער דאָס איז געווען מעגלעך אַ דאַנק דער יידישער שול און דעם יידישן לערער. מ'האָט האָפּשטיינען ניט נאָר געלערנט, מ'האָט געקוויקט מיט זיין ליד די נשמה. האָפּשטיין האָט, ווי פּרץ, געגלויבט, אַז דאָס פאָלק קען פאַראייגענען הויכע און טיפע קונסט און ער האָט פאַראיידלט, אויסראַפינירט דאָס פאָלקלאָרישע אין דער יידישער דיכטונג. ער, דער רעאַליסט, האָט פאַרלעגענדאַרישט מיט זיין פּלאַסטישער מעטאַפאָריק אונדזער שטייגער; אונדזער באָבעס בענקענדיקער ניגון — "און אַז דער שבת־קודש גייט אַוועק"... האָט זיך ביי אים גענומען שפּינען און מאָלן אַזוי:

"אַוועק דער שבת שוין,\
אויף ווייטע שנייען\
אַ גרויסער עמעצער\
שיט גראָוון אַש..."

און די בייטש איז אויסגערוט, און דאָס "נעפּל־טישטעכל" האָט שוין "דאָס לעצטע קוילעטשל פאַרדעקט", און דער טאַטע נאָכן אָפּריכטן די דריטע סעודה

„ווערט מיט טונקלקייט און רו פֿאַרוועבט", און די מאַמע, גיט געפֿינענדיק קיין „ווייטן שטערן" אין שויב „זיצט פֿאַרטראַכט"... — אַ מין איבערוווּקס פֿון קערפּערלעכער פּלאַסטיק אין דין־אימפּרעסיאָניסטישער שטימונג־מאַלעריי; ווי לייביק ווערן ביי אים אַבסטראַקטע באַגריפֿן, ווי וואַגיק ווערן ביי אים רויכלדיקע געפֿילן.

אומעטום, ווו האַפּשטיין איז פֿאַלקיש, איז ער אַלמענטשלעך; אומעטום, ווו האַפּשטיין איז אַלמענטשלעך, איז ער נאַציאָנאַל — אַזוי אין זיינע פֿרייהייט־ליבנדיקע געזאַנגען, אין זיינע עלעגיעס, ליבע־מאָטיוון, פֿילאָזאָפֿישע באַטראַכטונגען, פּייזאַזשן, בילדער, וואָרט־געשפּינסן. האַפּשטיין האָט גוט געוווּסט וויפֿל עס קאָסט אונדז צו גיין „אין די פֿאַרנטדיקע רייען פֿון שפּאַנענדיקער מענטשהייט". אין אַלע זיינע הימנען און דיפֿיראַמבן ווי „פּראָצעסיע", „אַקטאָבער", „אַ פּרוי, אַ לאַקנדיקער וווּנדער" א.א. הערט איר זיין „פֿון ירדן, ביז וואָלגע איז פֿאָלג מיך אַ גאַנג", הערט איר דאָס ברויזן און שפּילן פֿון „וויין, וויין, אַלטער וויין, וויין פֿון פּלאַמיקן גערעכט", וועלכער איז אויסגעשטאַנען און געשטאַרקט זיך אין ברענענדיקן האַרצן פֿון די נביאים, וועלכער איז אויסגעפּרעסט געוואָרן פֿון יעגעם הענגל וויינטרויבן, וואָס אונדזערע ערשטע מרגלים האָבן אַ מאָל קוים דערטראָגן פֿון ישראל צו אונדזער פֿאָלק און צו דער גאַנצער וועלט.

און אויך ווען האַפּשטיין באַוווּנדערט, ווי ער קען עס, די נאַטור, און מאַכט די דערקענטעניש צום אָביעקט פֿון זיינס אַ ליד, באַזינגט ער אויך דעם „מלך העולם אשר נתן לשכלי בינה להבחין בין יום ובין לילה" — גלייך פֿון שחרית אַרויסגענומען. האַפּשטיין לייענט די נאַטור און איר כתב פֿון זונען־פֿלעקן, קייטעלעך פֿון שוואַלבן־פֿלי, אין קרומע שורות פֿון בושלען, אין פֿירעק פֿון שאָטן; זיין צענטראַלער העלד איז די זון — דאָס האַרץ פֿון דער נאַטור, און אויף איר ליכט ענטפֿערט ער שטענדיק מיט אַ מונטער האַרץ. אומעטום אין דער נאַטור ציט זיך אַלץ איינס צום צווייטן ווי פֿאַרליבט: — דער קאָמפּאַס־ווייזערל צום צפֿון, דער בלעטערפֿאַל ציט זיך צו דער ערד, דער זונפֿאַרגאַנג „ציט דאָס גאַנצע ווייזן מיינס דורך די אויגן". אַ מאָל איז די נאַטור אַ קאָרן־רעמל פֿאַר אים און אַ מאָל איז ער אַ האַרץ־רעמל פֿאַר דער נאַטור, און אויך אַזוי ווי צו זון און נאָך מער ציט זיך זיין האַרץ צו פֿרוי און צו קינד — וויפֿל ערלעך־שיינע לידער ווידמעט דער פֿאַרליבטער האַפּשטיין זיין פֿרוי פּייגע האַפּשטיין.

ער, דער דיכטער פֿון וועגן און ביי וועגן, האָט געשאַפֿן די לירישע געשטאַלט פֿון דעם באַדעקטן מיט „היימלאָזע שטויבן" גייער, ער דער דיכטער, פֿון וועלט און וועלטן האָט געשאַפֿן די לירישע געשטאַלט פֿון יידן אַלס וועלטפֿאָלק — דער אייביקער ייד אויף זיין אייביקן וועג האָט זיך ביי אים צונויפֿגעגאָסן מיט זון, בוים, רעגן און ווינט. אַ לעבנסלוסטיקער און לעבנסליבנדיקער דיכטער, ווערט ער קיין מאָל ניט אָן זיין פֿאַרחידושטקייט פֿאַר דער וועלט און הערט ניט אויף צו זינגען: „איך בין, מיין וועלט, אויף ס'ניי צו דיר געקומען". ציט אים דערפֿאַר צו קאָסמישע

זעונגען, און דאָ איז ער אויך באַציאַנאַל. הייבט דען דער תנ"ך זיך ניט אָן פון דעם בראשיתדיק־קאָסמישן און אָט אַזוי פון בראשיתדיקן ביז היינטצייטיקן האָט האָפּשטיין געצויגן דעם ליכטיקן פאָדעם, באַזינגענדיק דעם "אַלמעכטיקן מענטש־לעכן זכרון". ער האָט געוווּסט, אַז אפילו אַ גאָלדענע קייט קען זיך אויך צעשיטן אויף רינגען, האָט ער, דער גרויסער ליריקער, פאַראיידלט און דין געשליפן אונדזער גאָלדענע קייט ניט נאָר ביז אַ ליכטיקן פאָדעם, נאָר ביז אַ שטראַל, ווייל ליכט ווערט ניט צעריסן, ווייל אַזאַ איז פאַר אים די נשמה פון פאָלק — די שיין פון זיינע אויגן.

אין זיין קלאַסישער ליד "אין ווינטער־פאַרנאַכטן" זינגט האָפּשטיין וועגן "פאַרבאָרגענע ווייען פון זוימען, וואָס וואַרטן און וואַרטן אויף זייען". אויסגע־רייפט האָבן יענע פאַרבאָרגענע ווייען פון זוימען אין די שענסטע פּירות פאַנ' אונדזער נשמה — אין זיינע לידער, און אויב דער יונגער דור וועט האָבן אויף אַזוי פיל אַ קלוג האַרץ, אַז עס וועט אים ציען לייענען און לערנען זיין ליד אין מקור, וועט ער האָבן דאָס גליק זיך צו קוויקן מיט דער זיסקייט פון דעם דיכטערס פּירות, האָבן דעם גרויסן עסטעטישן פאַרגעניגן פון דערקענען זיך אַליין אין דעם שפּיגל פון זיין לויטער און האַרציק וואָרט, האָבן דעם פאַרגעניגן פון דערהייבן זיך אַליין און באַשיינען זיך אַליין, און דעמאָלט וועלן מיר קענען זאָגן אין איינעם מיט האָפּשטיינען — "און גוט איז צו וויסן, אַז ס'האָט זיך מיין לירישער פאָדעם ניט אָפּגעריסן".

## נייע ביכער

יעקב צבי שאַרגעל — "פון אַנהייב אָן. צווישן שרייבער און ווערק". אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונגען און ליטעראַרישע פּאָרטרעטן, פאַרלאַג "ישראל־בוך". תל־אביב 1977 288 ז"ז.

פאַרבאַנד פון מלאָוועך אין ישראל — ביולעטין. געזאַמלט און רעדאַגירט פון יעקב אַלטער העקטאָגראַפירט. אַנטהאַלט, זכרונות בילדער, דאָקומענטן וועגן איינע פון די פאַרשניטענע יידישע קהילות אין פוילן, 233 ז"ז.

זעלמאַ מערבוים־אייזינגער (1924—1942) לידער. פון דייטש: לייבו לעווין מיט אַן אַריינפיר־וואָרט פון איבערזעצער ווי אויך, ביים סוף פון ביכל, נאָטן צו פינף לידער לויט דער מוזיק פון זעלבן לייבו לעווין. פאַרלאַג י.ל. פרץ 1978. 88 זייטן.

עס קומען אַריין אַלע 52 אָריגינעלע לידער פון העפטל, וואָס דאָס אומגעקומענע יונגע יידישע מיידל האָט איבערגעלאָזט און וואָס הערש סעגאַל פון רחובות האָט אַרויסגעגעבן אין דייטש אין 1976.

**יצחק קאַהאַן** / מעלבורן, אויסטראַליע

# יעקב פרידמאַנס אָרט אין דער יידישער פּאָעזיע *

ער האָט זיך אויך שטאַרק באַמיט גובר צו זיין עצבות און פּעסימיזם אין זיינע אים שטאַרקער דער עמאָציאָנעלער עלעמענט איבער דעם אַבסטראַקט־אינטעלעקטועלן. ער האָט געהאַט זיין אייגענעם זאָגערישן און זינגעוודיקן נוסח, אַמאָל באַגלייט מיט אַ סימבאָליש מעשהלע און משל, אַ ביסל פאַרהוילן און פאַרנעפּלט.

ער האָט זיך אויך שטאַרק באַמיט גובר צו זיין עצבות און פּעסימיזם אין זיינע מעדיטאַציעס וועגן גורל, לעבן, טויט, רחמים און ליבשאַפט. עס האָט זיכער געגעסטיקט אין אים אומעט, איינזאַמקייט, אָבער אויך זיי האָט ער באַליכטיקט, געוויזן זייער שיינענדיקע זייט פון לעבן. ער האָט געהאַט פיל באַוווּנדערערס פון זיין שאַפן. אָבער ווי גרויס זייער צאָל זאָל נישט זיין, שפּירט אַ פּאָעט זיין איינזאַמקייט, אפילו ווען ער האָט ביי זיין זייט די געטרייסטע לעבנס־באַגלייטערין... מחמת דעם אחריות, וואָס ער פילט פאַר אַלץ, וואָס קומט פאָר אין דער וועלט, אין וועלכער ער אַרבעט און שאַפט. מיט דעם אייגנטלעך ווערט דאָך פאַרבונדן זיין פּאָעטישער וווּקס און אַנטוויקלונג.

עס איז אַ באַוווּסטע זאַך, אַז אין דער קונסט, בפרט אין פּאָעזיע, שאַפט זיך אַ בליץ־מאָמענט, ווי פון אַן עלעקטרישן קאָנטאַקט — פון דעם געשעענעם און אויפגעהיטענעם פון די פריערדיקע דורות, מיט דעם וואָס איז אַקאָרשט געשען אין דעם לויפנדיקן מאָמענט.

דער לויפנדיקער אַקאָרשטיקער מאָמענט, וואָס איז אוניקאַל אין זיין מהות, גייט אַריין ווי אַ באַשטאַנדטייל אין דעם צייטפלוס פון געשיכטע. ער וועט, וואַרשיינלעך, זיך מער נישט איבערחזרן, אָבער ער איז פאַראייביקט געוואָרן, מחמת ער איז געוואָרן אויפגעכאַפּט דורך אַ שאַרף־עמפּינדלעכן קינסטלער, וועלכער האָט מיט זיין אויג און אויער עס אויפגענומען און עס איינגעקריצט אין זיין געמיט און זכרון, ווען עס האָט זיך אויף אַ מאָמענט אָפּגעשטעלט אויף אַ געוויסן פּונקט פון דער געשיכטלעכער ליניע.

דער פּאָעט — און יעדער עכטער קינסטלער — וואָס האָט באַוויזן דעם דורכ־שוועבנדיקן מאָמענט צו פאַראייביקן אין זיין שאַפן, באַקומט זיין שכר — אויב נישט ביי זיינע מיטצייטלערס — איז ביי די קומענדיקע דורות, וואָס שאַצן אָפּ די באַדייטונג פון דעם פּאָעט, וועלכער האָט באַגעגנט און פאַרפיקסירט דעם אוניקאַלן מאָמענט, אויף אַ קינסטלערישן אופן פאַר דער אייביקייט. און דאָס באַציט זיך צו אַ ריי לידער און פּאָעמעס פון יעקב פרידמאַן.

אין זיין גרעסערער פּאָעמע „סאַדעגערע" ווייזט אונדז דער דיכטער דעם סאַדעגערער „הויף" מיט אַזאַ לעבעדיקייט פון בילד, פון אינטענסיווער שטימונג און טיפן אַריינבליק

* דעם אָנהייב זע „ירושלימער אַלמאַנאַך" 8. ז. 223.

אין די גייסטיקע פּאָרטרעטן פון די סאַדעגערער פּערסאָנאַזשן: ר׳ בונים, אברהמל בורשטינער, אהרן־ישראל, ר׳ זיינוועלע און די אַנדערע יושבים ביים רבינס טיש, וועלכע שפּאַרן זיך וועגן דעם האַרבן פילאָזאָפישן ענין פון בחירה.

עס פאַלן שאַרפע ווערטער און דעם רבינס קלויז טוט זיך אַ וויג: ״אָמפּערנדיקע בערד און פאות אויף די ווענט — קרימען שאַטנס נאָך / מיט משונהדיקע העוויות״. דער שטורעם ווערט אויף אַ ווייל שטיל דורך ר׳ זיינוועלעס שמייכל: ״מע רעשו? . . . מילאָ״. ער באַטראַכט די זקנים ווי אַלטע קינדער און גייט זיי איינצעמען מיט אַ שמעק טאַביק.

דאָס איז אַ בילדל פון אַן ערב יום־כיפור.

אין פרידמאַנס פּאָעטישער ווירטשאַפט ווינען צוזאַמען אמונה און סקעפּטיק. ער געהערט אויך צו דער גרויסער מחנה גאָט־זוכערס. צי האָט ער אים געפונען? ביים סוף פון זיין לעבן באַמערקט דער פּאָעט: ״מיינע הענט זוכן אין אַלטע בלעטער / גאָטס נאָמען . . . ווי אַזוי האָט ער / געהייסן ״גאָט? . . . אַמאָל האָט ער / געוווינט אין אַלע וואַסערן, /אין אַלע ביימער און גראָזן. / היינט זענען אַלע זאַכן ליידיק / ווי פּרוכטן פון וועלכע די זאַפטן זענען אויסגערונען . . . און איך, — — — איך וויל קושן די אייביקייט, / נאָר זי האָט נישט קיין גוף און קיין פּנים״.

דער דיכטער דערציילט ווייטער, ווי ער קוקט אַריין אין דער אין־סופיקער אַנ־פּנימדיקייט און ״טיף־טיף־טיף כליפּעט אין מיר: ״ווער בין איך? ווער?״ דאָס איז דער סוף פּסוק פון זיינע לעצטע לידער (סוף 1971). דער בן־אָדם איז דאָך בבחינת ״די בלינדע (וואָס) לאָזן אַראָפּ די קעפּ / און טאַפּן די שליאַכן / מיט קרומע שטעקנס, / און לאָזן זיך אין וועג״.

און יעקב פרידמאַן האָט געשפּאַנט מיט זיי ״צווישן דערשראָקענע וועלדער און שטערן. / און אין מיין ציטערדיקער האַנט / מיין עלטער־עלטער־זיידנס לאַמטערן, / אין וועלכן דאָס לעצטע ליכט / איז פאַרלאָשן . . .״.

אין זיין לעצטער לענגערער פּאָעמע ״אַ חלום צווישן בערג״ איז דער פּאָעט זיך מתוודה פאַר דעם האַר פון דער וועלט: ״איך האָב געוואָגלט דורך קרוינשטעט און לענדער, / ביז איך האָב צו ירושלימס געבערג דערקלעטערט. / געטראַכט האָב איך: דאָ האָבן אַזוי פיל געטער געגעטערט, / אפשר וועל איך אויך געפינען אַ קרישקע גאָט, / אַ זערבע אויסגעוויילטע שעה. / נאָר ווי אַזוי האָב איך געקענט עפּעס געפינען, /אַז איך אַליין בין אין ערגעץ נישטאָ . . .״

און אַזוי איז ער ממשיך זיין חלום צווישן בערג, אויסרעכענענדיק די טעג פון מיטוואָך, דאָנערשטיק ביז ער טרעפט די, וואָס קומט ״פון די פּאַראייניקטע שטאָטן / צו זוכן צווישן קלויזן, קלויסטערס און מעטשעטן / דעם הימלישן טאַטן, נאָר געפונען האָט זי מיך . . . — — — און גוט איז געוועזן מיר אַ פולע שעה, / כאָטש גאָט איז נישטאָ. / און די וועלט . . . איך וויל נישט / טראַכטן פון דער וועלט אַצינדער. / ס׳איז נאַכט און די נאַכט איז אַ וויג / וואָס פאַרוויגט אונדז ביידן ווי קינדער״.

און אָט איז שבת אין מאה שערים. דוכט זיך אים ״עס וויינט די מלכה־שבת״. און זי (די אַמעריקאַנערין, מערי) זאָגט: ״די פּוסטקייט אין אונדז, וויינט, / די פּוסטקייט פון

אַ פאַרלוירענעם דור". גייען אַוועק אין דער פּאָעמע מעדיטאַציעס וועגן מענטש און מענטשהייט אין איר.

און דער סוף פּסוק די מעדיטירונגען, ווען זי פרעגט אים: "ווער ביסטו, ווער? / — דער אומזין, מערי, וואָס גאַרט נאָך זין, / די שפּין, וואָס וויל אַרויס פון איר אייגן געשפּין. / דער שטערן אין ים, וואָס ציטערט ווילד / און פּילט: ער איז בלויז דאָס שפּיגלבילד / פון עמעצנס ווייטן פאַרהוילענעם פּנים. / איך בין אַי ליידיקער טעמפּל, אַי פאַרגעסענער קרבן / וואָס ווייס נישט פאַר וועלכן גאָט מען האָט געבראַכט אים דאָ שטאַרבן . . . (ב. 1 — ז"ז 273—282).

דעם חשבון הלעבן מיט אָט די פילאָזאָפישע אויסקלאַנגען, האָט יעקב פרידמאַן אַרויסגעבראַכט מיט פּראַזאַדישער גראַטנקייט, באַגלייט מיט דעם ריטעם פון די באַזונג־דערע אַקצענטירטע רייד און מיט אַזאַ סענסיטיווקייט צו די ניואַנסן פון יידישן וואָרט. אָט די סוגעסטיווע בילדלעכקייט גיט זיך איבער דעם לייענער, וואָס ווערט געדאַנקלעך און עמאָציאָנעל געפאַנגען אין דער פּאָעטישער נעץ.

אין דער פּאָעמע איז דאָ אומדירעקט אַן ענטפער אויף דער פראַגע: — וואָס האָט פּאָעזיע צו זאָגן אין אונדזער טעכנאָלאָגישער געזעלשאַפט? ווען מען לייענט דורך אַזאַ פּאָעמע, וואָס איז אַ באַזונדער וועלט מיט אירע אייגענע טערמינען, אָבער דאָס וואָס איז פאַראַן אין איר תוכיק — איז דו און איך, וואָס זוכן אויסצופלאָסטערן זיך אַ וועג דורך די גרוילן פון אונדזער צייט. דאָ איז נישט דער גראַם, נאָר דער נשמה־ריטם פון פערז און דער קלאַנג פון די ווערטער, וואָס גייען צוזאַמען מיט דעם העכערן תכלית פון אונדזער מענטשלעכער עקזיסטענץ.

יעקב פרידמאַן דער פּאָעט האָט אויך געהאַט די מעלה צו זיין אי ראָמאַנטיקער אי דער אַנטי־ראָמאַנטיקער, איראָניע און ראָמאַנטיק, פילאָזאָפישע מחשבה און לייכטע שפּילעוודיקייט האָבן זיך געפונען ביי אים אונטער איין און דעם זעלבן דאַך. אָט האָט ער זיך איבערגערופן מיט משה לייב אין אַ ווויליונגערישער איראָניע; אָדער מיט דער שפּילעוודיקער לייכטאַניקער ראָמאַנטיק פון איציק מאַנגער.

נעמט אַזאַ פּאָעמע, ווי "אַ חלום אין קפּריסין". דער שמועס מיטן זיידן, וואָס זוכט אים צו דערמוטיקן. אַזוי אויך די אַנדערע, וועלכע דער דיכטער באַגעגנט אין זיין חלום, עס דערמאָנט אונדז אין מאַנגערישן ווייכן פערז מיט זיין מילדער איראָניע און לירישער צערטלעכקייט.

פּאָעזיע האָט טויזנט פּענצטער, פאַר אַלע אופנים צו זען די וועלט, דעם מענטש, די נאַטור. און אין יעקב פרידמאַנס פּאָעזיע איז די וועלט נישט פאַרשפּיגלט ווי אַ פאַר־גליווערטער זיין פון אַ פאַרפרוירענעם טייך. לעבן איז אַ כסדרדישער שטראָם פון ווערן, פון געבורט און פאַרגיי. עס איז גורלדיק פאַרברודערט מיט אַלץ אינעם אוניווערס: מיט דער חיה און מיט די צמחים און דער פּאַסטאָראַלער לאַנדשאַפט. דער פּיאַלעט און דער גרינקאַליר פון צעבליטן ציטרין־בוים, איז פאַרברודערט מיט דער גאַנצער יצירה: — איין גורל פאַר אַלעמען: לעבן און טויט.

אין זיין הערלעכער פּאָעמע "פּרקים נס" האָט יעקב פרידמאַן ארומגענומען מיט אַזאַ

ריטמישן ווילקלאַנג דאָס געבורט פון אַ ניי לעבן, אין וועלכן ער זעט "... גאָטס לעבן, פאַרצימצומט, פאַרקליינט, / אין אַ קלייניקער חוה, / וואָס חלומט און וויינט". זעט ער אין קינד דעם גרויסן געטלעכן ווונדער ווי ווונדערלעך אין־סופיק גרויס / איז גאָט, וואָס קען בויען זיין הויז / אין פּיצעלע גוף פון אַ קינד".

און שטייענדיק אַזוי פאַרגאַפט ביי דער וויג פון קינד, צעזינגט ער זיך תהילימדיק צום באַשעפער: "האָסט די וועלבונגען צעזונט און צעשטערנט, / און אונדזער קליינע ערד אויסגעלערנט / די מוזיק פון זיך קענען געבערן, / לעבעדיק זיך אריבערטראָגן פון איין גוף / צו אַ צווייטן און ווערן / נאָך אַ מאָל בלום און בוים, חיה און אדם". האַלטנדיק זיין קינד אין די אָרעמס און שפּירנדיק אַז ער "וווינט אין אירע הויטן. / און איך קווער, ווייל איך ווייס: נישט פאַראַן קיין טויטן. / — — און בעת איך שפּאַן איצט מיט מיין קינד דורכן קאַיאָר, / שפּאַנען מיט אונדז אַלע דורות, ביזן לעצטן דור. / און לעצט איז נישט לעצט. נאָר אָנהייב ווידער. / אזוי זינגען אירע זינגענדיקע גלידער" (ב. 1— ז"ז 128—129).

פון יעקב פרידמאַנס פּאָעטישער שיעור קומה, ווילט זיך ציטירן איין ליד נאָכן אַנדערן. פיל פון זיי זענען דאָך ראוי אַריינגענומען צו ווערן אין יעטוועדער אַנטאָלאָגיע. זיין כוח צו מאַכן דעם לייענער פאַר אַ מיטשותף צו זיינע חזיונות, שפּירונגען, דאַכטענישן און איבערלעבענישן. אין קורצע אָפּגעהאַקטע שורות, ווי אין ברייטע שורות, באַזינגט ער דעם גאַנצן באַשאַף אין זיין פילגעשטאַלטיקן פאַרביקן געמעל. און כאָטש ער ווייס; אַז פאַרפּלאָנטערט זענען די וועגן פון בן־אָדם, וועלכער שפּאַנט איבער תהומותדיקע שטעגן, אָבער ווהין דער שליאַך און שטעג זאָל אים נישט פאַרפירן, אויב נאָר די כוונה איז ריין, ווי דער שמייכל פון אַ קינד, וועט ער אלץ נאָך זיין אַ שמח בחלקו.

עס איז נישט קיין צופאַל, ייאָס דער פּאָעט האָט איינעם פון זיינע לידערביכער אַנגערופן ליבשאַפט. דאָס איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פון זיין נשמה, און דאָס איז געוואָרן פאַר אים אַ לעבנס־פילאָזאָפיע נישט נאָר מבין אדם לאָדם, נאָר צום גאַנצן אוניווערס, ווי אין פסוק שטייט: מלא כל הארץ כבודו. יעקב פרידמאַן האָט דעם פסוק איבערגעשריבן אויף ליבשאַפט צו אַלץ און אַלעמען אין דער יצירה, וואָס איז דאָך גרוים ווונדער און סוד, ווי אַזוי אַלץ איז געסדרט מיט אין־סופיקער קלוגשאַפט.

האָט ער געמאָלן און באַזונגען נאַטור־פּייזאַזשן מיט זייערע לעבעדיקע וויברירונגען פון קלאַנג און פאַרב, אַריינגעפלאָכטן זיי אין דעם צוזאַמענשפּיל פון ערד און הימל, מענטש און נאַטור און פון די לאַמעדוואָוניקיס, וואָס פאַרבינדן די פיין און טרער פונעם מענטש מיט דעם גאָלד און בלוי פון הימל. מיט אַ לירישן ציטער און לירישן צער האָט ער געקוקט אויף די גרויסע שפּיל־פאַרדאַרבערס, וואָס נעמען צו דעם טראָפּן פרייד און "סאַראַ גאָטס רחמנות אויף אַלע קינדער, וואָס ווילן אַ שפּיל טאָן אַ רגעלע / אין אומ־היימלעכן מדבר פון אין־סוף".

פאַראַן פּאָעטן, וואָס דאַרפן זיך אויסבושעווען מיט זייערע טענות צו דער וועלט. ווען וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי האָט באַמערקט באַדיעזשדאַ מאַנדעלשטאַם, אַז זיינע פערזן שיינען צו זיין פון אַ יוגנטלעכן פּאָעט, וואָס וויל זיך אויסשרייען און ער וואַרפט זיך

פונקט ווי אַ קינד. האָט איר באַמערקט אַז, ווען מען גיט אַ קינד נישט צו דאָס שפּיל־געצייג, וואָס ער וויל גלייך האָבן, הייבט ער אָן בריקעווען מיט די פיס און זוכן נקמה. אויך מאַיאַקאָווסקי, שרייבט זי, האָט געגלויבט אין אַזאַ טאָג, וואָס וועט קומען, אָבער עס וועט שוין זיין צו שפּעט. די אַרומיקע וועלן דאַן באַדויערן. און יעדער איינער וועט זיך פילן שולדיק לגבי אים, וואָס מ'האָט אים אָפּגעטאָן... (פאַר אַ קינד באַטייט דאָס די וועלט פון די דערוואַקסענע), וואָס האָט אים אַזוי שלעכט באַהאַנדלט...

ברענג איך די כאַראַקטעריסטיק צו באַווייזן, אַז יעקב פרידמאַן איז געווען פּונקט דער היפּוך לויט זיין נאַטור און פּאָעטישן מהות. ער האָט מיט אַזאַ אינערלעכער איינ־געבוירענער איידלקייט, עלעגאַנץ און חכמה, מיט אַ שמייכל אויפגענומען די מענטשלעכע שוואַכקייטן פון קינאה־שינאה. און אַז ער האָט שוין יאָ געוואָלט אויפמערקזאַם מאַכן, אַ חבר, האָט ער עס איינגעהילט אין וואַרעמקייט און דינקייט, נישט ווי צו טאָן, חלילה, יענעם! להיפך צו די, וואָס זוכן זייער אָרט אויבן־אָן, האָט יעקב פרידמאַן זיין גרויסקייט אין קליין פאַרשטעלט. ער אָט אויסגעמיטן דעם שטאַרקן זאָג און גראַד די טאָג־טעגלעכע ווערטער האָבן גאָר באַקומען אין זיין ליד אַן אויפפלאַם־ליכט.

מיר ווייסן, אַז לשון באַשטייט פון אַ גרויסע צאָל אויסגעאַרבעטע פראַזן, ווערטער־קאָמבינירונגען, געפורעמט דורך לאַנגע דורות ביז זיי זענען צו אונדז געקומען. יעקב פרידמאַן האט געקענט שאַפן די פּאָעטישע לופט אַרום די פּשוטסטע שורות. זיין פּאָעטישע דיקציע פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקן אויסקלאַנג אין וועלכן מיר דערשפּירן דעם צאַפּל פון אַ לעבעדיק ווענז. זיינע פּאָעטישע דאַכטענישן, די פליסטערנישן פון זיין געמיט, דער חן פון זיין ייִדיש לשון מיט זיינע קלאַנגלעכע אַסאָציאַציעס, מאַכן אונדז שפּירן דעם לעבעדיקן צאַפּל פון זיין פּאָעטישן פערז.

ער האָט דורך דעם ריטמיש־מעלאָדישן פּלוס פון זיין פערז געזוכט שלום צו מאַכן מיט די אַלע ווידעראַנאַנדן און סתירות, וואָס גייען דורך אינעם מענטשלעכן לעבן און זוכן אַזוי צו זאָגן קאָעקזיסטענץ. זענען דען ווידעראַנאַנדן נישט פאַראַן אויך און דער נאַטור און זיי קענען לעבן צווישן זיך בשלום. איר קענט אָנרופן: ליכט און פינצטערניש; היץ און קעלט; אויפגאַנג און אונטערגאַנג; שטראָם און גליווער — זיי אַלע זענען אַקצעפּטירט געוואָרן פאַר נאַטירלעכע דערשיינונגען אין אוניווערס, פאַרוואָס זאָל ער זיין אַנדערש ביים בן־אדם? ווייל ער איז דער בחיר היצירה? איז דאָס דען נישט אַ שטריך פון פוסטער גאווה, אדער גאָר אַן איינרעדעניש?

אין פרידמאַנס לידער איז דאָ אי די איראָניע אי דער פּאַראַדאָקס פון דער מענטשלעכער נאַטור צו וועלכער ער האָט אין זיין שאַפן אַרויסגעוויזן אַ באַזונדער סענסיביליטעט. מיט זיין מילדער איראָניע האָט ער געקוקט אויף די וואָס באַטראַכטן זיך פאַר גרויסע חכמים, פאַר "אַלץ ווייסערס". לייענסט זיין פּאָעמע "דער פאַסטעך אויפן כרמל", ווו ער זאָגט צו דער פאַסטושקע: ס'ווערט מיד אַ מאָל דער מענטש פון צו פיל חכמה, / דאַרף מען לייגן צוריק אים אין דער וויג..." ער זאָגט נאָך מער צו איר: — אַזוי פיל ליבשאַפט אין אַלעמען סע קוועלט, / נאָר דער מענטש, דער מענטש איז ערגעץ ווו אַוועק, / דער בן־אָדם האָט פאַרבלאָנדזשעט אין דער וועלט... / די גרויסע זאַכן

ליגן ליכטיק אָפֿן — — נאָר דער בן־אָדם איז אין פֿאַרפּלאָנטערניש פֿאַרקראָכן. . .
(ב. 2 ז״ז — 112—113).

אין דער פּאָעמע "זהבה" קערט פרידמאַן זיך ווידער אום צו דעם גאַנג פֿון מענטש־לעכן לעבן, די א"ג חכמים פֿון דער וועלט, וואָס מיר באַצייכענען "די גרויסע" און "זי איז גאָרנישט אַזוי גרויס, מיין טייערע. . .". דער דיכטער באַזינגט דאָס פּראָסטע ליד פֿון אַ גערטנערס טאָכטער אין גליל און מיט איראָניע באַמערקט ער, אַז אַ ליד דאַרף מסתם זינגען און דערציילן און לויבן די גרויסע לייט, וואָס באַשאַפֿן די געשיכטע. . . אָבער ער גייט גאָר צו גערטנעריי און פֿישפֿאַנג "און צום פּראָסטן פֿויגלס ליד, / וואָרעם פֿון צו פֿיל חכמה איז די חכמה / געוואָרן שלעפּעריק און מיד".

טראַכט די פּשוטע גערטנערין: "איז דאָס דער גאַנג פֿון מענטשנס לעבן? / — און די חכמים, פֿרעג איך, ווי אַזוי לעבן אויף דער ערד? / — די חכמים, לאַכט ער (דער פֿישערייונג) זענען אַלע לענדער אויסגעוועזן, / און זיך אומגעקערט מיט לאַנגע, ווייסע בערד". . . דער דיכטער ראָט זי נעמען דאָס לעבן, אָן חכמה "ער וועט מיך נעמען, זאָגט ער, צו זיך אין פֿישער־הייזל. / — און די סעדער, פֿרעג איך, וואָס וועלן טאָן אָן מיר? / — מיר וועלן האָבן, זאָגט ער, קינדערלעך, פֿישערלעך און גערטנער, / און די שיינקייט וועט ווינען ביי אונדזער טיר". (ב. 2 — ז' 118)

דאַרפֿן מיר אויפֿנעמען דעם פּאָעט יעקב פרידמאַן, דעם זינגער און זאָגער, וועמענס ליד און פּאָעמע קאָמוניקירט זיך ווייטער מיט אונדז, אויך נאָך זיין טויט, מחמת עס פֿאַרמאָגט אין זיך — דאָס וואָס בלייבט!

נתן אַלטערמאַן האָט געהאַט געשריבן וועגן מהות פֿון ליד, וואָס דאַרף פֿון זיך אַראָפּוואַרפֿן דעם יאָך פֿון געבאָטן וואָס פֿירן ווי אַ געשפּאַן און צום ביינאַנד. אָבער דאָך איז די פֿרייהייט פֿון ליד,' ווי די פֿרייהייט פֿון בליץ, וואָס פּרעסט צוזאַמען און צעשפּאַנט". דאָס קענטיקט זיך אין אַ ריי לידער און פּאָעמעס פֿון יעקב פרידמאַן, וועלכע מיר האָבן באַהאַנדלט און אַנאַליזירט.

יעקב פרידמאַן האָט געטראָגן אין זיך דאָס דערהויבנסטע פֿון דער ריזשינער ירושה, אָבער אָן אירע פּאַרצוימונגען צו אַ בייער לעבנס־וויזיע. דער פּאָעט וואָס האָט אַזוי טיף אַריינגעבליקט אין דעם קלסתר־פּרצוף פֿון אונדזער צייט, געזען די "רעדער" פֿון דער גרויסער מיל (— איז דאָס די וועלט, גרויסער מילנער?) "און צו יעדן ראָד איז צוגע־בונדן / אַ קינד, אַ טאַטע און אַ זיידע, / און אַלע זענען געשריי און וויי און וווּנדן. . ."
(ב. 1 — ז' 254).

פרידמאַן וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געזוכט אַן "אַרכיטעקט" אין הימל, "פּלאַן" און "ציל" האָט זיך אָנגעטראָפֿן מיט אַ "הפקר־מיל" פֿון איין זייט, אָבער אויך מיט שיינקייט, זיטלעכקייט, מסירת־נפֿשדיקייט און תמימותדיקע גוטסקייט פֿונעם מענטש — פֿון דער צווייטער זייט. ווי אַ שוואָם האָט ער אין זיך אַריינגעזאַפּט צער און פֿרייד, שימחה און טרויער ביז ער איז אָנגעקומען — פּריצייטיק — צום טויער פֿון טויט.

לייענסט זיין לעצטן ליד ("קאָשמאַרן"), געשריבן אין שפּיטאָל, יולי, 1972. עס איז דער לעצטער סך־הכל פֿון מענטש, וואָס האָט דורכגעמאַכט די יסורים פֿון אַן "ערב־

שטאַרבן״ און ער שטרעקט אויס די אָרעמס צום טויט, ״ווי הונגעריקע נאָך ברויט״ און זיי בענטשן זיין טעם און ריח...״ אָבער מיר, לייענערס, וועלן געדענקען דעם פּאָעט יעקב פרידמאַן, וועלכער האָט אין אַזעלכע הערלעכע לידער און פּאָעמעס באַזונגען דעם אוניווערס און דעם גאַנצן באַשאַף: ״מיין ליבשאַפט און מיין טרויער / האָב איך איבער־געענטפערט / דעם לאַגל פון שירה... / דאָס איז אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג, / אַלץ וואָס איז געבליבן פון וואַגל. / עפן שטיל אויף דיין טיר, פאַרטאָג, / און נעם, אין שטוב צו דיר, דעם לאַגל.

האָבן מיר גענומען דעם לאַגל און דאָרט געפונען אַ סך ריינעם פּאָעטישן גאָלד... און נאָך עפּעס: סאָפאָקלעס האָט אַמאָל געשריבן: ״איינער דאַרף וואַרטן ביזן אָוונט בכדי צו זען ווי שיין דער טאָג איז געווען״. מיר האָבן נישט געדאַרפט וואַרטן ביזן אָוונט...

## פון אלמאַנאַך צו אַלמאנאַך...

### צום 35סטן יאָרטאָג, פון וואַרשעווער געטאָ-אויפשטאַנד

די ירושלימער יידישע קולטור־געזעלשאַפט צוזאַמען מיטן קולטור־אָפּטייל פון מועצת הפועלים אין ירושלים האָט פייערלעך אָפּגעמערקט די 35סטע יאָרצייט זינט דעם וואַרשע־ווער געטאָ־אויפשטאַנד. פאַרזיצער פון אָוונט איז געווען **יעקב ניומאַן**. **סימאַ סקורקאָוויטש** — אַ לעבנגעבליבענע פון חורבן־ווילנע, האָט אָנגעצונדן די 6 ליכט און חזן **מאַזאָוויעצקי** האָט אָפּגעריכט אַ מלא רחמים.

אַן אינטערעסאַנטן און אויספירלעכן רעפעראַט האָט געהאַלטן דער גאַסט פון קאַנאַדע, דער שרייבער **יהודה עלבערג**. געגרעדט און געלייענט זייערע שאַפונגען האָבן די דיכטער **מאיר חריץ, נחמן ראַפּפּ** און **אברהם ציקערט**.



### אַכטונג, יידישע שרייבער!

דער ליטעראַטור־פאָנד אויפן נאָמען פון ד״ר שמואל און רבקה הורביץ ביי דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים איז מודיע, אַז די דריטע פאַרטיילונג פון דער יערלעכער סובווענץ וועט פאָרקומען אין חודש ניסן תשל״ט. עס וועט פאַרטיילט ווערן אַ מינימום פון 40 טויזנט לירות צו איינעם אָדער צוויי שרייבער לויט די פאָלגנדיקע כללים:

1. עס ווערן גענומען אין באַטראַכט אָריגינעלע מאַנוסקריפּטן אין יידיש פון שרייבער־עולים, וואָס זענען נאָך נישט דערשינען אין בוך־פאָרמאַט.
2. די מאַנוסקריפּטן דאַרפן געשיקט ווערן ביז סוף **דעצעמבער** אויפן אַדרעס פונעם סעקרעטאַר פון דער זשורי דוד **ברסלאַו**, רחוב יהואש 4, ירושלים.
3. די מאַנוסקריפּטן דאַרפן זיין אַנאָנים. דער נאָמען פון מחבר דאַרף אָנגעגעבן ווערן אין אַ באַזונדערן קאָנווערט.

# שמאי גולן

## די וואָרצלען זענען בשותּפותדיקע
### (וועגן דוד בערגעלסאָן)

ווען מיר קוקן רעטראָספּעקטיוו אויף דעם וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד אין די פינצטערע סטאַלין־יאָרן און וואָס פּאַסירט אויך היינט, קאָן מען זאָגן, אַז דער טויט פון די שרייבער און גייסט־מענטשן, מיטגלידער פונעם אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט, איז אַ רינג אין דער קייט יידישע מאַרטירער אין משך פון טויזנטער יאָרן, וואָס האָבן זייער לעבן אָפּגעגעבן פאַרן המשך און קיום פונעם יידישן פאָלק, אָנהייבנדיק פון די בלוט־בלבולים אינעם העלעניסטישן מצרים, דורך די ביזאַנטינער, מוסולמענער, קרייצטרעגער, אינקוויזיציע, פּאָגראָמען אינעם צאַרישן רוסלאַנד ביז דער שואה. אין אַט די אַלע יאָרן פון אונדזער געשיכטע זענען יידן אומגעקומען קודם־כל, ווייל זיי זענען געווען יידן. דוד בערגעלסאָן און פּרץ מאַרקיש, איציק פעפער און שלמה מיכאָעלס, קוויטקאָ, נוסינאָוו, האָפשטיין און אַנדערע זענען אומגעבראַכט געוואָרן אָן אַ משפּט און אָן אַ דין, ווייל זיי זענען געווען יידן און האָבן אָנגעפילט מיט שטאָלץ די סאָוויעטישע יידן דווקא אין די שווערסטע טעג פון אונדזער געשיכטע — בעת דעם צווייטן וועלט־קריג. סטאַלין האָט זיי פון איין זייט באַשולדיקט, אַז זיי זענען קאָסמאָפּאָליטן, און פון דער צווייטער זייט — אַז זיי ווילן אָפּרייסן דאָס האַלבאינדזל קרים פון רוסלאַנד און פּראָקלאַמירן אַ יידישע מדינה. ס'איז זיך נישט פאַרצושטעלן קיין גרעסערן אַבסורד אָבער סטאַלין האָט געפילט, אַז דווקא די מלחמה קעגן פאַשיסטישן דייטשלאַנד און די סאָלידאַריטעט פון יידישן פאָלק אין די לענדער, וואָס זענען נישט אָקופּירט, ברענגט אַ נייעם אויפבלי פון דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד.

נישט צופעליק האָט סטאַלין קודם־כל געוואָלט טרעפן די יידישע שרייבערס. מיטן עצם פאַקט, וואָס זיי האָבן פאַרגעזעצט שרייבן אין יידיש און אויף יידישע טעמעס, שילדערן דאָס יידישע לעבן און דעם יידישן שטייגער — האָבן זיי אויפגעהיטן דעם קערן פון יידישן נאַציאָנאַלן גייסט.

איינער פון די שרייבער, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דעם 12טן אויגוסט 1952 נאָך דריי יאָר פּיין אין די סטאַליניסטישע תּפיסות, איז געווען דער דערציילער דוד בערגעלסאָן. איך וויל זיך באַזונדערס אָפּשטעלן אויף דעם שרייבער, בבחינת אַ יחיד, וואָס איז מלמד אויף דעם כלל. און באַזונדערס אויף דעם בשותּפותדיקן פון בערגעלסאָנס ליטעראַרישן שאַפן אין יידיש און דעם ליטעראַרישן שאַפן פון זיינע מיטצייטלערס אין דער העברעישער ליטעראַטור ביז די צוואַנציקער יאָרן

פון אונדזער יאָרהונדערט. דאָ איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אונדזער נאַציאָנאַל טעאַ־טער "הבימה" האָט אין יאָר 1944 אויפגעפירט זיין "לא אמות כי אחיה", ווי אַ סימבאָל פון יידישן קאַמף.

מיר וועלן, דאַכט זיך, קיין טעות נישט מאַכן, ווען מיר וועלן זאָגן, אַז די בעסטע ליטעראַרישע שאַפונג פון בערגעלסאָן איז געקומען צום אויסדרוק פאַר דער רעוואָלוציע, אינעם שילדערן די יידן אין זייער גראַנגל און זוכן אַן אויסוועג סיי פונעם עקאָנאָמישן קריזיס סיי אין גייסטיקער הינזיכט. די זעלבע תקופה האָבן אויס־געצייכנט געשילדערט אין דער העברעישער ליטעראַטור ביאַליק, ברענער, גנעסין און בערקאָוויטש. אין אַט דער תקופה פון בערך 25 יאָר זענען גאַנצע יידישע ישובים אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון זייערע ערטער, ווו זיי זענען געזעסן אין משך פון דורות, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע וואַנדערונגען. אַן ערך דריט־האַלבן מיליאָן יידן האָבן עמיגרירט מעבר לים און בלויז אַ קליינער שטראָם קומט אָן קיין ארץ־ישראל מיט דער ערשטער און צווייטער עליה.

בערגעלסאָן שילדערט גוט דעם פונאַנדערפאַל פון דער יידישער משפחה אין יענער צייט, דאָס ברעכן די יידישע טראַדיציע און די וועג־זוכענישן פון דער יוגנט. ער דערציילט אין זיין שאַפן וועגן אונטערגאַנג פונעם יידישן שטעטל, ירידה פון דער אַריסטאָקראַטיע וואָס טראָגט די טראַדיציע — און פון דער צווייטער זייט דער אויפקום פון די גראָבהויטיקע נייע גבירים. אַזוי אין זיינע דערציילונגען "אַרום וואָקזאַל" "דער טויבער", "ראש השנה", "יורדים".

אַ סך פלאַץ אין בערגעלסאָנס שאַפן ווערט אָפּגעגעבן פאַר דער שילדערונג פון דער יוגנט, וואָס ווערט אויסגעוואָרצלט און געפינט נישט איר פלאַץ נישט אין דער יידישער, נישט אין דער גוישער געזעלשאַפט. ווי מלך אין "דער יורד" און דאָס געשטאַלט פון מירעלע אין "נאָך אַלעמען". ווען מיר לייענען די שאַפונגען, שווימט אויף אין אונדזער זכרון די שאַפונג פונעם העברעישן שרייבער פייערבערג "ווּהין ?".

אין זייער כאַראַקטער זענען אָבער בערגעלסאָנס העלדן ענלעך צו די העלדן פון די העברעישע שרייבער יוסף חיים ברענער און אורי ניסן גנעסין. ענלעכע מאָטיוון געפינען מיר ביי אַלע דריי: דער יוגנטלעכער, וואָס אַנטלויפט פון דער היים, די בענקשאַפטן אין דער פרעמד צום טאַטנס הויז, דער צוריקקער אַהיים, וואָס איז פאַרשפּעטיקט און ברענגט מער נישט קיין לייזונג. אַזוי דער העלד פון ברענער, פייערמאַן, אין זיין שאַפונג "בחורף" וואָס קומט אַהיים נאָך וואַנדערונגען אין דער פרעמד און עס געלינגט אים נישט צו שאַפן קיין פאַרבינדונג מיט זיינע משפחה־מיטגלידער; אַזוי גנעסינס העלד גיטל אין דער דערציילונג "סעודה מפסקת" וואָס קומט צוריק ערב יום־כיפור אַהיים און בלייבט פרעמד, אוריאל אין דער דערציילונג "בטרם", וואָס נישט געקוקט אויפן צוריקקער אַהיים, באַטראַכט ער זיך ווי אַ מת; און אַזוי אויך די העלדין פון בערגעלסאָן מירעלע, וואָס אַנט־לויפט פון שטעטל, אָבער קומט פון צייט צו צייט צוריק; מלך אויפן טויטן־בעט

באַדויערט, וואָס ער וועט מער נישט זען זיין מוטער די אלמנה, כאָטש דער לייענער איז איבערצייגט, אַז ווען ער וואָלט צוריקגעקומען אין שטעטל, וואָלט ער באַלד צוריק אַנטלאָפן פון דאָרט.

נאָך אַנדערע בשותפותדיקע שטריכן כאַראַקטעריזירן די העלדן פון ברענער, גנעסין און בערגעלסאָן: דאָס באַטראַכטן דאָס לעבן ווי אַ קאָשמאַר, ווי אַ פּערמאַ־נענט זוכן און נישט געפונען קיין אויסוועג ביזן וועלן באַגיין זעלבסמאָרד. גנעסין שרייבט וועגן "אַ געלבלעכער שטילקייט, וואָס שליסט אָפּ" זיינע העלדן פון אַלע זייטן, בעת בערגעלסאָנס העלדן געפינען זיך אין אַ וועלט פון "פּחד", "לאַנגווייל" און "שטענדיקן האַרבסט".

סדנא דארעא חד הוא. יעדער וואָס וויל אַבסאָלוט פונאַנדערטיילן צווישן די צוויי לשונות, יידיש און העברעיש, צווישן די שאַפונגען אין די צוויי שפּראַכן, מאַכט אַ טעות. כל־זמן די וואָרצלען זענען בשותפותדיקע — די וואָרצלען פונעם יידישן פאָלק אין אַלע יאָרן פון זיין געשיכטע — וועלן במילא קומען צום אויס־דרוק, אפילו אינעם ראַטנפאַרבאַנד, אין די שאַפונגען פון הויכער קוואַליטעט, די אַלע פאַרבאָרגענע איבערלעבענישן און געפילן פון אונדזער פאָלק און קודם־כל די שטרעבונג צו אַ יידיש גייסטיק־קולטורעל, נאַציאָנאַל לעבן. ערגעץ־ווו פאַר־הוילן פאַרן אויג פון די געהיימע צענזאָרס איז אויך באַהאַלטן די גאַרונג און לעכצונג נאָך דעם היימלאַנד אין ארץ־ישראל.

די קאָמוניסטישע מאַכט אין ראַטנפאַרבאַנד ווייסט דאָס. דעריבער דערלויבט זי אַלע פעלקער פון די באַזונדערע רעפּובליקן צו אַנטוויקלען זייער קולטור און נאַציאָנאַלקייט, אַנהייבנדיק פון די רוסן און ענדיקנדיק מיט די טאַדזשיקן, קאַלמיקן און אוזבעקן. זיי מעגן רעדן אין זייערע לשונות, שאַפן און לערנען זייערע נאַציאָ־נאַלע שאַפונגען, אָבער דער פאַרבאָט איז חל בלויז אויף דער יידישער קולטור און אויף יידן.

יידיש: א. ש.



## וו. בלום (ב. מאַכלין)

# „שטערן אויפן הימל" לידער פון מאיר חרץ

אין זיין דיכטונג באַנוצט מאיר חרץ גאַנץ ברייט די אַנטראָפּאָמאָרפיזאַציע, פילט אָן מיט מענטשלעכן לעבעדיקן גייסט די טויט־שווייגנדיקע וועלט; די זון שטאַרבט און „לעבט נאָך פאַרן טויט" די שטיינער אָטעמען. אין קינסטלערס האַנט קריגט דער שטיין „אַ שמייכעלע אין די אויגן" דער דיכטער וואונדערט זיך: „צי הערט איר ניט ווי אַלצדינג רעדט?", „דער אַלטער ברונעם רעדט צום יונגן בוים", „דאָס בעט צום גרעט", „דער שטול צום טישל", די שטיבערריידן צווישן זיך, „די נאַכט איז אַ טונקעלער טרעגער", „אַ נאַקעטער נעגער מיט גאָלדענע אויגן אין קאָפּ", ער „לאָזט אַהיים גיין דאָס פעלד און דעם וואַלד" . . .

ביי מאיר חרץ טרעפט אויך פאַרקערט אַז גייסטיקע באַגריפן, אַבסטראַקציעס ווערן פאַרזאַכלעכט, ער נעמט די שטילקייטן און לייגט צונויף זיי אין אַ סטויג. ער טאַפּט מיט די אויגן אָן די ווייטקייטן.

דאָס רוסישע גלייכווערטל זאָגט: „אַ וואָרט איז נישט קיין שוואַלב. איז עס אַרויסגעפלויגן וועסטו עס נישט כאַפּן".

דאָס וואָרט האָדעוועט זיך אויס אינעם דיכטערס האַרץ ווי אין אַ נעסט. ווען עס באַקומט פליגלען און דער דיכטער האָט עס אַרויסגעלאָזן איז עס שוין נישט זיין וואָרט, ס'ווערט שוין אַלעמענס וואָרט. פון רשות היחיד ווערט די דיכטונג אַ רשות הרבים. דאָס געדיכט האָט אַ שליטה נישט נאָר אויפן לייענער נאָר אויך איבער זיין שעפער. דאָס לעבעדיקע ממשותדיקע וואָרט באַקומט אָן ערדיש־מענטשלעכע קראַפט. די דיכטונג איז שוין נישט די „בת־השמים" (ווי מע'פלעגט זי אַ מאָל רופן) וואָס לאָקט פון ווייטן, ס'איז אַ דלילה, מיט וועלכער אפילו אַ שמשון הגיבור ווערט מאַכטלאָז. דאָס ביבלישע וואָרט נעמט איין פעלקער, מיט הימנען גייט מען אויף באַריקאַדן . . .

מאיר חרץ האָט אין דעם בוך אַ גאַנצן אָפּטייל „ווערטער". דאָס וואָרט ווערט דיכטעריש באַזיניקט ניט נאָר אַלס מכשיר פאַר זיין דיכטונג, נאָר אויך אַלס זעלבשטענדיקער כוח פון מענטש און וועלט. „דאָס וואָרט וואָס צינדט אונדז אָן די זון, האָט אויסגעלאָשן אַלע שטערן" . . . „דאָס וואָרט וואָס מאַכט די זון פאַרגיין צינדט אָן צוריק די שטערן". ווערטער זענען ווי לעבעדיקע מענטשן, זיי קומען זיך צו אים אויסוויינען, צי דאָס זענען אויסגעמעקטע, נישט קיין כשרע, יידישע ווערטער, וואָס די דיכטער אַליין האָבן זיי געפּסלט . . .

ביז 1934 האָבן אין ראַטנפאַרבאַנד עקזיסטירט פאַרשידענע שרייבער־גרופּן

און פאַרייניקונגען, פּראַלעטקולטאָווצעס, פוטוריסטן, קאָנטסטרוקטיוויסטן א.א.וו. ס'איז געווען אַן אילוזיע פון פרייהייט פאַר ליטעראַרישע שאַטירונגען. עס איז אָבער נייטיק געווען אַלע זאַלן דינען דער "סאָציאַלער באַשטעלונג". האָט מען אין 1934 צוזאַמענגעגאָסן אין איין שרייבער־פאַרבאַנד, וואָס האָט געדאַרפט אַלע "אינזשעניערן פון דער מענטשלעכער נשמה" געבן איין נשמה, איין ריכטונג — די פּאַרטיי־ליניע, די אוניפיקאַציע, די ניוועלירונג און פאַרפלאַכונג פונעם געדאַנק. אין שפּיץ פון פאַרבאַנד אַ הייפל שרייבער געשטעלטע היטן די פּאַרטייאישע כשרות, אין דער שרייבער־סביבה האָט אַרומגעבלאָנזשעט דאָס געשפּענסט פון בגידה. הערצער פאַרשליסן זיך, דאָס וואָרט פעלשט דעם געדאַנק. אַזאַ דערשיינט זי שפּעטער פאַר מאיר חרץ, אַזאַ איז זי ביזן היינטיקן טאָג.

צי ניט וועגן דעם דערציילט מאיר חרץ אין די צוואַנציק שורות פון זיין געדיכט "נעם צונויף"? נעם צונויף אין אַ טאָג אַ שיינעם / אַלע פּאָעטן און מאַך פון זיי איינעם /

דער דיכטער טרעט אַרויס קעגן דער סאָציאַלער באַשטעלונג אַלס טרייב־קראַפט צום שאַפן. ער וויל זיך נישט צוימען, כדי צו בלייבן שטענדיק וואָס ער איז. ער וויל נישט ווערן קיין פאַרבינדעטער צו די טעותים, און נעמען אויף זיך פרעמדע זינד — דעם פרעמדן שטויב פון פרעמדע שיך, ער וויל נישט זיין קיין ציגל אין אַ פרעמדער וואַנט, נישט קיין האַמער אין אַ פרעמדער האַנט, ("צי איז די קראַפט", "אַ מאָדנע שטימונג", "בין איך ניט").

ניט נאָר די ווירקונגען פון דער נאַטירלעכער און סאָציאַלער סביבה דאַרף די דיכטערישע פּערזענלעכקייט גובר זיין אין זיך, כדי זיין נאַטירלעכער "איך"־אינסטינקט זאָל ווערן אַ נשמהדיקער מענטשלעכער באַזיניקטער "איך"־געפיל. נישט נאָר אַן "איך" אין באַצוג צו יענעם און פאַר יענעם נאָר דערפילן און דערקענען זיין אייגענע אינדיווידואַליטעט אין זיך און פאַר זיך אַליין. אַזאַ אומ־אָפּהענגיקע זעלבטבאַשטימונג וואָלט געקענט זיין ווען מע'וואָלט קענען גובר זיין אין זיך דעם אייגענעם "איך" און זיין אַבסאָלוט אָביעקטיוו.

צי קען דען זיין אַזאַ אַבסאָלוטע אומאָפּהענגיקייט? דער מענטש איז דאָך געקנעטן פון דער נאַטור און געבאָרן אין דער סאָציאַלער סביבה. די האַרבע פּראָבלעם פון השגחה פּרטית איז נאָך געשטאַנען פאַרן רמב"ם די פּראָבלעם פון "ידיעה ובחירה".

שפּינאָזאַ האָט די פּראָבלעם פון פרייהייט און נויטווענדיקייט "געלייזט מיט דער באַשטימונג, אַז פרייהייט איז די באַזיניקטע נויטווענדיקייט. דער פּראָסטער בשר ודם ביי י. ל. פּרץ האָט נישט געקענט פאַרשטיין פאַר זיך "ווער בין איך".

מאיר חרץ פייניקט זיך: / אָט בין איך אי איך אי ניט איך / אָט בין איך גאָר ער און דו / ביז ענדלעך געפין איך זיך / נאָר איך געפין ניט קיין רו /. (אין חלום).

גמליאל דער זון פון ר' יהודה הנשיא האָט געפאָדערט פונם מענטשן מבטל זיין זיין אייגענעם רצון פאַר גאָטס רצון כדי ער זאָל מבטל זיין דעם רצון פון אַנדערע

פאַר דיין רצון. פאַר מבטל זיין דיין רצון פאַרן רצון פון דער פאַרטיי־ליניע האָט זי געצאָלט במזומנים. זי האָט געקויפט דיין נשמה און ביסט געוואָרן אַ קנעכט. מאיר חרץ האָט נישט געקענט זיך פאַרקנעכטן... גאָר אַנדערש איז זיין אייגן פלייש און בלוט זיין פאָלק. ער דינט אים מיט באַזיניקטן פרייען ווילן.

מאיר חרץ איז געקומען אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור אין 1940 פון באַסאַראַביע, ריכטיקער די סאָוועטיש יידישע ליטעראַטור איז געקומען צו אים און אים געטראָפן פריי פון דער קאָמישקייט מיט וועלכער ס׳האָבן געקרענקט אַ סך פאָעטן פון דער ״וועלט־רעוואָלוציע״, וועלכע איז נישט געקומען. נישטאָ ביי אים די קאָסמאָפּאָליטישקייט פון דער אָפּגעפלאָ־סענער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ער קוקט אויף דער וועלט ווי אויף איין גרויסער שטאָט און די נאַציעס ווי דעכער, וואָס קריגן זיך / אויף יעדן דאַך / אַן אַנדער פאָלק אַן אַנדער שפּראַך״ /. דער גרעסטער דאַך פון ״פילשפּראַכיקן קעניגרייך״ ווו ס׳קעניגט אחשוורוש נאָר און המן, זיין שר, וואָס קלערט צו אַל דאָס בייז דעם פאָלק פון אַלטן ״אלף בית״ ״קריג און בלוט פון פרעמדער שווערד / דעם פאָלק דעם פרידלעכן אויף דרערד״ /. (״די דעכער אין דער גרויסער שטאָט״); ער שטעלט אַ ווידערשטאַנד דער אַסימילאַציע: ער קען נישט זינגען קיין פרעמד געזאַנג און גיין מיט אַ פרעמדן גאַנג״ (״צי קאָן איך,,).

די דיכטונג פון מאיר חרץ קומט נישט פון דאַך מיט דער פאָן נאָר פונעם פונדאַ־מענט. נישט דאָס אויסנווייניקסטע, נאָר דאָס אינווייניקסטע. אין אים זיצט ״דער ייד, דער פויגל״, די זינגענדיקע נשמה וואָס עס האָט אים געלאָזן דער ״וואַנדער־דיכטער״ (זיין געדיכט וועגן אַ רעאַלער געשטאַלט). אפשר איז מאיר חרץ גאָר איינער פון די שליחים, וועלכע מע׳האָט געשיקט פרייטיק פאַר נאַכט קיין מערב צו דער שקיעה אַנטקעגן דער פאַרשפּעטיקטער מלכת־שבת און ער זוכט נאָך ביז היינט די דאַזיקע יידישע נישט־געקרויגטע מלכה, וואָס הערשט איבער דער וואָכע־דיקייט? אפשר איז זיין דיכטונג אַ רינג אין דער גאָלדענער קייט פון די גאָלדענע פּאַוועס, (זינג מיר אַ לידעלע — זייט 200) די פּאַוועס וואָס פליען נאָך אַלץ איבער ״וועגן און ימען און זוכן נאָך היינט זייער פאַרלוירענע פעדער? (פון אַ פאָלקסליד).

דער ״ריטער פון אָפּגעלעבטן שטעטל״ ״האָלט אין מיטן וועג״ די טראַגישע טרוימערישקייט פונעם טונעיאַדעווקער דאָן קיכאָט, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן גרויס און מיט צעשפּרייטע פליגל, נישט דערפלויגענע געבליבן מיטן אומרו (״גע־בעט״) מיט נישט געשטילטן פידל פון פאַרליבטן סטעמפּעניו מיטן געזאַנג פון יאָסעלע סאָלאָוויי, וואָס רייסט זיך פון האַלדז, מיטן נישט אויסגעזונגענעם ביגון פונעם יונגן מקובל, וואָס זינגט זיך אינווייניק.

צו די אבות זוכט ער נאָך אין באר שבע אַ לעבעדיקן אברהם אבינו...

מאיר חרץ איז אַ ליריקער. ברייטהאַרציק און אָפנהאַרציק איז ער מיט דער נאַטור און מיטן מענטשן. ער וויל אַלץ דערפילן מיטן ״אינעווייניקסטן אויג״ מיט דעם ליכט פון אויג איז באַלויכטן זיין גאַנץ ליריש שאַפן. ער איז מיט זיין געדיכט

האַרץ צו האַרץ. אין דעם אויסערלעכן געמעל דערפילט מען די נשמה, אין זיין אַריגינעלער, לויט דער פאָרם, באַלאַדע "בילדער", ווען דאָס מיידל "מעסט זיך אָן אַ כוואַליע, צי זי פּאַסט איר צו דער טאַליע" דערפילן מיר גלייך איר ערשטן מיידלשן ציטער... יונגינקע, פרישינקע נשמות צאַפּלען זיך אין אַזעלכע שאַפונגען ווי די סערענאַדע "פון דיין שטיבל", און די באַלאַדע "גייט אַ מיידל צו דעם ברונעם", וועלכע באַטן זיך אַ ניגון. וויפל פרייד שטיקט אין זיך זיין "מיידל-טרויער" (סאָנעט) פאַנטאַסטיש זענען "דאָס ביימל" "דאָס רעדל" "דעם בוים וואָס פילט" יעדער האָט זיך זיין לעבן, זיין נשמה... שאַפן לירישע בילדער הייסט אַריינלעבן זיך אין בילד, יענעמס נשמה מאַכן פאַר אייגן, ווי ס'האָט עדות געזאָגט אויף זיך פלאָבער: "מאַדאַם באָוואַרי — דאָס בין איך".

זיין ישראל-דיכטונג איז קאָנצענטרירט אונטערן קעפּל "שטערן אויפן הימל" (דער נאָמען פונעם בוך). אין "דרויסנדיקן" ישראל האָט נאָך דער ליריקער זיין האַרץ נישט דערהערט. ער דאַרף דאָך דעם "אינווייניק" די נשמה פונעם לאַנד. ער גראָבט זיך אַריין טיפער אין די פּלאַסטן פונעם הומשדיקן און וויטן היסטאָרישן ארץ-ישראל.

טרעטנדיק אויפן באָדן, וווּ עס האָט זיך געשאַפן די לעגענדע און די וואָר פון דער תנכישער קולטור, זעענדיק מיט די אויגן דאָס היימלאַנד פון אונדזער פאָלקס קינדהייט און יוגנט, זוכן מיר צו געפינען עפּעס וואָס ענלעכעס צו דעם, צו וואָס מיר האָבן געבענקט קינדוויז אַמאָל אין אונדזער בבל, עפּעס פונעם אויסגעבענקטן אידעאַל. מיר בענקען נאָך אונדזער אַמאָליקער בענקשאַפט.

דער דיכטער האָט זיין האַרץ דערהערט, ווען "די שטערן האָבן ווידער באַוויזן זיך אין הימל ווי אַ מאָל. און "ווידער קלינגען אַלטע שטערן-לידער", צי פון בבל געבראַכטע ניט באַפּלעקטע ציון-לידער... אָבער אַ מאָל האָבן זיי זיך געזונגען אינווייניק ווי ביי פרץ'ס יונגן מקובל ניט מיט קיין גשמיותדיקע ליפּן אַרויסגעבראַכטע זענען זיי געווען לויטער גייסט. מיט דער ניט-אויסגעזונגענער ציון-בענקשאַפט באַמיט זיך דער ליריקער באַנעמען דעם חלום אויפן וואָר... אָבער נישט שטענדיק זענען די אַמאָליקע שטערן מיט אים. שווער איז דעם ליריקער אַריינצודרינגען מיטן "אינעווייניקסטן אויג" אינם קשה-עורפדיקן ירושלימדיקן ראָזן שטיין. איבער יענע אַמאָליקע שטיינער האָט ער געהערשט, געמאַכט פון זיי וואָס ער האָט געוואָלט. דאָ, געוועלטיקט דער שטיינערנער כותל איבער אים. ער שטייט ביי אים ווי אַ תלמיד ביים לערער און הערט וואָס ער דערציילט אויך זיין "נייע שטאָט" (סאָנעט) איז מיט זכרונות פון אַ מאָל. ניט סתם ליריק זענען די לעצטע דריי שורות פונעם סאָנעט: די סיני-לוחות מיט די צען געבאָט / זיי שטאַרצן דאָ פון יעדן באַרג און פעלז / די יידישע די צען געבאָט דער וועלטס /. קערט מען איבער דאָס זייטל הערט מען אַז ער קלייבט זיך "צעברעכן אַלע אַלטע לוחות". ס'איז אַ שטאַרקע פּראָזע. ער פאַרשטייט איצט אַליין, אַז "די יינגעלייטלעך ביי די טישלעך" אויפן ככר דיזנגוף אין תל-אביב זענען דאָס נישט ווערט, און

דאָס חלוצישע „שווייס און בלוט" וועלכעס ער באַזינגט איז דאָך דער „בזעת אפיך תאכל לחם" די קללה פון דעם, וואָס האָט געקריצט די לוחות. בכלל שטערן נישט די צען געבאָט נאָר די וועלכע מאַכן פון זיי תרי"ג מאל תרי"ג...

אין קורצן ליד פון צען שורות „טרעפּ" (זייט 19) טרעפן מיר דעם דיכטער שטיין אויף דער הייך פונעם זעקסטן שטאָק מיט אַן אַנגעבויגענעם קאָפּ און זאָגט: די טרעפּ לויפן אַראָפּ. זיין פריינד אויף דער שוועל פונעם ערשטן שטאָק הייבט דעם קאָפּ זיינעם אויף און זאָגט: די טרעפּ לויפן אַרויף און „צווישן אונדזערע קעפּ שווייגן די טרעפּ" און מיר פרעגן: צי שווייגן טאַקע די טרעפּ, צי איז ניט געבליבן קיין אָפּקלאַנג פון יענער צוקונפטס מוזיק, וועלכע האָט אים גערופן צום אויפשטייג? צי הילכן ניט אָפּ די טריט פון זיין גאַנג אַרויף? צי קלינגט דען ניט זיין דורכגעמאַכטער וועג אין אַלע זיינע ביז איצטיקע פיר לידערביכער? צי אפשר קוקט דער דיכטער אַראָפּ כדי זיך אויפצוהייבן „ירידה צורך עליה היא" דער זעקסטער שטאָק איז ניט דער לעצטער פאַר אַ דיכטער פון „שטערן אויפן הימל".

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

### היימישע באַגעגעניש מיטן שרייבער בנימין שלעווין

אונטער די געדיכטע ביימער פון דער נייער ירושלימער זומער־קאַפע „ראָטאָנדאָ", האָבן זיך ביי אַ פּאָר טישלעך צוזאַמענגענומען די היגע יידישע שרייבער און קולטור־טוער כדי צו באַגריסן דעם חשובן גאַסט פון פּאַריז, דעם באַוווסטן שרייבער **בנימין שלעווין**. ביי אַ גלעזל קאַווע האָט זיך צעוויקלט אַ לעבהאַפטער און האַרציקער שמועס וועגן יידישע ליטע־ראַטור־פּראָבלעמען.

אינעם שמועס האָבן זיך באַטייליקט פריינד **יאַקוב גוטפריינד, מאיר חריף, דוד ספּאַרד, מ. מעלמאַן** און פרוי **מעלמאַן, יוסף קערלער** און פרוי **קערלער, אפרים שעדלעצקי**.



# דער פּאָעט שלמה רויטמאַן

נאָך מיט יאָרן צוריק האָט דער גרויסער יידישער דיכטער און עסעיסט, יעקב גלאַטשטיין, אין זיין בוך "אויף גרייטע טעמעס", ניו־יאָרק 1969, אונטערן קעפּל "מיט אַ ציטער פון פרייד" אין זיין איבערזיכט וועגן דעם זאַמלבוך "האָריזאָנטן" געשריבן: "פאַר מיר זענען געווען אַ ספּעציעל געפינס אין די "האָריזאָנטן" די לידער פון שלמה רויטמאַן. איך וואָלט געוואָלט וויסן אַ סך מער וועגן דעם דאָזיקן גרויסן יידישן פּאָעט וואָס וווינט ערגעץ ווייט פאַרוואָרפן, ווייט פון אַ יידיש אָרט און ער שרייבט פּרעכטיקע יידישע לידער, מיט אַזוי פיל קענטשאַפט און ווירטואָזיטעט, מיט אַזאַ אויסערגעוויינלעכער אָריגינעלער בילדלעכקייט, אַז מען לייענט זיינע שורות מיט אַ ציטער פון פרייד, וואָס אַ דיכטער פון אַזאַ מדרגה איז אונדז צוגעקומען אין דער יידישער פּאָעזיע... אַזאַ דיכטער איז ווייניק צו באַמערקן, מען דאַרף אים בענטשן און באַגריסן".

איצט געפינט זיך דער פּאָעט, שלמה רויטמאַן, צווישן אונדז, אין יידישן היימלאַנד. ער איז עולה געווען אין ישראל אין 1973 און גלייך זענען דערשינען אין "די גאָלדענע קייט" (נומערן 81 און 83) זיינע לידער.

אינעם ליד "די באַרג־אַזיערע" דערציילט ער וועגן זיינע וואָלקנדיקע בעכטנס:

"אפילו אויף בערג אויף די ווילדע  
די אַזיערע קומט צו איר טאָל  
און דאָן זי דערציילט אייך, אַ מילדע,  
געווען כ'בין אַ וואָלקן אַ מאָל".

אין אַ ליד פון ציקל "אָפּגאַנג" צעשווימט זיך דער וואָלקן מיט זיין בלוטיקן בעכטן, און דער אויפגייענדיקער מזרח קומט אַנטקעגן מיט זוניקער האָפענונג, געשריבן, ווייזט אויס, ביים אָנקומען אין מדינת ישראל:

"ניט ברעך די הענט, מיין טייערע, זיי מוטיק,  
"ביט פרעג וווהין עס האָט די נאַכט מיך הינגעטאָן.  
אויף מערב איז מיין קאָפּ פאַרגאַנגען אַזוי בלוטיק,  
כדי אויף מזרח אויפגיין טריפנדיק מיט זון".

אין 1975, איז אין תל־אביבער י. ל. פרץ־פאַרלאַג דערשינען שלמה רויטמאַנס בוך "דער לץ און דער ריטער". אין די 186 לידער, געשריבן אין פאַרשידענע עפּאָכעס, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דער פּאָעטישער וועג און פּאָעטישע פילזייטיקייט פון דעם דיכטער.

דאָס ערשטע ליד אין בוך, אין דער אָפּטיילונג "דער פּאַרכישופטער ניגון", הייסט "דער פויגל" און כאָטש דער פּאָעט זינגט זיינע ווערטער וועגן פויגל, כאַראַקטעריזירן זיי פּונקט אַזוי גוט דעם זינגער פונעם ליד:

"וויפל טרוימען, וואָס ליגן יאָרן לאַנג פאַרבאָרגן,
זאָגט ער אויס דער גאַנצער וועלט אין איינעם אַ פרימאָרגן?"

וויפל טרוימען, פּאָעטישע געפילן און געדאַנקען זענען געלעגן יאָרן־לאַנג פאַרבאָרגן, פאַרשלאָסן אין דעם דיכטערס חדרי חדרים, און איצט זענען זיי אַרויס פון דער "באַפרייטן פויגל" אַזוי זינגעוודיק פריי, האַרציק און אויפריכטיק:

"הערט; סע שאַלט אין אים די ערד, און הימלען אין אים קלינגען,
פרייד! דער פויגל מיט זיין פלייט אין הייכן זינגען".

און שוין, אין צווייטן ליד "וואָס אין פידעלע שטעקט", נעמט דער פּאָעט אַנטפּלעקן וואָס אין זיין פּאָעטישער פידעלע איז פאַרבאָרגן געלעגן.

"און עס רוישט שוין, אין גראָזן געראָטן,
און עס שפּילט שוין דורך צווייגן, וואָס ריידן,
און זיין ברוסט איז די וועלט און דער אָטעם,
וואָס מע קען זיך מיט זיי ניט צעשיידן".

און אָט איז אַן אַלעגאָריש ליד וועגן דעם גאיוון קעלבעלע, וואָס שפּרינגט איבערן גריגעם גראָז און פרייט זיך מיט איר יונג לעבן און מיטן קלינגענדיקן גלעקעלע אויף איר האַלדז:

"ווייל ס'האָט זיך דאָס קעלבל אין גלעקעלע איינגעליבט איבער די אויערן, געמיינט האָט דאָס תמימותדיק נפשל — מיטן גלעקעלע איז עס געבוירן. ביז דער מעסער־שניט איבערן העלדזועלע האָט פאַרשניטן די פרייד און דאָס לעבן: סע קייקלט זיך אין ווייַ דאָס גלעקעלע, ווי דעם קעלבעלעס אָפּגעהאַקט קעפּל, נאָר פאַלנדיק ווערט עס נאָך הילכיקער און פוילט ניט אין גראָז, ווי דער עפּל".

און פּלוצלונג צעקלינגט זיך אַ ליד ווי אַ פּאָעטישע שבועה:

"און דו האָסט געוואָגט צו פאַרשוועכן
דעם אוצר דעם פאַלקישן צאַרטסטן
טאָ זאָלסטו אַליין איבערברעכן
דעם שווערד אויף דיין אייגענעם האַרצן".

שלמה רויטמאַן זינגט נישט לשם זינגען — די טיפסטע מענטשלעכע געפילן פון צער און פרייד פליסן פון זיין בענקשאַפט צו זיין יוגנט און צו זיין יידישן שטאַם, וואָס איז אַזוי אומברחמנותדיק פאַרשניטן געוואָרן.

רויטמאַן שלייפט זיין פּאָעטישן פּערז ווי "דער דימענט־שלייפער" אין זיין ליד, ביז ער אַליין, זיין פּערז און זיין ליד, ווערט דער דימענט, דער איידלשטיין, דאָס ליכט פון יידישן פאָלק.

אין 1976 האָט שלמה רויטמאַן פאַרעפנטלעכט זיין צווייטן בוך לידער און סאָנעטן "מיין ישראלדיק שופרל". ס'איז צו באַוווּנדערן ווי דעם קינסטלערס דראַנג

צו געבן פרייען אויסדרוק צו זיינע אינערלעכע געפילן. ווי דער כח פון זיין פּאָע־טישער אינספּיראַציע, זיין ליבשאַפט צום יידישן וואָרט, צום יידישן לאַנד, באַזיגן אַלע שוועריקייטן.

דאָס ליד "די שמחת־תורה־פאָן פון מיין קינדהייט" איז אַ פּאָעטיש מייס־טערווערק — אין שפּראַך, אין ריטם און אין אינהאַלט, עס באַצייכנט די גרויסקייט פון דער פאָן וואָס איז דער סימבאָל פון אַ פאָלק און ביי אונדז יידן נאָך מער, ווייל מיר האָבן געהאַט אַ פאָן וואָס האָט אויך פאַרטראָטן דאָס אָרט פון אַ לאַנד. אונדזער שמחת־תורה־פאָן איז געווען די האָפענונג פון פאָלק פאַר צוויי טויזנט יאָר.

דער גורל פון דער פאָן וואָס איז ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון יידישן פאָלק, דאָס ליכט וואָס אַזויפיל שונאים האָבן זיך פאַרמאָסטן אויסצולעשן.

אַלע סאָנעטן און לידער זענען איין דערהויבענער, נשמהדיקער אויסדרוק פון ליבשאַפט, פאַרערונג צו ישראל, צום ערשטן רעגן, צום כותל המערבי, צו ירושלים, צום מאַראַנץ, צום יום־טוב און צו דער וואָכעדיקער ישראלדיקער ווירקלעכקייט.

איינער פון די שענסטע ווונדער אין זיין פּאָעטישן שאַפן זענען די איין סטראָפיקע לידער. דער דיכטער באַווייזט אין געציילטע שורות צו פּאָעטיזירן אַ פילאָזאָפישן געדאַנק. רויטמאַנס מאַלערישער כח דערגרייכט אָפט אַ בילדלעכקייט, אין ווערטער, ווי ס׳וואָלט געהאַנגען פאַר דיינע אויגן אַ געמאָלן בילד אויפן לייוונט.

שלמה רויטמאַנס צוויי לידער־ביכער האָבן געקראָגן אַ וואַרעמען אָפּרוף פון דער קריטיק אין ישראל און אין אַנדערע יידישע וועלט־צענטערס, און נאָך אַ הייסערן אָפּרוף פון די יידישע לייענער. ס׳איז צוגעקומען אויפן פּאָעטישן אויבנאָן אַ דיכטער מיט עכטער פּאָעטישער אינספּיראַציע, מיט אַ טיפזיניקן געדאַנק, רייכ־קייט פון שפּראַך, שפּילעוודיקן ריטם און קלאַנג — אַ גרויסער קינסטלער פון יידישן וואָרט — שלמה רויטמאַן.

**אשר שטשוטשינסקי**

## צוויי רעצענזיעס

# אויסגעצייטיקט אין שטילשווייגן

**יאָסל לערנער** — "ביז ס'הייבט אָן טאָגן", פאַרלאַג י.ל. פּרץ, תל־אביב, תשל"ז — 1977. 156 זייטן.

אויב אַ יידיש ליד האָט דעם שאַנס אויסגעלייזט ווערן פון פאַרגעסנהייט, איז דאָס נאָר אַזאַ, וואָס ווערט נישט געבוירן מיט דער נאַרישער אילוזיע פון וועלן אַריבערשרייען דעם גרילציקן האַרצלאָזן יאָמער פון קאָמפּיוטער־יאָרהונדערט: אַ ליד, וואָס איז אויסגעווייטיקט דורך אונדזער ביטערער וואָר; אַ ליד, ביי וועלכן יעדער וואָרט איז אויסגעבאָדן אין פילדייטיקער שטילקייט.

נישט ווייניק אַזעלכע לידער וועט דער לייענער, קלער איך, געפינען אין דער נישט־לאַנג דערשינענער זאַמלונג פון דיכטער יאָסל לערנער "ביז ס'הייבט אָן טאָגן".

זיין ערשטער בוך, אַרויסגעגעבן אין ישראל א.ג. "פון כעלעמער פּנקס", איז בשעתו זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך אונדזער יידישער פּעריאָדיק, דערונטער אויך אין אונדזער אויסגאַבע (זע "ירושלימער אַלמאַנאַך", נומ' 6—7 פאַרן יאָר 1976, ז. 280).

ס'איז אָפּגעמערקט געוואָרן דעם דיכטערס חריפות און באַהאַוונטקייט אין יידישן פאָלקלאָר־אוצר, די אייגנאַרטיקע פּאָעטישע אינטערפּרעטאַציעס פון די "כעלעמער חכמים", פון "הערשעלע אָסטראָפּאָליער", ווי אויך, פאַרשטייט זיך, די געהיטע פערלדיקע פאָלקסטימלעכקייט פון זיין יידישן־לשון. אַ באַזונדער אינ־טערעס האָבן אַרויסגערופן אויך זיינע אָריגינעלע קורצע מעשהלעך פון יענעם בוך — "אַ וועלט מיט וועלטעלעך" — בצימצומדיק אין ווערטער און פילזאָגנדיק מיט זייער לעבנס־חכמה.

צענדליקער יאָרן האָט דער דיכטער געקליבן יענע זאַמלונג. נאָך אַ גרעסערן צייט־אָפּשניט בעמט אַרום זיין צווייטער לידער־בוך, וועלכן מיר רעצענזירן אַצינד.

"ביז ס'הייבט אָן טאָגן" עפנט זיך מיטן טראַגיש־אַנגעלאָגלטן ציקל "אַנטקעגן וויסטן נסיון", לידער געשריבן אין די יאָרן 1941—1944, ווען דער דיכטער האָט געוואָגלט צוזאַמען מיט די יידן פון באַסאַראַביע און בוקאָווינע איבער די געטאָס און טויטלאַגערן פון טראַנסניסטריע, ווען היים איז געוואָרן "יאָמערדיקער וועג אין שטויב". אַזעלכע לידער ווי "אַנטקעגן וויסטן נסיון", "דורך די צעבראָכענע פענצ־טער", די באַלאַדע "צען ברידערלעך", "רעמינעסצענץ" זענען קיין טראָפּן ניט

פאַרעלטערט געוואָרן. זיי פאַראייביקן די שרפהנדיקע שפּורן „ביים בלוטיקן טאָל", זיי גליען מיט דער ליידנשאַפט פון קיין מאָל נישט פאַרגעסן און קיינמאָל ניט מוחל זיין די גרויליקע תקופה פון נאַציסטישער יידן־אויסראָטונג, פון אַרויסהויבן די יידישע ווידערשטאַנד־גבורה. ס'ווילט זיך מיר ציטירן איינס פון די קורצע לידער, וועלכע איז מסוגל צו דערשיטערן אונדזער געמיט מיט גאָר דער קראַפט פון קינסט־לערישן אמת: „אידיליע" רופט זיך דאָס ליד (אידיליע — אַן גענדזנפּיסלעך!):

„אויפן דאַך פון אַ פּוסט־און־וויסטן הויז / שטייט אַ רויבפויגל / בראָוו און נאָבל / מיט אַן איילבירטבלאַט / אין פאַרבלוטיקטן שנאָבל...

פונעם שטאַרצנדיקן קוימען / גייט ניט מער קיין רויך, / דער הימל איז ריין / און בלוי / און הויך. — / די קרעמאַטאָריעס פון אַשווענטשים, טרעבלינקע / און מיידאַנעק / רוען שוין אויך...

דאַכט זיך — פּראָסטע, פאַרשטענדלעכע שורות, און דאָך — ס'אָראַ אויס־נאַמלעכע פּאָעטישע געוואַגטקייט: דווקא אַ דאַנק דעם סובטעל־איראָנישן איבערוף מיט געטעס באַרימט ליד, וועלכע באַרירט די „אייביקע טעמע", אַנטפּלעקט זיך אויף ס'ניי פאַר אונדז דער גרויסער בראָך פון אונדזער אויסגעהרגעט פאָלק און, להבדיל, די נעבעכדיקע אומבאַהאָלפנקייט, דער באַנקראָט פון אַ געצנדינערישער קולטור מיט אַלע אירע „אייביקע ווערטן"...

נאַטירלעך איז דער איבערגאַנג צו די איבעריקע לידער־און־צייט־שיכטן פון אַט דעם מערקווירדיקן פּאָעטישן אָפּקלייב, ווען דער יידישער דיכטער, אַ קיין מאָל נישט באַפרייטער פון דורכגעשטורעמטן חורבן־קאָשמאַר, זוכט און געפינט דאָך גרויסע טרייסט אין... טרייסטן אַנדערע, פּונקט אַזעלכע איינגעבראָכענע און איינזאַמע ווי ער אליין. ניין, דער צער־און־צאָרן, דער ווינד־און־וויי, האָט דאָך נישט פאַרוויסט, נישט פאַרשלאָסן אונדזערע הערצער פאַר אַל דאָס גוטס און אַל דאָס שיינס, די דורותדיקע מאָראַל פון יידישקייט האָט זיך נישט אָפּגעטאָן פון אונדז. והראיה — די האַרציקע טרייסט־לידער פון יאָסל לערנער, וועלכע זענען צעוואָרפן און שיינען אַרויס ווי מילדע שטערנדלעך צווישן די איבעריקע לידער־ציקלען. לאָמיר אויף דער שטעל אָנרופן בלויז אַ באַגרענעצטע צאָל פון אַזעלכע לידער־שטערנדלעך: „וויש אויס דעם הימלס פאַרוויינטע אויגן", „וואָס רעדט דער ווינט מיטן וויינשלבוים", „לאָמיר זיך לערנען ביי דער ערד", „הימען צום לעבן", „שלאָף מיין קינד, ביסט מיד" און פיל אַנדערע.

„די טרערן דיינע רינען, רינען" — זאָגט ער אין איינער אַזאַ טרייסט־ליד. טרערן פון פאַרלייכטערונג, — ווילט זיך צוגעבן, — טרערן, דורך וועלכע ס'דער־שיינט קוים צו מערקן אַ ליכטיקער און פאַרשטענדיקער שמייכל פון אַ פיל־געלי־טענעם גוטן דיכטער און גוטן מענטש.

אויך אין די אינטים־לירישע מאָטיוון, אין זיין אינערלעכן דיאַלאָג מיט וואַלד, פעלד, הימל און שטערן, מיט זיין בענקשאַפט צו די יונגע יאָרן, וואָס זענען אַוועק מיט די וואַסערן פון היימישן טייך, אין די פּאָעטישע באַזיניקונגען פון סביבה און

צייט, פון לעבן און טויט, אין די לידער פון טרויער און באַדויער איז כאַראַקטעריס־טיש פאַר לערנערן די ציכטיקע לויטערקייט פון אַ זוניקן האַרבסט, ווו ס'דאַמיגירט נישט אַזוי דאָס וועלקן ווי די פרוכטבאַרע רייפקייט.

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמען ביים דיכטער די משלים־לידער, וועלכע פאַנגען אונדז מיט זייער פּאָעטישער תמימות און פאָלקסטימלעכן חן. ס'ווילט זיך אויסטיילן אַזעלכע צוויי ממש שעדעווורען, ווי "ביז ס'הייבט אָן טאָגן" און "שפּאַצירט זיך דער הייליקער מולד", לידער, וועלכע מיר קענען, לײדער, נישט, צוליב מאַנגל אין פּלאַץ, ברענגען פון אָנהייב ביזן סוף. און ציטירן, אַרויסרייסן שורות, איז נישט שייך, ווייל אַ ציטאַטע וואָלט בלויז צעשטערט די גרויסע עסטעטישע באַפרידיקונג ביים אַריינלייענען זיך אין אָט די צוויי ווונדערלעכע לידער.

איבער לערנערס אָריגינעלקייט אין זיין משל־זשאַנער שפּירן זיך די בענטשנ־דיקע הענט פון אונדזער גרויסן משלים־צויבערער אליעזר שטיינבאַרג.

בכלל דאַרף מען צוגעבן נאָך איין זעלטענעם שטריך צו לערנערס פּאָעטישן אָנבליק: דער דיכטער איז זייער ווייט פון צו זיין אַ זעלבסטפאַרליבטער מאַניאַק, זיין (אַ ביסל שוין צו זעלבסט־באַשיידענע) טרויעריק־שמייכלענדיקע מוזע, איז קיין מאָל נישט איינזאַם ווי אַן אַראָפּגעפאַלענע פון הימל אויף אונדזער זינדיקער ערד, זיין דיכטונג איז שטענדיק אַרומגערינגלט מיט פריינד, באַליבטע יידישע פּאָעטן — פאַרגייער און מיטצייטלער.

גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב!

הייבט ער אָן זיינע אַ תפילה. און ווייטער:

גאָט פון ישעיהו, פון עמוס און פון יונה!
גאָט פון רב יהודה הלוי, אלחריזי און היינע!

און לסוף:

גאָט פון ביאַליק, פון לייוויק און פון מאַנגער!
מיין קאָפּ מאַך ניכטער,
מיין אויער — געניט.
זאָלן די פידלען פון די געזאַלבטע דיכטערס
שפּילן אין מיין געמיט!...

דורך אַלע ג'הנמדיקע וואָגלענישן — טריי צו זיין שטאַם און צו די שטענדיק לעבעדיקע פאָלקס־קוואַלן — דאָס איז דער כוח פון יאָסל לערנערס פּאָעזיע, אַן אויסגעצייטיקטע אין שטילשווייגן.

# דאָס בוך פון גרויסער גבורה

**לעאָפּאָלד טרעפּער (דאָמב) — די רויטע קאַפּעליע (אויטאָ־ריזירטע איבערזעצונג פון פראַנצויזיש: מאַקס מעלמאַן). אַרויסגעבער: ״ירושלימער אַלמאַנאַך״, ירושלים, תשל״ח — 1978.**

דער זשאַנער פון דאָקומענטירטע מעמואַרן פאַרנעמט שיער נישט דעם אויבן־אָן אין דער היינטצייטיקער וועלט־ליטעראַטור. די גבית־עדות פון די, וועלכע זענען צופעליק אַרויס לעבעדיקע פון צווישן די פאַרבלוטיקטע מילשטיינער און ציין־רעדער פון דער נאַציסטישער אָדער קאָמוניסטישער מאַרדמאַשין, פאַרמאָגן אין זיך אַ גוואַלדיקע צוציונגס־קראַפט פאַרן דענקענדיקן לייענער. די כראָניק פון אונדזער צייט, — די דעמאַסקירונגען פון טאָטאַלן טעראָר, אָפּגעגעם און פאַרבאָר־גענעם, וועלכן ס׳קולטיווירן היינט מער ווי אַלע מאָל די אַזוי גערופענע ״פאָלקס־און וועלט־באַפרייער״, די כראָניק פון אַקטיוון ווידערשטאַנד, די כראָניק פון די סאַמע טראַגישע און פּיינלעכסטע אַנטווישונגען אין דער געשיכטע פון דער מענטש־הייט, איז היינט צו טאָג שטאַרקער און באַלערעוודיקער פון יעטוועדער קינסטלערי־שער פאַנטאַזיע און אַוודאי אויך פון וויסנשאַפטלעך־טעאָרעטישער פאָרשונג.

לעאָפּאָלד טרעפּערס בוך, וואָס איז ענדלעך דערשינען אויך אין דער באַליב־טער מוטערשפּראַך פון מחבר — אין יידיש, איז אָבער פון אַ באַזונדער חשיבות. דאָס בוך האָט זיך שוין דערוואָרבן אַ גוואַלדיקע פּאָפּולאַריטעט און פאַרנעמט אַ בכבודיקן פּלאַץ צווישן דער מעמואַרן־ליטעראַטור אויף צענדליקער וועלט־לשונות. מיט וואָס איז דאָס צו דערקלערן ? — די סיבה ליגט קודם אין דער לעגענדאַרער פּערזענלעכקייט פון מחבר גופא — איינעם פון די טרייסטע, מוטיקסטע און סאַמע געניטע אָרגאַניזאַטאָרן פון אַנטי־נאַציסטישן ווידערשטאַנד אין מערב־אייראָפּע, בעת דער דייטשיש־פאַשיסטישער אָקופּאַציע. דער שווערפּונקט פון בוך ליגט טאָקע אויף די געבויע און דאָקומענטירטע באַשרייבונגען וועגן דער העלדישער און קרבנותפולער טעטיקייט פון באַרימטן אַזיגד ״רויטן אָרקעסטער״ — אַ פאַרצווייגטע אַנטי־נאַציסטישע אויסשפּירונגס־נעץ, וואָס האָט אויפן עפעקטיווסטן אופן געווירקט לטובת איר ״צענטראַלע״ — דער סאָוועטיש־מיליטערישער אויבער־קאָמאַנדשאַפט.

די טיילן פון בוך, וואָס כאַפּן אַרום די דאָזיקע טעטיקייט, לייענען זיך מיט אויסערגעוויינלעכער שפּאַנונג : ס׳לעבן אויף פאַר אונדזערע אויגן צענדליקער מיטקעמפער פון ״גראַנד־שעף״ טרעפּער — יידן און ניט־יידן, סיי אין זייער מוטיקן געראַנגל קעגן מעכטיקן ״אָבוער״ — דעם דייטשישן מיליטערישן קאָנטער־אויסשפּיר, סיי אין זייער שטאָלצער האַלטונג בעת די שרעקלעכסטע פּייניקונגען, ביז צום אויסהויכן דעם לעצטן אָטעם אין דעם געסטאַפּאָ־גיהנום פון ברענדאָנק און אַנדערע פאַרניכטונגס־פּלעצער.

טעמפעראַמענט, זאָגט מען, איז די מאָס פון וועלן דערגרייכן דעם ציל (אין געגעבענעם פאַל — דעם נצחון איבער דער ברוינער פעסט), אָבער די העכסטע מאָס פון אַט דער ווילנס־קראַפט ביי טרעפּערן איז גראָד געווען די אויסנאַמלעכע פּייאיקייט פון קאָנען צוימען, ווען ס'איז נייטיק, דעם קעמפערישן טעמפעראַמענט, כדי מיט קלאָרער, קאַלטער ניכטערקייט אויספּלאַנעווען די מינדסטע דעטאַלן פון יעדער געפערלעכער אָפּעראַציע.

און נאָך: מיר דאַכט, אַז טרעפּער האָט גאַנץ אָפט געמוזט אויסבאַהאַלטן זיין גרויסע איינזאַמקייט און זיין פאַרצווייפלונג אפילו צווישן די סאַמע נאָענטע מיט־קעמפער זיינע, ווייל חוץ דער טאָג־טעגלעכער לעבן־און־טויט־שפּיל מיט דער פאַשיסטישער חיה־רעה, האָט ער אויך באַשטענדיק געמוזט זיין אין אַ פּיינלעך־דראַמאַטישן קאָנפליקט מיט דער טאַלאַנטלאָזיקער סטאַליניסטישער "צענטראַלע", וועלכע איז אָפט גענויגט געווען גיכער צו פאַקן זיך אויף דער ווענטקע פון דער דייטשישער אויסשפּיר־נעץ, איידער צו טרויען דער טרייער אינפאָרמאַציע פון אַן אידעאַליסטישן און קלוגן אַנטי־נאַצי קעמפער... אָבער צוליב פאַרשטיין דעם דאָזיקן הארבן קאָנפליקט מוז מען אויפמערקזאַם לייענען, אויב נישט פאַרשן, נישט נאָר די סאַמע סענסאַציאָנעלסטע טיילן פון אָט דעם אויסטערלישן ווערק (ווי, למשל די פאַרכאַפּנדיקע "גרויסע שפּיל", אין וועלכער דעם "שעף" האָט זיך איינגעגעבן צו באַזיגן, איבערכיטרעווען די "קאַרפּן־קעפּ" פון אַבווער און געסטאַפּאָ, (שוין זייענדיק דורך זיי אַ געפאַנגענער), נאָר מען מוז דורכפּייניקן פון אָנהויב ביז צום סוף דעם גאַנצן דערנער־גאַנג פון אַזאַ מענטש ווי טרעפּער (דאָמב): פון אַ נאַיוון יידישן בחור אין אַ גאַליציאַניש שטעטל ביז צו דעם דורכגעטריבענעם און שרעק־לאָזן "רוסישן בער", דעם גראַנד־שעף פון "רויטן אָרקעסטער" — זשילבער, פון און דורך "השומר הצעיר" צום קאָמוניזם, פון אָפענע קלאַסן־שלאַכטן צו אומלעגאַלער טעטיקייט, פון פּאַלעסטינער "מאָפּסן" ביז דער אייראָפּעישער אַרענע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניסטישער פאַרשווערונג. פּאַריז, בערלין, און ענדלעך אין מאָסקווע!! די ערשטע פריידן און די ערשטע אַנטוישונגען... צי איז דען מעגלעך אויסצורעכענען די אַלע עטאַפּן, אומשטענדן און פאָרמאַציעס, וועלכע ס'האָט געקענט דורכמאַכן אַ ביז גאָר נישט קיין געוויינלעכער מענטש אין אַן אומגעוויינלעכער עפּאָכע פון טאָטאַלן שקר, שרעק און טייוולאַנישן ציניזם?

יאָ, אַזאַ ריין־יידישער אידעאַליסט, וואָס האָט מיטגעפיבערט און מיטגעפלאַ־קערט מיט אַלע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אויפטרייסלונגען פון יענער עפּאָכע, זייענדיק שוין אינעם אויסגעהלומטן "לאַנד פון סאָציאַליזם", "פּנים על פּנים מיט דער ווירקלעכקייט", האָט ער זיך צו ביסלעך געמוזט איבערצייגן אין דעם, אַז קיין שום רעוואָלוציע אין דער וועלט האָט אַזוי סיסטעמאַטיש, קאָנסעקווענט און מיט אַזוי פיל רוצחישער תאווה ניט געפרעסן די אייגענע קינדער, ווי דאָס האָט געטאָן די "גרויסע פּראָלעטאַרישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע".

״סטאַלין, דער גרויסער באַגראַבער, האָט אומגעבראַכט צען מאָל, הונדערט מאָל מערער קאָמוניסטן, ווי היטלער״ —

״די סטעזשקע צווישן היטלערס האַמער און סטאַלינס קאָוואַדלע איז געווען שמאָל פאַר אונדז, פאַרגלייבטע אין סאָציאַליזם...״ (ז. 102). וועלן מיר איצטער ניט גיין פּאָלעמיזירן מיט דער איבערצייגונג פון מחבר, אַז אַלע אומגליקן פאַרן סאָציאַליזם און פאַר דער וועלט בכלל זענען געקומען ערשט מיט סטאַלינען און מיטן פּאַרטיי־קולט, וואָס האָט ״פאַרקריפּלט דעם סאָציאַליזם״. פאַר אונדז איז וויכטיק די אויפטרייסלענדיק־מענטשלעכע ווידוי־דערקלערונג פון אַזאַ רעוואָלוציאָנערן מיליטאַנט ווי טרעפּער:

״דאָך זענען מיר זיי נאָכגעגאַנגען, פאַרצווייפלט, אָבער געהאָרכזאַם. מיר זענען געוואָרן צעמאָלן פון די ציין־רעדער, וועלכע מיר האָבן געלאָזט אין באַוועגונג מיט די אייגענע הענט. ווי טיילן פון דעם אַפּאַראַט, טעראָריזירט — ביזן פאַרלירן דעם שכל, זענען מיר גופא געוואָרן דער מכשיר פון אייגענעם אונטערגאַנג. די אַלע, וואָס האָבן זיך ניט קעגנגעשטעלט סטאַלינס טויט־מעכאַניזם, זענען מיטשולדיק. דער דאָזיקער פּסק־דין איז חל אויך אויף מיר גופא״ (ז. 70).

פאַר אונדז איז וויכטיק די אויסגעבלוטיקטע לעבנס־דערפאַרונג פון אַ מענטש, וואָס האָט, צו זיין צייט, געמוזט מאַכן דעם איינציק־ריכטיקן אויסוואַל — קעמפן אויף דער זייט פון ראָטן־פאַרבאַנד, קעגן דעם דייטשיש־פאַשיסטישן שונא, ווי דאָס האָבן געטאָן, טריי און העלדיש, הונדערטער טויזנטער יידן אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי, אין די פּאַרטיזאַנער־מחנות און אין דער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

פאַר אונדז איז ענדלעך ביז גאָר וויכטיק די גבית־עדות פון אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט דעם גרויסן חריפותדיקן מוט און ווילנס־קראַפט צו צעפּליקן די נעצן סיי פון דער ברוינער און סיי פון דער רויטער מאָרד־מאַשין; אַ מענטש, וואָס האָט זיך דורכגעבראָכן צוריק אַהיים, קיין ירושלים, און דאָ אַרויסגעגעבן אויך אין יידיש דאָס באַרימטע ווערק זיינס וועגן מענטשלעכער און יידישער גבורה.

לסוף איז בייטיק אָפּצומערקן די פיינע געוויסנהאַפטע איבערזעצונג פון פראַנצויזיש, וועלכע ס׳האָט געמאַכט פריינד מאַקס מעלמאַן.

יוסף קערלער

## אָפּרופֿן

**אריה שמרי, אויף גרינעם פֿאַרמעט, לידער און פּאָעמעס — פֿאַרלאַג ישׂראל-בוך, תל אביב 1977. 170 זײַטן.**

דאָס איז, דאַכט זיך, דאָס נײַנטע אָדער צענטע לידערבוך פֿונעם דיכטער קיבוצניק אריה שמרי. אין אַ זײַט פֿון שטאָט, אין אַ זײַט פֿון טראַקט, אין אַ ווינקל פֿון קיבוץ לאָזט ער די דיכטערישע פֿעדער ניט אַרויס פֿון האַנט. זאָל די צײַט טאָן וואָס זי וויל און ער טוט זיך זײַנס — פֿון שורה צו שורה, פֿון ליד צו ליד, פֿון בוך צו בוך און מיט דער זיכערקייט פֿון:

אַלץ וואָס האָט אַ שפּור פֿון מײַן באַריר / לעבט אין מיר /

גראָבט ער זיך צום עצם פֿונעם עצם:

אין די פֿאַרהוילענע היילן / פֿון בלוט /

און ער גראָבט אַרויס פֿון דאָרט זײַן ליד:

יעדער אות מיט זײַן פֿונק, / יעדער וואָרט מיט זײַן ווונק. /

אַרויסגעגראָבן, אַרויפֿגעבראַכט, אָפּגעפּיילט און אָפּגעשליפֿן קלאָר, נאָר:

די קלאָרקייט איז סוד / אינעם טונקעלן ראָד / פֿון גורל-געדריי.

ער רופֿט זיך מיט שטאָלץ בן חוה און צו איר, צו חוהן, דער ערשטער מוטער זינגט ער:

און כ'טרינק מיט אהבה / דײַנע ערשטע טראָפּנס מילך. /

דעם צובונד פֿונעם ״זינגער זויגלינג״ זעט ער דווקא אין די שניטן:

מיט הייטעלעך פֿון חלום / ווערט די ווונד פֿאַרצויגן. /

און דער חלום:

מײַן חלום איז אַליין באַשיידער.
ער ווײַזט מיר אין פֿרימאָרגן־דעמער
דעם זין פֿון זײַן און ווערט פֿון ווערן.

און דער וועג אין לעבן:

דעם וועג נאָך אַ וועג ווײַטער ציט
און ניטאָ איז קיין סוף צו די וועגן.

דער דיכטער שטײַגט אויף הויכע טרעפּ, נאָר פֿון איין טרעפּ צו דער צווייטער ציען זיך לענגען פֿון הונדערטער טריט אַרויף. אויף צו לייענען שמריס לידער דאַרף מען בייטן דעם אָטעם. אויף דער שוועל פֿון זײַן בוך דאַרף מען אַראָפּוואַרפֿן פֿון די פֿיס די אַלטע טריט און באָרוועס אין גאַנצן פֿון אײַנגעאיבטן גאַנג אַרײַנ־שפּאַנען אין היכל פֿון זײַן דיכטונג. זײַנע מאָטיוון, כאָטש בראשיתדיקע איז אָבער

זיין בראשית אַ מאָדערניסטישער, אַן אַרויסגעגראָבענער פון אַ קאָלעקציע פון די סאַמע עלטסטע מאָדערניזמען פון די צייטן פון בראשית און פון פאַר בראשית. שוין דאָס לייענען אַליין שמריס דיכטונג איז אַ דערגרייכונג פאַר די, וועלכע לייענען לשמה, אויס ליבשאַפט צו דער גרויסער קונסט פון לייענען.

ס'איז שפּעט ביי נאַכט. איך זיץ איבער שמריס בוך און הער זיך איין צו זיינע רייד:

די חשכות פון דער נאַכט,
די וואָכע שעה מיט דיר צוזאַמען —
איז מיין עקזאַמען.

ס'איז דאָס ניינטע צי צענטע לידערבוך. ס'איז דער ניינטער צי צענטער אויס־געהאַלטענער עקזאַמען *.

**שלמה רויטמאַן, סאָנעטן — הרצליה 1977 226 זייטן.**

אין דער יידישער דיכטונג איז דער סאָנעט אַן אַלטער תושב. סאָנעטן פאַר און נאָך דוד קעניגסבערגן. מיט סאָנעטן האָט דעביוטירט דער יונגער טשערנאָווי־צער דיכטער מ. פריד (פריד וויינינגער) און זיין ערשטלינג איז אַ קראַנץ סאָנעטן א. נ. נאַרציסן מיט מאַנגערס אַן אַריינפיר־וואָרט. מאַנגער אַליין אין זיין ערשטן אַרויספאַר אין זיין "שטערן אויפן דאַך" קומט מיט אַ צאָל סאָנעטן ווי: "דער פרעמדער", "דער מאַנאַך", "דער זינדיקער", "דער פּאַטריאַרך" און אַנדערע. מיר טרעפן זיי אין אַלע זיינע זאַמלונגען ביז און נאָך זיינע דרייסיק סאָנעטן פאַר זיין ברודער נטען אין צוויי באַזונדערע סאָנעטן־קרענץ, כאָטש ס'קאָן זיך דאַכטן, אַז דער סאָנעט איז דווקא די עפּילאָגישע פאָרם פון אַ דורכגעמאַכטן דיכטערישן וועג. ה. לייוויק האָט שוין אין זיין וווּנדיקן גאַנג אויפן ווייסן סיבירער שניי ניט אויס־געמיטן דעם שטרענגן סאָנעט, כדי זיך ניט צו פאַרלירן אין ווייסן תוהו ובוהו.

אין שלמה רויטמאַנס ערשטן לידערבוך אין ישראל "דער לץ און דער ריטער" (ת"א 1975) טרעפן מיר סאָנעטן פון די ערשטע פערציקער יאָרן. "סאָנעטן פון פּרוכטיקער ליבע" און אין זיין צווייטער זאַמלונג "מיין ישראלדיק שופרל" לייע־נען מיר שוין ביי אים "סאָנעטן צו ישראל" און דעם סאָנעטן־קראַנץ "אַ מאַראַנצן־סאַד אין הרצליה", אין וועלכע סע קומט צום אויסדרוק די פולע הדרדיקע רייפ־קייט פון דיכטער.

אין זיין איצטיקן דריטן לידערבוך אין ישראל האָט דער דיכטער צונויפגענומען זיין גאַנץ סאָנעטן־פאַרמעגן ביז היינט, אַ פּאָר הונדערט אין צאָל. אַ גראַווירטער און פולער בעכער פאַר די ליבהאָבער פון לויטערן ליד:

* די דאָזיקע שורות זענען נאָך ניט געווען אָפּגעדרוקט, אפילו ניט אין גאַנצן אויסגעזעצט, ווען ס'איז אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה וועגן דיכטערס טויט. אין מיטן גרייטן זיך צום עלפטן עקזאַמען. אפילו ניט דערלעבט די 12־טע וואָכע שעה. כבוד זיין אָנדענק.

אַלץ וואָס קאָן ווערן אַלט, נאָר חוץ דעם וויין,
אַלץ וואָס קאָן ווערן גרוי, חוץ דעמערשיין,
און אַלץ וואָס פייניקט ווילד, חוץ ליבע־פּיין
פאַרווערט איז זיי אין ליד אַ תושב זיין.

איך וואָלט געקאָנט אויסרעכענען אַלע נעמען פון די סאָנעטן־ציקלען און אויפציטירן אַ גאַנץ שנירל פּערל פון זיי, איך וועל אָבער זיין אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט און ניט וויסן וועלכע ניט צו ציטירן און אַלע קאָן מען דאָך ניט ציטירן, לאָז איך עס איבער פאַר דער העכסטער אינסטאַנץ, פאַרן לייענער, ער זאָל איבערנעמען דאָס וואָרט ביי די פאַר וואָרטזאָגער אונדזערע און לייענען דאָס גאַנצע בוך סאָנעטן.

**לייב קורלאַנד, שרונה, ראָמאַן, פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל אביב 149/1977** זייטן.

לויט טאָלסטאָיען זאָל די העכערע בילדונג, די העכערע פאַכבילדונג, זיין אַ שטערונג פאַר אַ שרייבער, זאָל דאָס צו פיל וויסן זיין אַ מניעה פאַר די חושים אין זייער אוממיטלבאַר אויפנעמען דעם אַרום. צי קאָן, למשל, אַן אַסטראָנאָם, וואָס ווייסט ניט נאָר, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, נאָר ווייסט גענוי דאָס פּלאַץ און דעם מאַרשרוט פונעם פּינטעלע ערד אין אַלוועלט, צי קאָן ער אַזוי אויפנעמען אַ זונאויפגאַנג צי אַ זונפאַרגאַנג ווי אַ ניט־געבילדעטער מענטש, וואָס זעט בחוש, ווי די זונראָד שטייגט אָדער זינקט אַ פייערדיקע, צינדט אָן דעם טייך א.א.וו. ווען מ׳האָט אים געזאָגט, טאָלסטאָיען, אַז אָט, למשל, אַנטאָן טשעכאָוו, איז אַ מעדיצין־דאָקטער און דאָך אַ גוטער שרייבער — טאָלסטאָי האָט זייער געהאַלטן פון טשע־כאָוון — האָט ער געענטפערט: היינט שטעלט אייך פאָר אויף וויפל טשעכאָוו וואָלט געווען נאָך אַ בעסערער שרייבער, ווען ער וואָלט ניט געווען קיין דאָקטער.

ער האָט, למשל, געהאַלטן, אַז דאָס רייכערן איז אַ שטערונג צו אַ גוטן סטיל און ווען מ׳האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ שרייבער אַ רייכערער און אַן אויסגעצייכנטן סטיליסט, האָט ער ווידער אין זעלבן נוסח געענטפערט — שטעלט אייך פאָר וואָס פאַר אַ נאָך בעסערער סטיליסט יענער שרייבער וואָלט געווען, ווען ער רייכערט ניט.

פול מיט באַוווּנדערונג פאַר טאָלסטאָיס גרויסע קינסטלערישע ווערק מוזן מיר דאָך ניט אָננעמען זיינע אַרויסזאָגונגען, כאָטש אַן און פאַר זיך זענען זיי ביז גאָר אינטערעסאַנטע און גוט וואָס ער האָט זיי אַרויסגעזאָגט.

קיין איין מענטש ווערט ניט געבוירן קיין געלערנטער און פאַר מענטשן מיט טאַלאַנט שטערט ניט די בילדונג אָפּצוהיטן זכרונות פון דער ניט־געבילדעטער קינדהייט. זכרונות מיינט ניט נאָר פּאַסירונגען נאָר אויך איינדרוקן און געפילן. אונדזער איציק מאַנגער האָט פון דאָרט פון זיין קינדהייט מיטגעבראַכט דאָס בילד פון ״שטערן אויפן דאַך״.

לייענענדיק דעם ראָמאַן שרונה פון ד״ר לייב קורלאַנד האָב איך געטראַכט, פאַרקערט, ווער ווייסט צי ווען קורלאַנד איז ניט קיין דאָקטער צי וואָלט ער אַנגעשריבן דעם ראָמאַן זיינעם אַזוי ווי ער האָט אים אָנגעשריבן. פאַר אַ דאָקטער דעקן אַפּ זייער גוף ווילד־פרעמדע מענטשן און דאַכט זיך, אַז דורך דער הויט זעט מען פאַרט בעסער די נשמה ווי דורך די קליידער.

כ׳האָב דאָס בוך געלייענט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און איידער עס וועקן זיך אויף יענע איינשטעלונגען און קריטעריעס, וואָס וועלן אפשר אָפּדינגען פון דער ווערט פון קורלאַנדס בוך, אייל איך זיך איינצוהאַלטן דעם גוטן רושם, וואָס דאָס בוך האָט אויף מיר געמאַכט.

לייב קורלאַנד איז איינער פון יענע שרייבער־חלוצים, וואָס אַנטדעקט פאַר אונדז און פאַרפעסטיקט אין אונדז אַלץ נייע און נייע פּייסאַזש־שטריכן פונעם מיליע און פונעם שטייגער אויב ניט פון גאַנץ ארץ ישראל איז פונעם ישראלדיקסטן ווינקל — פון דער געגנט אַרום כנרת, ווו דער ראָמאַן שפּילט זיך אָפּ.

עס איז די צווייטע ליבע פון אַ יונגער אלמנה נאָך אַ פאַנטאָם־פּליער, די קראַנקנשוועסטער שרונה, מיט אַ פאַרהייראַטן שאָפער און פאָטער פון צוויי קינדער. די ליידנשאַפט צעפלאַקערט זיך ביז וועלן אַלץ פאַר זיך. אין דער ערשטער ליבע איז דער ריוואַל אירער דער פאַנטאָם פון וועלכן עס גיט זיך איר ניט איין דעם מאַן אָפּצורייסן. אין דער צווייטער איז עס די לעבעדיקע געזעצלעכע פרוי, וועלכע קעמפט פאַר איר מאַן און פאָטער פון אירע קינדער מיטן פאַרשוואַנגערן מיט אַ דריט קינד. פאַראַלעל מיט דער ליבע פלאַקערט אַן אומרחמנותדיקע שנאה צו דער, וואָס וויל ניט אָפּטרעטן איר גליק. דער מאַן ווערט צעריסן אין צווייען. פון איין זייט זיין שטאַרקע ליבע צו דער ״ווייסער פּרינצעסין״ און פון דער צווייטער זייט די פליכט צו פרוי און קינדער, וואָס ער קאָן ניט פאַרלאָזן — ביי אונדז טוט מען ניט אַזוי — זאָגט דער שוואַרצחנעוודיקער העלד — אַ קינד פון די מזרח־עדהס.

די כוואַליעס פון כנרת שלאָגן און קלאַפּן צו ריטמיש צום בלוט, וואָס כוואַליעט אין די הערצער פון די פאַרליבטע. די ליבע, וואָס איז שטאַרקער פונעם טויט איז אָפּט אויך שטאַרקער פונעם לעבן און ברענגט דער יונגער שרונהן דעם טראַגישן סוף.

**ברוך מרדכי ערליך, בעלעמער דערציילונגען — פאַרלאַג ״מיכאל״**
**תל אביב 1977.**

וועלכן יידישן יידן זענען ניט באַקאַנט די מעשות וועגן הערשל אָסטראָפּאָלער און וועגן די כעלעמער חכמים. אין די ערשטע ווערט געשילדערט די געשטאַלט פון רבינס נאַר, וואָס איז קלוגער פונעם רבין און לייטישער פון זיינע חסידים, דער פריילעכער קבצן, וואָס טוט אָפּ אַלעמען שפּיצלעך און בלייבט נעכטיקן אין

דרויסן און אין די צווייטע ווערט געשילדערט דאָס תמימותדיקע פּנים פון אַ יידיש שטעטל, וואָס קוקט צו דער גרויסער וועלט אַרויף און זי, די וועלט, קוקט דערויף אַראָפּ און לאַכט עס אויס און זי הייבט ניט אָן צו פילן, ווי זאָגט ערגעץ שלום עליכם:

אַז זי לאַכט פון זיך אַליין.

אויף אויסצובויען די כעלעמער מעשות האָבן כמעט אַלע שטעט און שטעטלעך פון פוילן און פון גאַנץ מזרח-אייראָפּע צוגעשיקט ציגל, צוגעשטעלט געשטאַלטן און פּאַסירונגען אײַנע כלומרשט קאָמישער פון דער צווייטער. אין דער כעלעמער מעשה האָט זיך כמעט יעדער שטעטל אויסגעלאַדן און באַפרייט פון די אייגענע נאַראָנים. שרייבער און פּאָעטן פון דער גאַנצער יידישער וועלט האָבן אויסגענוצט אָט דעם פאָלקלאָריסטישן מאַטעריאַל — דער פּוילישער אַלטער קאַציזנע, דער בוקאָווינער איציק מאַנגער, די ״יונגע״ פון אַמעריקע מאַני לייב און י. גלאַטשטיין, דער סאָוועטיש יידישער דיכטער לייב קוויטקאָ און שפּעטער שיקע דריז און צענדליקער אַנדערע זענען ניט פאַרבייגעגאַנגען כעלעם אָן צו פלאַנצן אַ בוים, אַ ניגון, אַ ליד אָדער צוויי צי דריי וועגן כעלעם.

דורך כעלעם האָב איך געקוקט און דערזען מיין מאַרקולעשט און אויף אַלע-אַלע יידישער שטעטלעך און עס אַרויסגעבראַכט אין מיין ליד ״ווי שפּיגלען צע-שטעלט אויף דער וועלט״ און שפּעטער אין ליד ״לויטן זכרון״. —

ווי שפּיגלען צעשטעלט אויף דער וועלט
אויף אָפּשפּיגלען כעלעם פון ווייטן
אַזוי זענען שטעטלעך צעשטעלט
געשטאַנען אַמאָליקע צייטן
אויף אָפּשפּיגלען כעלעם פון ווייטן.

דער בריטשאַנער יאָסל לערנער האָט געפלאַנצט אַ גאַנצן כעלעמער וואַלד, אָנשרייבנדיק זיין כעלעמיאַדע ״פון כעלעמער פּנקס״ און לויט זיין מוסטער האָט דאָס זעלבע געטאָן דער קעשענעווער חיים זעלצער.

ניט הערשל פון אָסטראָפּאָליע און אוודאי ניט דאָס פּויליש-יידישע שטעטל כעלעם זענען ניט קיין אויסגעטראַכטע, אַלצאיינס צי די מעשות וועגן זיי זענען אויסגעטראַכטע אָדער איבערגעטראַגענע. כ׳האָב קיין מאָל קיין אָסטראָפּאָליער ניט באַגעגנט און ווען איך באַגעגן יאָ אַזעלכן, וואָלט ער גאַרניט געוווסט צו דערציילן וועגן אַ קאָנקרעטן הערשלען. יענער דור איז שוין לאַנג ניטאָ. עפּעס אַנדערש איז מיט כעלעם. מיין פאָטער האָט געדינט פּאַניען אין כעלעם. כעלעמער טרעפט איר עד היום סיי אין ניו יאָרק און סיי אין תל אביב און אפילו אין י. ל. פּרץ-פּאַרלאַג און אַז אַ כעלעמער ייד קומט נאָך אַלע כעלעמער מעשות אַרויס מיט ״כעלעמער דערציילונגען״ און טאַקע פונעם קאָנקרעטן כעלעם איז עס אַ געוואָגטער אויפטו פון אַ גאַר באַזונדערן ווערט און אַז אין אָט די דערציילונגען טרעפט מען יענע געבענטשטע קערנדלעך פון וועלכע די פאָלקס-פאַנטאַזיע האָט אַרויסבאַקומען דאָס

שענסטע גערעטעניש פונעם יידישן פאָלקלאָר, איז דער אויפּטו דאָפּלט גרויס און אַז מיר טרעפן דאָרט דעם דינעם שמייכל מיט וועלכן די כעלעמער האָבן רעאַגירט אויף דער וועלטס כעלעמער מעשׂות, זאָגן מיר דעם מחבר פון די דערציילונגען ברוך מרדכי ערליך יישר כּוחך.

אין כעלעם אַז אַ קינד זאָגט מודה אני און אויפן אָרט פון בחמלא רבה זאָגט ער בחלמא רבה, איז עס אַרטיקער כעלעמער פאָלקלאָר, וואָס שפּרייט זיין ליכט איבערן כּלל יידישן פאָלקלאָר. און אַז דאָס עלטערע ברידערל שטראָפט דעם דריי־יאָריקן מודה אני־זאָגער און גיט אים ניט דערפאַר דעם פרישטיק, וואָס די מוטער האָט איבערגעלאָזט אויף נאָך מודה אני, רעאַגירט דערויף די צוריק געקומענע מוטער און שטראָפט דעם שטראָפער מיט אַ גוטן שמייכל: "כעלעמער נאַרעלע, בחמלא רבה צי בחלמא רבה איז אַלץ איינס די טייטש מיט גרויס דערבאַרעמדי־קייט". און ווי ווייט איז פון בחלמא ביז כעלעם ?

דער מחבר האָט מיט זיינע כעלעמער דערציילונגען געוואָגט און געטראָפן.

## וועגן די אויסגאַבעס פון הערשל סעגאַל — רחובות.

דער קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל גיט אַרויס אַ סעריע ביכער פון יידישער שרייבער־עולים פון סאָוועטנרוסלאַנד. ביים אַרויסגעבן יידישע ביכער העלפן זיך יידישע שרייבער אַרויס מיט פאַרשידענע ליטעראַטור־פאָנדן ווי, למשל, דער ליטעראַטור־פאָנד ביים יידישן שרייבער־פאַראיין אין ישראל, דער קרן תל אביב לספרות ולאמנות, דער אליעזר־פּינעס־פאָנד און אַנדערע. די אלמנות פון בראָדערזאָן, האָפּשטיין, מאַרקיש זענען זיך משתדל און טוען אַלץ אויף אַרויסצו־געבן די ווערק פון זייערע פאַרשטאָרבענע אָדער אומגעקומענע מענער. אַ ספּעציעלער בוך־קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אין דריי בענדער די ווערק פון פאַרשטאָרבענעם דיכטער יעקב פרידמאַן, נאָר מע מוז צוגעבן, אַז ווען ניט די אלמנה, די אומדערמידלעכע קעניע, וואָלטן ניט געווען ניט קיין בוך־קאָמיטעט און ניט קיין ביכער. די טאָכטער פון אַלטער קאַציזנע אין איטאַליע האָט אַרויס־געגעבן די ווערק פון איר פאָטער. די עלטערן פון דער יונגפאַרשניטענער בלימעלע יאַקיר האָבן אַרויסגעגעבן אירס אַ בוך אויפן אייגענעם חשבון. וואָס זאָלן אָבער טאָן יענע וואָס האָבן קיינעם ניט געלאָזט נאָך זיך ?

זיצט זיך אין רחובות אַ שטילער ייד הערש סעגאַל, אַ פאַרליבטער אין דיכטע־רישן וואָרט און פון זיין קאַרגער לערער־פּענסיע שפּאָרט ער אָפּ די מיטלען און גיט אַרויס די לידער פון אַ 17יאָריק יידיש מיידל זעלמאַ מערבוים אייזינגער, וועלכע איז אומגעקומען אין טראַנסניסטריע. יידישע לידער געשריבענע אין דייטש אין אַ העפטל, וואָס האָט יאָרנלאַנג געוואַנדערט ביז ס'איז געקומען צו הערש סעגאַלס הענט. און אַז לייב לעווין זעצט איבער אין יידיש די לידער פון דאָזיקן אומגעקומענעם יידישן מיידל און שאַפט צו איינציקע פון זיי מוזיק און רוטעלע

לעווין מאַכט צו זיי שיינע צייכענונגען איז ווער גיט אַרויס דאָס העפטל מיט די יידישע טעקסטן מיט די נאָטן און מיט די צייכענונגען? הערש סעגאַל פון רחובות.

די אלמנה נאָכן גרויסן יידישן משלים־שרייבער אליעזר שטיינבאַרג, די פרוי רבקה שטיינבאַרג ע״ה, וואָס האָט אַלע אירע יאָרן נאָך שטיינבאַרגס טויט אין 1932, אָפּגעהיט שטיינבאַרגס מאַנוסקריפּן־ירושה, לויט אייניקע אפילו צו פיל אָפּגעהיט, זיי דורכפירט די סאָוועטישע דערנאָך די רומענישע גרענעץ, זיי אַריינגעבראַכט קיין ישראל. עס זענען אַרויס אין גייע אויפלאַגעס דער ערשטער באַנד ״משלים״ און דער באַנד ״מעשהלעך״ און צום ערשטן מאָל דער צווייטער באַנד ״משלים״. און איצט איז שוין פרוי שטיינבאַרג אויך ניטאָ, קיין קינדער זענען ניט געווען, די חסידים שטיינבאַרגס זענען פאַרנומען מיט זיך, איז ווער האָט צונויפגענומען אליעזר שטיינבאַרגס געזונגענע לידער ווער האָט מאָביליזירט פרוי יעטי לויפער צו פאַרשרייבן די נאָטן, דעם מאָלער איזיו שערף צו מאַכן דאָס שער־בלאַט און די שיינע צייכענונגען און חיים גינינגערן פון ניו יאָרק צו העלפן צוגרייטן דעם כתב־יד צום דרוק און, דער סאַמע עיקר, ווער האָט די זאַמלונג פון שטיינבאַרגס דרייצן געזונגענע לידער אַרויסגעגעבן? פאַרשטייט זיך, אַז ווידער הערש סעגאַל פון רחובות. איז לאָמיר אים וויניקסטנס זאָגן אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק.

מאיר חריץ

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

### וועלט־ביוראָ פאַר יידיש און יידישער קולטור

פון 31טן יולי ביז 4טן אויגוסט 1978, זענען אין תל־אָביב פאָרגעקומען די גרינדונגס־זיצונגען פון וועלט־ביוראָ פאַר יידיש און יידישער קולטור. סע זענען אויסגעהערט געוואָרן באַריכטן וועגן די יידיש־טעטיקייטן ווי אויך מיינונגס־אויסטוישן צווישן די דעלעגאַטן פון 14 לענדער. אויף דער פייערלעכער דערעפענונג אונטערן פאָרזיץ פון יצחק קאָרן זענען אַרויסגעטראָטן מיט רעפעראַטן פּראָפ׳ דב סדן, פּראָפ׳ אַרטור לערמער (קאַנאַדע) און יצחק יאַנאַסאָוויטש. דעם 4טן אויגוסט זענען די דעלעגאַטן אויפגענומען געוואָרן דורכן נשיא המדינה יצחק נבון, וועלכער האָט אין זיין רעדע האַרציק באַגריסט די אַנוועזנדע און צוגעזאָגט זיין אַלזייטיקע הילף כדי צו דערמוטיקן די יידיש־טעטיקייטן אין ישראל און אין די תפוצות.

## קולטור-אינפאָרמאַציעס

# יידיש-קורסן אין תל-אביבער פאָלקס-אוניווערסיטעט

אין קאַטאַלאָג פון האוניברסיטה העממית פון יאָר תשל״ח 1977/78, געפינען זיך 256 קורסן, צווישן זיי כינעזיש, אַראַביש, ענגליש, רוסיש, דייטש, איטאַליעניש, עספּעראַנטאָ א.א.וו. צום ערשטן מאָל האָט מען דאָס יאָר עטאַבלירט אַ קורס אויף פאַר יידיש.

דער קורס הייסט ״יידיש פאַר אָנהייבער״ און די לעקציעס קומען פאָר צוויי מאָל אַ וואָך, סיי אין די פרימאָרגן־שעהען סיי אין די אָוונטן.

ס׳רוב סטודענטן זענען יוגנטלעכע און אַ סך פון זיי דינען נאָך אין מיליטער, זיי ווערן אָבער באַפרייט פון דער אַרמיי צו דערמעגלעכן זיי צו לערנען יידיש.

אויף דער פראַגע פאַרוואָס זיי לערנען יידיש — האָב איך באַקומען אַ סך ביז גאָר אינטערעסאַנטע ענטפערס.

דאָס רוב פון זיי לערנען זיך לשם קענען די שפּראַך. זיי זענען פשוט מקנא יענע וואָס רעדן פליסיק יידיש און קענען לייענען פון דער יידישער ליטעראַטור אָן שום שוועריקייטן.

אַן אַנדער סיבה איז וואָס עס העלפט צו געשעפט — געשעפט מיינענדיק דערביי די דימענטן־בראַנזשע, ווו יידיש איז די אָפיציעלע האַנדלס־שפּראַך.

אַן אינטערעסאַנטער ענטפער קומט פון אַן אַמעריקאַנער בחור פון פילאַדעלפיע, וועל־כער געפינט זיך פיר יאָר אין לאַנד און דינט אין דער אַרמיי. ער באַפרייט זיך אויף צו קענען לערנען יידיש. ער דערציילט אַז מיט פינף יאָר צוריק, אין פילאַדעלפיע, האָט ער פאַרבלאַנדזשעט אין אַ יידיש ביכער־געשעפט, ווו ער האָט געפונען אַ יידיש לערן־ביכעלע פאַר קינדער. באַצאָלט האָט ער דערפאַר אַ ״דיים״ (10 סענט) און האָט עס אַ היים גענומען ווייזן דעם טאַטן. זעט אויס, אַז ביידע האָבן זיך בשום אופן ניט געקענט ספּראַווען דער־מיט, האָט ער זיך דעמאָלט אַ נדר געגעבן אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועט ער זיך לערנען יידיש. דערביי נעמט ער אַלע מאָל מער ווי איין קאָפּיע פון צוגעגרייטן לערן־מאַטעריאַל, ער פאַרענטפערט זיך, אַז ווען ער קערט זיך אום צו זיין אָפּטיילונג וואַרטן שוין אויף אים זיינע חברים ווו ער חזרט איבער די יידיש־לעקציע מיט זיינע סאָלדאַטן־חברים.

איין סטודענטקע אַרבעט אין אַ לוקסוס־האָטעל און דערציילט, אַז אַ סך יידישע טוריסטן פאָדערן מ׳זאָל מיט זיי רעדן יידיש און ניט ענגליש. אַזוי אַרום פילן זיי זיך מער יידישלעך אין יידישן לאַנד. זיי ווילן זיך דווקא אָדורכשמועסן אויף מאַמע־לשון.

איינע פון די תלמידים אַרבעט אין אַ שפּיטאָל און האָט צו טאָן מיט יידיש־רעדנדיקע פּאַציענטן. יידיש, זאָגט זי, העלפט סיי צום געזונט און סיי צום געבן אָנווייזונגען.

איינע איז צופרידן, וואָס ס'איז געקומען די צייט און זי וועט זיך קענען פאַרשטענדיקן מיט איר משפּחה און ספּעציעל מיט איר 80־יעריקער עלטער־באָבען. זי וועט די אַלטיטשקע באַגריסן דאָס יאָר אויף יידיש ביי דער משפּחה־שמחה און איר גאַנצע משפּחה פרייט זיך, וואָס דאָס אור־אייניקל לערנט זיך יידיש.

אַ פּאָר תּלמידים קומען פון בני־ברק, ווו יידיש איז אַ גאַנגבאַר אַרטיקל. יידיש הערט מען דאָרט אין גאַס און אין שפּייז־קראָם, צווישן שכנים און אַרום די חסידים־שטיבלעך. זיי פילן זיך אויסגעשלאָסן פון דער פרומער געזעלשאַפט אָנעם יידיש־לשון.

איןביידע אָנהייבער־קלאַסן לערנען זיך 30 סטודענטן. אַלע האָבן זיך גלייך באַזאָרגט מיט אוריאל וויינרייכס — טעקסט־בוך "יידיש לאוניברסיטה", ביט קוקנדיק אויפן הויכן פּרייז פון 80 ל"י. דערביי איז אויך געווען אַ גרויסע נאָכפראַגע אויף אַ ווערטער־בוך.

ישראל איז אַ לאַנד אָנגעפּיקעוועט מיט יידיש־אינדזלען. האָט זיך ביים פאָלקס־אוני־ווערסיטעט אין ת"א באַוויזן אַ ניי אינדזועלע. איך האָב שטאַרק הנאה פון די יונגעלייט און מיידלעך, וועלכע קאָנען זיך גאַרניט אָפּוווּנדערן פון אונדזער היימיש לשון, פון די באַחנטע שפּריכווערטלעך פון די קליינע באַשרייבונגען איבערפולט מיט גרויסער פאָלקס־חכמה.

## חינוך — פאַר די דרייסיק יאָר מדינה

דאָס דערציִונגסוועזן אין ישראל האָט זינט דעם מדינה־אויפקום דורכגעמאַכט פאַר־שידענע ענדערונגען — אין פאַרנעם, סטרוקטור און טענדענצן. אין תש"ט (49־1948) האָבן אין 1,342 בילדונגס־אַנשטאַלטן געלערנט אַן ערך 135,000 תּלמידים בעת די צאָל לערערס איז דערגאַנגען צו זעקס טויזנט. אין יאָר תשל"ח (78־1977) לערנען אין אַרום 7,640 דער־ציִונגס — און בילדונגס־אַנשטאַלטן יידישע און אַנדערע, איבער אַ מיליאָן תּלמידים אונטער דער הדרכה פון אַן ערך 55 טויזנט לערערס. כדאַי צו באַטאָנען דעם פאַקט, אַז בעת די אַלגעמיינע באַפעלקערונג איז זינט דעם מדינה־אויפקום געשטיגן כמעט פינף־פאַכיק, איז די "באַפעלקערונג" אין שולוועזן געשטיגן אַכטפאַכיק!

די צאָל תּלמידים אין די הויך־שולן פון ישראל האָט דערגרייכט 90,000 לגבי 1,560 אין תש"ט. נישט בחינם שטייט ישראל אויפן פערטן אָרט אין דער וועלט (נאָך די פאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע און ראַטנפאַרבאַנד, און פאַר ענגלאַנד און פראַנקרייך) מיטן פּראָצענט סטודענטן וואָס שטודירן אין הויכע לערן־אַנשטאַלטן.

אין משך פון לאַנגע יאָרן האָט די הויכע בילדונג אין ישראל זיך קאָנצענטרירט אין די צוויי אַלטע לערן־אַנשטאַלטן — אין חיפהער "טכניון" און העברעיִשן אוניווערזיטעט אין ירושלים. זינט דעם מדינה־אויפקום איז געשטיגן די צאָל אַקאַדעמישע אַנשטאַלטן אַדאַנק דעם וווּקס וואָס איז פאָרגעקומען אין דער צאָל הויכשולן, צעשפּרייטונג פון דער באַפעלקערונג אין אַלע געגנטן און וווּקס פון באַדערפעניש פון דער מדינה, געזעלשאַפט און מאָדערנע עקאָנאָמיק. אַזוי אַרום זענען אַנשטאַנען נאָך אַנשטאַלטן פאַר הויכער בילדונג. דער וויסנשאַפטלעכער ווייצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות וואָס איז אויפגעקומען

צווישן ביידע וועלט־מלחמות, און איז פריער באַקאַנט געווען ווי דער פּאַרש־אינסטיטוט א.נ. פון דניאל זיוו, האָט געעפנט זיינע טויערן פאַר אַ סך מער תלמידים. אויך זענען אַנטשטאַנען: דער תל אביבער אוניווערזיטעט, דער בר־אילן־אוניווערזיטעט אין רמת־גן, דער אוניווערזיטעט אין חיפה און דער בן־גוריון־אוניווערזיטעט אין באר־שבע. חוץ דעם זענען אין פאַרשידענע ערטער אַנטשטאַנען אַ ריי אינסטיטוטן פאַר הויכבילדונג. די רעגי־רונג דעקט אַ גרויסן טייל פון די בודזשעטן פון די הויכשולן און די אַקאַדעמישע ענינים ווערן רעגולירט דורכן ראָט פאַר הויכער בילדונג.

אין תש״ט (1949) האָט די כנסת אַרויסגעגעבן דאָס געזעץ וועגן אָבליגאַטאָרישן חינוך, וואָס האָט פאַרפּליכטעט דער רעגירונג צו געבן אומזיסטע דערציונג אַלע קינדער אין עלטער פון 5—14. אין תשי״ג (1953) איז אין דער כנסת אָנגענומען געוואָרן דאָס געזעץ פון מלוכהשער דערציונג, וואָס האָט אַנולירט די פאַרשידענע דערציונגס־שטרעמונגען אינעם שולוועזן און איינגעפירט מלוכהשע שולן אין צוויי ניואַנסן — אַלגעמיינע און רעליגיעזע. אין תשכ״ח (1968) האָט די כנסת באַשטעטיקט דאָס רעפאָרם־געזעץ אין חינוך וואָס האָט געבראַכט צוו.אנד. דאָס איינשליסן דאָס ניינטע לערן־יאָר אינעם ראַם פון אָבליגאַטאָרישן לימוד, מיט דער טענדענץ אויסצוברייטערן דעם אומזיסטן חינוך אויך פאַר די מיטלשולן, בעיקר אין קרייזן פון יוגנטלעכע וואָס נייטיקן זיך אין באַזונדער פלעגונג. אינמיטן תשל״ח האָט די רעגירונג באַשלאָסן, אָנהייבנדיק פון תשל״ט, צו געבן אומזיסטן חינוך אין אַלע פאַזעס פון מיטלבילדונג. די טענדענץ צו מערן די בילדונג־יאָרן באַקומט אויך אויסדרוק אין איינשליסן דעם פריען עלטער פון קינדערגאַרטן. אַ גרויסער טייל קינדער אין עלטער פון דריי און פיר יאָר, דערונטער די קינדער פון דעם עלטער אין די מושבי עולים און אין נויט־קוואַרטאַלן, לערנען אין אומזיסטע קינדערגאַרטנס, אויסגע־האַלטן דורך דער רעגירונג.

### ״צוותא״ ביידיש

#### 1. די ערשטע טריט

שוין אַ צייט ווי דער באַוווּסטער העברעישער קולטור־געזעלשאַפטלעכער קלוב אין ירושלים ״צוותא״ ווייזט אַרויס אינטערעס צו די טעטיקייטן פון דער היגער יידישער שרייבער־גרופּע. פאַר די פאַריקע יאָרן קאָן מען אָפּמערקן אייניקע ליטעראַרישע אָוונטן ווי צ. ב אַן אָוונט געווידמעט דער שאַפונג פון שרייבער **קלמן סעגאַל** ווי אויך אַ גרעסערע אונטערנעמונג לזכרון דעם גרויסן יידישן שרייבער און דיכטער **אברהם רייזען**.

אין מאַרץ 1978 איז פאַרגעקומען די אָפיציעלע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון אַ סטאַבי־לער יידיש־אָפּטיילונג פון ״צוותא״

דער אָוונט איז פאַרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון דעם קולטור־עסקן חבר **אברהם בערניקער** מיט אַ האַרציקער באַגריסונגס־רעדע איז אַרויסגעטראָטן דער געוועזענער חבר הכנסת **ראובן ארזי**.

וועגן די אויפגאַבן פון ״צוותא ביידיש״, אַ ניי יידיש קולטור־ווינקל, ווו ס׳קאָן פריי

באַהאַנדלט און דיסקוטירט ווערן די אַקטועלע קולטור־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמאַטיק אין מדינת ישראל זענען אַרויסגעטראָטן די שרייבער **אברהם ביק** און **דוד ספּאַרד**.

דער עולם האָט וואַרעם אויפגענומען די נייע שאַפונגען וועלכע ס'האָבן דורכגעלייענט די דיכטער **רחל בוימוואַל, זיאַמע טעלעסין** און **יוסף קערלער**.

אין קינסטלערישן אָפּטייל האָט רעציטירט די שאַפונגען פון **משה קולבאַק** דער אַרטיסט **אברהם גרינשפּאַן**.

צוותא ביידיש וועט שטיין אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער ירושלימער יידישער קולטור־געזעלשאַפט.

## אַן אָוונט געווידמעט דעם נייעם בוך פון יוסף קערלער

ביי דעם אָנטייל פון ירושלימער הסתדרות־אָפּטיילונג איז דעם 12טן אפּריל 1978 פאָר־געקומען אַ ליטעראַרישער אָוונט געווידמעט דעם לעצט־דערשינענעם בוך פון **יוסף קערלער** "12טער אויגוסט, 1952".

פאָרזיצער פון אָוונט פרוי **ליאַליאַ קובלאַנאָוו** האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער וויכטי־קייט פון קערלערס בוך, וואָס אַנטהאַלט אינטערעסאַנטע זכרונות און אָפּהאַנדלונגען וועגן די קאַריפייען פון דער אומגעבראַכטער יידיש־סאָוועטישער קולטור.

מיט גרינטלעכע און גרעסערע אָפּשאַצונגען זענען אַרויסגעטראָטן פּראָפ' **סאָל ליפּצין** און ד"ר **דוד ספּאַרד**. **יוסף קערלער** האָט דורכגעלייענט אַ פראַגמענט פון בוך.

מיט באַזונדער דערפאָלג זענען אויפגענומען געוואָרן די לידער, וועלכע ס'האָט מיט גרויס מייסטערשאַפט געזונגען אונדזער פאָלקס־זינגערין **נחמה ליפשיץ**.

# באַריכט

## פון דער יידישער קולטור-געזעלשאַפט אין ירושלים
## (תשל"ז ביזן 17טן אָקטאָבער)

עס זענען פאָרגעקומען 10 אָוונטן געווידמעט די פאָלגנדיקע טעמעס:

א) ירושלים־אַלמאַנאַך — מיט ד"ר טוביה פרידמאַן אַלס גאַסט־רעדנער א.ד.ט. די פּסיכאָלאָגיע פון יידישן לשון;

ב) אַ חנוכה־פייערונג לכבוד פּראָפעסאָר סאָל ליפּצין'ס 75־סטן יובילייַ;

ג) סימפּאָזיום א.ד.ט. — ירושלים, נייער יידיש־צענטער — דערגרייכונגען און פּערס־פּעקטיוון;

ד) ליטעראַרישער אָוונט לכבוד בינם העלער;

ה) שלושים לזכר ז. ברכות ע"ה;

ו) די ערשטע פאַרטיילונג פון דער סובווענץ אויפן נאָמען פון ד״ר שמואל און רבקה הורביץ ז״ל דעם שרייבער מאיר יעלין;

ז) געטאָ־אָנדענק געווידמעט מגילת אוישוויץ פון בערל מאַרק ע״ה;

ח) אידאַ קאַמינסקאַ — קינסטלערישער פּראָגראַם;

ט) פייערונג צו פּראָפעסאָר דב סדן/ס 75־סטן יובילײ;

י) מאיר חרץ — צום דערשיינען פון זיין ניי בוך פּאָעזיע;

יא) אחוץ דעם האָט די קולטור־געזעלשאַפט, צוזאַמען מיטן פלאַזאַ־האָטעל, איינ־געאָרדנט אַן אָוונט פאַרלעזונגען פון קלמן סעגאַל.

עס זענען אויפגעטראָטן די פאָלגנדיקע שרייבער, קינסטלער און לעקטאָרן: פּראָפ׳ יהושע אריאלי, מיכאל בן־אברהם, רחל בוימוואַל, ד״ר י.ח. בילעצקי, הרב אברהם ביק, ד״ר אשר בלאַנק, אברהם האַרמאַן, בונים העלער, מרדכי חלמיש, מאיר חרץ, זיאַמע טעלעסין, נחמה ליפשיץ, פּראָפ׳ סאָל ליפּצין יאָסל לערנער, מאיר מעלמאַן, חזן מאַזאָ־וויעצקי, אסתר מאַרק, פּראָפ׳ דב סדן, ד״ר דוד ספאַרד, שמעון פינקעל, חיים פינקעלשטיין, ד״ר טוביה פרידמאַן, אברהם ציקערט, אידאַ קאַמינסקאַ, הדסה קעסטין, יוסף קערלער, נחמן ראַפּפּ.

די פּראָגראַם־קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון יעקב ניומאַן, פאַרזיצער. אפרים שעדלעצקי, פּראָפ׳ סאָל ליפּצין, הרב תבורי, יוסף קערלער.

צו דער רשימה פון חודשלעכע פּראָגראַמען דאַרף אויך צוגערעכנט ווערן די יאָרלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אין סך הכל פון 12 פּראָגראַמען אין גאַנג פון יאָר.

## ד״ר שמואל און רבקה הורביץ ליטעראַטור-פאָנד

איינע פון די וויכטיקסטע אויפטוען פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט איז דאָס אויפשטעלן דעם פאָנד אין אָנדענק פון אונדזער געוועזענעם פאַרזיצער און זיין לעבנס־באַגלייטערין. דער ציל פון אַ פערטל מיליאָן פונט אַלס אַ סטאַבילער קרן איז כמעט דערגרייכט געוואָרן — קרוב 200 טויזנט פונט אין מזומן און דאָס איבעריקע אין פאַרפליכטונגען. אין איינקלאַנג מיט לעגאַלע פאָדערונגען, איז געגרינדעט געוואָרן אַ באַזונדערע קערפּערשאַפט מיט אַ פאַרוואַלטונג פון 11 מיטגלידער: יצחק וואַלערשטיין, גרשון וויינער, שרה פעדער, דוד ברעסלאַו, מאיר מאַנדעל, יעקב ניומאַן, עמאַ שייווער, סימאַ סקורקאָוויטש, סאָל ליפּצין, עטל שייפער, חיים ראָזענצווייג. דוד ברעסלאַו האָט אַמטירט אַלט סעקרעטאַר פאַרן ערשטן יאָר און מאיר מאַנדעל איז אויסגעוויילט געוואָרן סעקרעטאַר פאַרן צווייטן יאָר. יעקב ניומאַן האַלט דעם אַמט פון קאַסירער. גרשון וויינער איז פאַרזיצער און יצחק וואַלערשטיין וויצע־פאַרזיצער. די פאַרוואַלטונג האָט באַשטימט אַ זשורי פון 12, אונטערן פאַרזיץ פון פּראָפעסאָר ליפּצין, וואָס האָט אויסגעקליבן דעם מאַנוסקריפּט פון מאיר יעלין פאַר דער סובווענץ פון יאָר 1977. עס איז צוגעטיילט געוואָרן די סומע פון 20 טויזנט פונט. די זשורי פון ערשטן יאָר איז באַשטאַנען פון: יעקב ניומאַן, דוד ברעסלאַו, ד״ר דב בייגין, ד״ר יעקב כהן, יצחק הרכבי, שרה פעדער, פּראָפ׳ יצחק

וואַלערשטיין, פּראָפ׳ דב סדן, פּראָפ׳ אהרן שייפער, אפרים שעדלעצקי, הרב צבי תבורי, דוד גלילי און פּראָפ׳ סאָל ליפּצין, פאַרזיצער.

די זשורי פאַרן קומענדיקן יאָר באַשטייט פון: יצחק הרכבי — פאַרזיצער, פּראָפ׳ דב סדן, הרב צבי תבורי, ד״ר יעקב כהן, דוד גלילי, יעקב ניומאַן, פּראָפ׳ יצחק וואַלערשטיין.

די סובווענץ פון הורביץ־פאָנד איז הייַנט־צו־טאָג די גרעסטע סומע וואָס ווערט אויס־געטיילט צו אַ שרייבער אין יידיש איבער דער גאַנצער וועלט.

## ירושלים-אַלמאַנאַך

מאיר מאַנדעל — פאַרזיצער, יעקב ניומאַן, ליפע פרידמאַן.

די טעטיקייטן זענען געווען דרייפאַכיק: א) פאַרשפּרייטן דעם אַלמאַנאַך ביי יעדער פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט; ב) אָנקניפּן קאָנטאַקטן מעבר לים כדי צו פאַרשפּרייטן דעם אַלמאַנאַך; ג) אַ ספּעציעלע סובווענץ פאַרן נומער לזכר די סאָוויעטיש־יידישע שריי־בער. אונטערן פאַרזיץ פון י. ניומאַן זענען געשאַפן געוואָרן 9.000 ל״י פאַרן ספּעציעלן נומער. דאָס איז מחוץ דעם פאַרקויף פון איינצלנע נומערן.

## ביכער-פאַרקויף

ליפע פרידמאַן — פאַרזיצער.

במשך פון יאָר זענען פאַרקויפט געוואָרן: זשורנאַלן (דער עיקר אַלמאַנאַך און ״ביי זיך״ — איבער 270 עקז. ביי־רערשינענע ביכער פון די שרייבער בער מאַרק, ק. סעגאַל, רחל פישמאַן, בונים העלער, מאיר חרץ, זיגלבוים, נ. ראַפּפּ, ד. פינק, י. קערלער, ש. שחריה — 70 עקז. — אויף דער סומע פון בערך 5,000 ל״י.



# אין פאָנד פון "ירושלימער אלמאנאך"

מיר דאַנקען אונדזערע פריינד און פאַרהערער, וואָס האָבן טיילווייז געהאָלפן דעקן די הוצאות פאַרן נומער 10 פון אונדזער אויסגאַבע:

| | | |
|---|---|---|
| 1. | ירושלימער יידישע קולטור־געזעלשאַפט (פאָרזיצער יצחק הרכבי) | 2000 ל"י |
| 2. | אליעזר ענגעלס־ענגלשטערן (גבעתיים) | 600 ל"י |
| 3. | מרדכי שליטנער (קיראון) | 200 ל"י |
| 4. | סאַמי פעדער (הרצליה) | 100 ל"י |
| 5. | משה זאַלצמאַן (תל־אביב) | 100 ל"י |
| | ס"ה: | 3000 ל"י |

**פון אויסלאַנד:**

| | | |
|---|---|---|
| 1. | מאיר (מאַרטין) און זיין פרוי רבקה שטערן (ברוקלין, נ"י) | $ 100 |
| 2. | שרה און משה פרידמאַן (מיטשיגיין) | $ 100 |
| 3. | דאָראַ און יאַנקל סעגאַל (מאיאַמי) | $ 25 |
| 4. | ווילי שאַר (קאַליפאָרניע) | $ 25 |
| 5. | אָפּענהיים ערנסט־לודוויג (ניו־יאָרק) | $ 25 |
| 6. | מאַקס סאָקאָל (ניו־יאָרק) | $ 25 |
| 7. | טשאַרלז באַנק (ניו־יאָרק) | $ 25 |
| 8. | אברהם בייקאָוויטש (ניו־יאָרק) | $ 25 |
| 9. | יהושע קאָושאַנסקי (ווענעצועלאַ) | $ 25 |
| 10. | פאָול שוחט (ברוקלין, נ"י) | $ 20 |
| 11. | פרוי ג. לייקאָוויטש (ברוקלין) | $ 20 |
| | ס"ה: | $ 415 |

# ביאָ-ביבליאָגראַפיע

מיר גיבן קורצע ביאָ-ביבליאָגראַפישע נאָטיצן וועגן די מחברים, וואָס דרוקן זיך צום ערשטן מאָל אין אונדזער אויסגאַבע.

## יעקב בעלער

צו 15 יאָר זיך אַנגעהויבן דרוקן אין "לעמבערגער טאָגלבלאַט" און אין "המצפה" (קראָקע). שפּעטער געלערנט אין דער ישיבה פון ריישע. פאַרענדיקט דעם העברעישן לערער־סעמינאַר אין לעמבערג און ווינער עקספּאַרט־אַקאַדעמיע. געאַרבעט אַלס העברעישער לערער אין מיינץ (דייטשלאַנד) שפּעטער אין אַרגענטינע. מיטגעאַרבעט אין דער יידישער און העברעישער פּעריאָדיק פון דרום־אַמעריקע.

פון 1927 — אין די פאַראייניקטע שטאַטן. פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען, עסייען, דערציילונגען אין דער יידישער און העברעישער פּרעסע פון אַמעריקע און אייראָפּע, מיטגעאַרבעט אין דער יידיש־ענגלישער פּעריאָדיק פון אַמעריקע, קאַנאַדע און ארץ־ישראל. געווען קאָרעספּאָנדענט פון "דבר", "הצופה" און "פאָרווערטס".

אין בוך־פאָרם: "פון מיין שטעטל אין גאַליציע — דערציילונגען. (לאָנדאָן, 1927). "איבער ווייטע ימען". דערציילונגען (ניו־יאָרק, (1942). "ארץ־ישראל, 1948" (רעפּאָרטאַזשן, געשריבן בעת דער באַפרייאונג־מלחמה פון ישראל). בוענאָס־איירעס, 1949. "איבער צוואַנציק לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער" (בוענאָס־איירעס, 1953) אַרויסגעגעבן אַ בוך אין ענגליש א.נ. "יידן אין לאַטיין־אַמעריקע".

באַקומען אַ פּרעמיע פון יידישן קולטור־קאָנגרעס ווי אויך אַ פּרייז פון פאָרשונגס־אינסטיטוט ביי דער קאַנאַדער רעגירונג.

וווינט אין נתניה. דרוקט זיך פון צייט צו צייט אין "דזשערוזאַלעם פּאָסט" און "מעריב".

## הרב מנחם גוטמאַן

געבוירן אין רומעניע, אור־אייניקל פון בעש"ט: געווען הויפּט־רב אין יאַסי. פון זיינע ספרים: "דרושות שם טוב", "אוצר החסידים והחסידות".

וווינט אין ירושלים, ראש פון "אגודת הרבנים החסידים".

## שמואל טאָפּ

געבוירן אין יאָר 1904 אין נאָווידוואָר (פּוילן). זיך אַנגעהויבן דרוקן אַנהויב 1930 אין דער וואַרשעווער "פאָלקס צייטונג".

געדרוקט זיינע שאַפונגען אין אַלע ליטעראַרישע אויסגאַבן פון וואַרשע ווי אויך אין אויסלאַנד.

געלעבט אין וואַרשע, געווען געזעלשאַפטלעך־טעטיק אין דער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג (בונד) און אין יידישן שול־וועזן פון פוילן.

אין בוך־פאָרם: "אין הויז פון חלומות" (1967) **באַשערטקייט** (לידער) **פרץ־** פאַרלאַג 1978.

## יאָסל לערנער

געבוירן אין שטעטל בריטשאַן — בעסאַראַביע פון 1928—1940 אַרבעט אַלס העברעישער לערער. פון 1940—1941 — יידיש־לערער אין דער סאָוועטיש־יידי־שער שול אין טשערנאָוויץ. פון 1941 ביז 1945 — אין דייטשישן קאָנצ.לאַגער טראַנסניסטריע, דרוקט זיך פון 1929 ("טשערנאָוויצער בלעטער") אין בוך־פאָרם: "דאָס געזאַנג פון דער הינטערגאַס" (פאַרלאַג שלום־עליכם, בוקאַרעשט, 1936) "אַכט מעשהלעך פאַר קינדער" (יאַסי, רומעניע 1937).

געדרוקט זיינע פאַרשידענע שאַפונגען אין "סאָוועטיש היימלאַנד", מאָסקווע, "יידישע שריפטן" און "פאָלקס־שטימע" (וואַרשע), אין פאַריז און ניו־יאָרק.

עולה געווען אין יאָר 1972.

אין ישראל דערשינען צוויי זאַמלונגען: פון **"כעלעמער פינקס"** (**פרץ־פאַרלאַג** 1975) און אין זעלבן פאַרלאַג **"ביז ס׳הייבט אָן טאָגן"** (1977).

## אליעזר ענגלס־ענגלשטערן

געבוירן אין ווילנע. שטאַמט פון אַ משפחה זעצער און פיל יאָרן אַליין געאַר־בעט אַלס זעצער אין יידישע דרוקערייען.

בעת דער היטלערישער אינוואַזיע איבערגעלעבט די יסורים־און ווידערשטאַנד־יאָרן אין פאַרשידענע געטאָס און פאַרטיזאַנער־אָטריאַדן.

דעביוטירט מיט רעפּאָרטאַזשן און קורצע נאָטיצן אין דער רוימער פליטים־צייטונג "בדרך" (1946—1948). סוף 1949 — איבערגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. געאַרבעט אַלס זעצער אין צייטונג "דער טאָג", טאָקע דאָרט און שפּעטער אין אילוסטרירטן זשורנאַל "דער אַמעריקאַנער" (אַרויסגעגעבן דורכן "טאָג־מאָרגן־זשורנאַל"), געדרוקט אין המשכים זיינע זכרונות פון די געטאָס און וועלדער (1954—1955).

עולה געווען אין יאָר 1968. מיטגעאַרבעט אין "ווילנער פינקס" און אין דער אומפּאַרטייאישער "יידישער צייטונג".

ביכער: "פון געטאָס און וועלדער" (פאַרלאַג "הקיבוץ המאוחד", 1972), "מיט די וועגן פון דער שארית הפליטה" (בית ווילנע, 1976).

## יהודה פעלד (יהודה פעלדוורם)

געבוירן אין וואַרשע אין 1906, געלערנט אין אַ חדר, דערנאָך געווען אַ לערניינגל ביי אַ בעל מלאכה. פרי אָנגעהויבן שרייבן. אין 1933 איז דערשינען זיין ראָמאַן אין דריי טיילן „מעגל קוליקס לעבן", אין 1938 — אַ קינדער־דערציי־לונג „פערעלעס הינטל". זיך געדרוקט אין „אינדזל". בעת דער אָקופּאַציע געאַרבעט אין טאָ"ז, איניציירט אונטערערדישע קולטור־ליטעראַרישע אימפּרעזן אין יידיש.

געווען אָרגאַניזאַטאָר און רעדאַקטער פון דער אונטערערדישער קאָמוניסטי־שער פּרעסע אין יידיש. אָנגעשריבן אַ גרעסערע דערציילונג „אין דער צייט פון המן דעם צווייטן" דערשינען אין „יידיש־בוך" אין 1954.

דעם 15טן סעפּטעמבער אַרעסטירט מיט דער משפּחה און דערמאָרדעט אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ צוזאַמען מיט די פּוילישע פריינד, וועלכע האָבן זיי אויס־באַהאַלטן.

## ראָזע פּאַלאַטניק

געבוירן אין שטעטל קראַשניק (לובלינער קרייז, פּוילן), אין יאָר 1904. באַקומען יידיש־טראַדיציאָנעלע דערציונג.

פרי אָנגעהויבן צו שרייבן. אין 1927 אָפּגעדרוקט די ערשטע דערציילונג אין וואַרשעווער „וועלט־שפּיגל". געדרוקט זיך אין דער יידישער פּרעסע פון פּאַריז און געשפּילט אין אַמאַטאָרן־טעאַטער.

אין 1936 עמיגרירט קיין בראַזיל, שרייבט בעלעטריסטיק, אַרטיקלען און רעצענזיעס אין דער יידישער פּעריאָדיק פון לאַטיין־אַמעריקע.

אין בוך־פאָרם: „קראַשניק־ריאָ" מיט אַ הקדמה פון מלך ראַוויטש. פאַרלאַג מאָנטע־סקאָפּוס 1953, ריאָ).

„ביים געוויש פון אַטלאַנטיק" (1977 אין זעלבן פאַרלאַג) „דרייצן דערציילונ־גען" (1961) מיט אַ פאָרוואָרט אין פּאָרטוגעזיש פון נעלסאָן ווײנער.

„געקליבענע דערציילונגען" (פאַרלאַג „ביבלאָס" ריאָ־דע זשאַנעירא 1966).

אייניקע ביכער פון ראָזע פּאַלאַטניק זענען אויך איבערזעצט געוואָרן אין פּאָרטוגעזיש און אין עברית.

## מנוחה ראַם (רבקה וואַלדמאַן)

געבוירן אין זשעטל (פּוילן). פאַרענדיקט די ציש"אָ־שול און דעם ווילנער לערער־סעמינאַר.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אין פאַרשיקונג אין ס"פ.

אין 1946 — צוריק אין פּוילן. זינט 1948 — אין פּאַריז. געאַרבעט אַלס לערערין אין די יידישע צוגאָב־שולן. די לעצטע צען יאָר לעקטאָרין אויף יידיש אין די אוניווערסיטעטן „שאַרל־V" און „אָריענטאַלישע שפּראַכן".

דעביוטירט נאָך דער מלחמה — דערציילונגען און נאָוועלן אין פאַרשידענע צייטשריפטן.

אין בוך־פאָרם: "וווייטער פון טראַקט" — דערציילונגען ("מיניאַטיור־ביבליאָ־טעק" פאַריז, 1961).

"ווינטן" (פאַרלאַג "יידבוך". בוענאָס־איירעס, 1964).

"אַרום דער ווערבע" ("ישראל־בוך", ת־א 1970).

דאָס בוך "ווינטן" איז איבערזעצט געוואָרן אין פראַנצויזיש און אין עברית.

אין עברית איז אויך אַרויס דאָס בוך "סיפור הסיפורים" איבערזעצט פון משה יונגמאַן (פאַרלאַג מ. ניומאַן, תל־אביב, 1974).

## הדסה רובין

געבוירן אין אוקראַינע, געלעבט פון די פריסטע יאָרן אין פוילן, אין 1960 געקומען קיין ישראל.

די ערשטע לידער געדרוקט אין 1937 אין זלמן רייזינס "דער ווילנער טאָג", דערנאָך אין פאַרשידענע צייטשריפטן פון פאַרשידענע לענדער. געהערט צו דער גרופע "יונג־ווילנע", געווען אַ מיטאַרבעטערין פון די וואַרשעווער "יידישע שריפ־טן", אַרויסגעגעבן פיר לידער־ביכער. דאָס פערטע אין ישראל.

